די פֿאָרש־אַרבעט פֿאַר דעם דאָזיקן בוך איז
דערמעגלעכט געוואָרן אַ דאַנק דער סטיפּענדיע, וואָס
דער מחבר האָט באַקומען פֿון דער אָנדענק־פֿונדאַציע
פֿאַר יידישער קולטור אין ניו־יאָרק

יאָנאַס טורקאָוו

# דער סוף פון אילוזיעס

פון פּאַקט אין מינכען ביז צו די גאַזקאַמערן אין אוישוויץ



פאַרלאַג „המנורה" תל־אביב
תשל"ב — 1972

JONAS TURKOW

**THE END OF ILLUSIONS**

יאָנאַס טורקאָוו / **דער סוף פון אילוזיעס**

**פאַרלאַג „המנורה״ רח׳ זנגביל 24, תל־אביב, ישראל**

**"Hamenora", Publishing House, 24 Zangwil St., Tel-Aviv, Israel**



**ארויסגעגעבן אַ דאַנק דער הילף ·**
**פונעם פאָנד פון מדינה פרעזידענט, מר זלמן שזר.**
**פון פאָנד פון עליזאַבעט און ווילי שאָר ביים יידישן שרייבער־**
**פאַריין אין ישראל, און פון ליטעראַטור־ און הילפס־פאָנד פאַר**
**שרייבער פון ראַטנפאַרבאַנד און ישראל**

**דפוס „מופת״, י. ריזמן, ת״א, רח׳ עין־הקורא 6, טל. 32968**

# אינהאַלט

## דער אָנזאָג

דער אויסטויש — אויף וויפל ער איז נוגע יידן — איז, בעת דער היטלער־תקופה געווען נישט קיין אָפּגעזונדערטער מלחמה־עפּיזאָד, נייערט איין רינג אין דער לאַנגער קייט פון נאַצישע יידן־פאַרפאָלגונגען. זיי זענען כסדר געוואַקסן און האָבן זיך בהדרגהדיק געשטאַרקט.

דער אויסטויש פון יידן, וואָס האָבן געהאַט אויסלענדישע פּאַפּירן — אויף דייטשן, וועלכע האָבן זיך געפונען מחוץ די גרענעצן פון דייטשלאַנד, איז, אין קעגנזאַץ צו די אויסלענדישע בירגער — קריסטן, אַרויסגעשוואומען ווי אַ פּועל־יוצא פון דער פּאָליטיק, וואָס די נאַציס האָבן געפירט לגבי יידן.

דאָס קאַפּיטל אויסטויש פון יידן איז געווען פאַרבונדן מיט דער געשטאַלטיקונג פון פּראָבלעמען, וואָס די נאַציס האָבן פּלאַנמעסיק דורכגעפירט אין לעבן, אויפן סמך פון דער דורך זיי באַשטימטער „ענדלייזונג" פון דער יידן־פראַגע. די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט דאָך איר פּראָגראַם באַזירט, קודם כל, אויף אַנטי־יידישער פּאָליטיק.

אין פּאַראַגראַף 4 פון די נ.ס.־טעזעס זענען גענוי אָנגעוויזן געוואָרן די גרונטליניעס, ווי אַזוי אויסצופאָרמירן די אָנגעצייכנטע אויפגאַבעס.

די אַנטי־יידישע פּאָליטיק, וואָס האָט געהערט צו די אידעאָלאָגישע יסודות פון דער נאַצי־פּאַרטיי, האָט זיך אָנגעהויבן פון דעם ערשטן טאָג אָן פון איר אַנטשטייונג, דאָס הייסט — נאָך איידער היטלער איז געקומען צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד. זייענדיק פאַרשפּאַרט אין דער לאַנדסבערגער תפיסה[1], האָט היטלער, אין זיין בוך, וואָס ער האָט דאָרט אָנגעשריבן א"נ „מיין קאַמף", געוואָרנט קעגן דער יידישער געפאַר, וואָס דראָט דער וועלט.

„די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע באַוועגונג — האָט ער געשריבן — האָט פאַר זיך די גרויסע אויפגאַבע אומאויפהערלעך צו אַלאַרמירן קעגן דער סכנה, וואָס שוועבט איבער דער מענטשהייט מצד איר גרעסטן שונא — דעם ייד, — וואָס איז שולדיק אין אַלע אירע צרות און ליידן".

„די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע באַוועגונג — פּרעדיקט ווייטער היט־לער אין „מיין קאַמף" — איז ענדלעך געלונגען אַ שטויס צו געבן פאַרויס די יידן־פראַגע און פאַרוואַנדלען דעם יידישן פּראָבלעם אין אַ טרייב־קראַפט פון אַ גרויסער פאָלקס־באַוועגונג".

היטלער האָט, אין זיין ווילדן האַס צו יידן, זיך באַמיט צו באַ־איינפלוסן די דייטשן, אַז דער ייד איז דער גרעסטער העצער קעגן דייטש־לאַנד, און ער טוט אַלץ, כדי צו צעשטערן דאָס דייטשישע פאָטערלאַנד. מוז מען דעריבער קעמפן קעגן דער יידישער געפאַר.

„דאָס פאַרניכטן פון דייטשלאַנד — שרייבט היטלער — איז דער הויפּטציל פון די יידישע אינטערעסן. די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע באַ־וועגונג מוז זאָרגן דערפאַר, אַז מען זאָל, ווייניקסטנס אין אונדזער לאַנד, דערקענען דעם בלוטיקסטן קעגנער. דער קאַמף קעגן יידן דאַרף דינען ווי אַ לייכטנדיקער צייכן פון אַ ליכטיקער תקופה אויך פאַר אַנדערע פעלקער און זיי אָרויספירן אויפן וועג צו אַ ריינער אַרישער מענטשהייט".

די אַנטי־יידישע לערע האָבן די אָנפירערס פון דער נאַצי־פאַרטיי אָנ־געהויבן צו פאַרשפּרייטן ביי אַלע זייערע פאַרזאַמלונגען און עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען, דורך זייער פאַרטיי־פּרעסע („דער שטירמער" א"אַ) און צוזאַמען מיט זייערע פאַנאַטישע מאמינים זייען, ביי יעדער געלעגנהייט, האַס און שנאה צו יידן.

די תורה פון היטלערס יידן־האַס אין „מיין קאַמף" איז געוואָרן איינע פון די הויפּט־דאָגמעס פון נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישן קרעדאָ. זי האָט אָבער אָנגענומען פּראַקטישע פאָרמען ערשט אין יאָר 1933, באַלד נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט. דעמאָלט האָבן זיך אָנגעהויבן די סאַנקציאָ־נירטע יידן־פאַרפאָלגונגען, געשטיצט אויף דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער געזעצגעבונג, וואָס די פאַרטיי האָט אויסגעאַרבעט.

די אַנטי־יידישע פּאָליטיק, וואָס האָט דורכגעמאַכט פאַרשידענע

גילגולים, האָט, אין האַרבסט, 1938, אָנגענומען גאָר האַרבע פאָרמען, דערגרייענדיק צו אַ מצב פון פולשטענדיקן עלימינירן יידן פונעם עקאָנאָמישן, קולטורעלן, פּאָליטישן און רעכטלעכן לעבן אין דייטשלאַנד.

די נאַציס האָבן זייערע שאַרפע סאַנקציעס מאָטיווירט, מכלומרשט, צוליבן דערשיסן איינעם פון די דייטשישע אַמבאַסאַדע־סעקרעטאַרן אין פּאַריז — ערנסט פאָן ראַט. דער אַטענטאַט איז דורכגעפירט געוואָרן דעם 7טן נאָוועמבער 1938, דורך דעם 17־יאָריקן ייד, הערשל גרינשפּאַן.

דער מאָרד אין פּאַריז האָט בלויז געדינט פאַר די דייטשן ווי אַ פּרעטעקסט אָנצוהייבן די לייזונג פון דער יידן־פּראָגע. דאָס זעט מען בולט פון אַ צירקולאַר, וואָס דאָס דייטשישע אויסערן־מיניסטעריום האָט פאַנאַנדערגעשיקט דעם 25סטן יאַנואַר 1939, אונטער דער איבערשריפט „די יידן־פּראַגע ווי אַ פאַקטאָר אין דער דייטשישער אויסערן־פּאָליטיק אין יאָר 1938" [2].

די פאַזע פון דער אַנטיסעמיטישער נאַצישער פּאָליטיק ווערט אין דעם צירקולאַר געגוי אַנאַליזירט און קומט צום פאָלגנדיקן אויספיר: „עס האָט זיכער נישט קיין דירעקטן שייכות מיט דעם, וואָס דאָס גורלדיקע יאָר 1938 האָט צוזאַמענגעפאַרט די לייזונג פון דער יידישער פראַגע מיט דער פאַרווירקלעכונג פון דער אידעע פון אַ גרויס־דייטשלאַנד. די יידישע פּאָליטיק איז געווען די גרונטלאַגע, ווי אויך אַ רעזולטאַט פון געשעענישן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין יאָר 1938. דער אַלץ מער שטייגנדיקער איינפלוס, ווי אויך דער צעשטערערישער יידישער גייסט אין דער פּאָליטיק, ווירטשאַפט און קולטור — ווערט ווייטער געזאָגט אין דעם צירקולאַר — האָט משפיע געווען אויף דער טרייבקראַפט און שטאַרקן ווילן פון דייטשישן פאָלק זיך ווידער צו דערהייבן, זיך צו באַזינען — אפשר איצט נאָך מער ווי אין די צייטן פון דער מאַכט־פּאָליטיק פון די פריִער־דיקע פיינטלעכע מדינות, בעת דער (ערשטער — י. ט.) וועלט־מלחמה.

„כדי אויסצוהיילן דאָס פאָלק פון דער דאָזיקער (יידישער — י. ט.) קראַנקייט, איז, דעריבער, איינע פון אונדזערע הויפּט־אויפגאַבעס געווען איינצוהאַלטן די טרייבקראַפט, כדי אין יאָר 1938 זיך קאָנען צוזאַמענ־בינדן מיטן פאַרגרעסערטן דייטשלאַנד — להכעיס דער וועלט".

די נאַציִשע יידן־פאַרפאָלגונגען אין דייטשלאַנד, וואָס זענען ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה געווען גענוג שווער, קאָן מען אָבער באַין אופן נישט פאַרגלייכן מיט דער אומברחמנותדיקער פּאָליטיק, וואָס די דייטשן האָבן, אין די דורך זיי אָקופּירטע געביטן, דורכגעפירט לגבי יידן בעת דער מלחמה גופא.

דעם 12טן נאָוועמבער 1938 איז אין בערלין אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ מיניסטאָרן־קאָנפערענץ, אונטער דעם פאָרזיץ פון הערמאַן גערינג[3]. אין דער קאָנפערענץ האָבן זיך באַטייליקט: יאָזעף געבעלס, דער רייכס־ווירטשאַפטס־מיניסטער וואַלטער פונק, דער שטאַטס־סעקרעטאָר פון אי־נערן־מיניסטעריום און קאָמענטאַטאָר פון די נירענבערגער געזעצן — ד״ר וואַלטער שטוקאַרט, דער הויכער באַאַמטער פון אויסערן־מיניסטע־ריום — ערנסט ווערמאַן, דער אָבער־רעגירונגס־ראַט ד״ר האַנס גלאָב־קע[4] — פון אינערן־מיניסטעריום, וואָס האָט אויך מיטגעהאָלפן ביים אויס־אַרבעטן די אַנטי־יידישע געזעצן, דער שעף פון דער זיכערהייטס־פּאָליציי און פון דער עס־דע (זיכערהייטס־דינסט) ריינהאַרד היידריך, און אַנדערע הויכע נאַצי־באַאַמטע.

אויף דער דאָזיקער קאָנפערענץ זענען באַהאַנדלט געוואָרן פאַרשי־דענע פאָרשלאָגן וועגן באַזייטיקן די יידן פון דייטשלאַנד. צו דעם צוועק איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן געהעריקע אויסוואַנדערונגס־אַמטן. עס איז אויך באַשטימט געוואָרן צו ענדערן דעם פּלאַן פון עוואַקואַציע אויף אַ ביאָלאָגישער עקסטערמינאַציע פון די יידן.

בערך דריי יאָר שפּעטער, אין חודש יולי 1941, האָט גערינג אַרויס־געגעבן אַ באַפעל וועגן דער ענדגילטיקער לייזונג פון דער יידן־פראַגע און אויפגעפאָדערט אַנצוהייבן די צוגרייטונגען צו דער יידן־אויסראָטונג.

אין זיין ווענדונג צום שעף פון דער זיכערהייטס־פּאָליציי און זיכער־הייטס־דינסט, דעם עס־עס־גרופּענפירער, ריינהאַרד היידריך, שרייבט גע־רינג (אויסרעכענענדיק דערביי זיין גאַנצן יחוס־בריוו, ווי: רייכסמאַרשאַל פון גרויס־דייטשלאַנד, באַאויפטראַגטער פאַר דעם פיריאָר־פּלאַן, פאָרזי־צער פון מיניסטאָרן־ראַט פאַר דער רייכס־פאַרטיידיקונג א״אַ): „אין דער־גאַנצונג צו דער אויפגאַבע, וואָס איז אייך איבערגעגעבן געוואָרן דעם

24סטן יאַנואַר 1939, אין שייכות מיט דער יידן־פּראַגע, וועגן אויסוואַנדערונג אָדער עוואַקואַציע, פֿאָדער איך אייך אויף דורכצופירן, אין אַ פאַרהעלטנישמעסיק קורצער צייט, אַלע נייטיקע צוגרייטונגען אין אָרגאַניזאַטאָרישער, זאַכלעכער און מאַטעריעלער הינזיכט, פאַר אַן אַלגעמיינער לייזונג פון דער יידנפראַגע, אין גאַנצן דייטשישן איינפלוס־געביט פון אייראָפּע.

„...איך פֿאָדער אייך אויף מיר צוצושטעלן תיכף ומיד אַן אויספירלעכן פּלאַן פון אַלע אָנגענומענע מאָסמיטלען, כדי דורכצופירן די געשטרעבטע ענדלייזונג פון דער יידנפראַגע"...

בעת אַ באַגעגעניש מיט בעניטאָ מוסאָליני (דעם 20סטן יוני 1940), האָט אים אַדאָלף היטלער פאָרגעשטעלט אַ פּלאַן פון עוואַקואַציע פון די יידן קיין מאַדאַגאַסקאַר, וואָס איז נאָך דעמאָלט געווען אַ פראַנצויזישע קאָלאָניע. דער מאַדאַגאַסקאַר־פּלאַן איז דורך היטלערן פאַרטראַכט געוואָרן נאָך לאַנג פאַר דעם אויסברוך פון דער מלחמה (אין יאָר 1935). פראַנקרייך האָט זיך אָבער קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט אויפצונעמען די יידן אויפן אינדזל מאַדאַגאַסקאַר. ערשט נאָכן באַזיגן פראַנקרייך אין מאַי 1940, איז דער מאַדאַגאַסקאַר־פּלאַן ווידער געוואָרן אַקטועל. די אויפגאַבע אויסצואַרבעטן דעם גענויעם פּלאַן פאַר דער איבערוואַנדערונג פון די יידן קיין מאַדאַגאַסקאַר, איז איבערגעגעבן געוואָרן אַדאָלף אייכמאַן.

נאָך דעם ווי דייטשלאַנד איז אָנגעפאַלן אויף רוסלאַנד (דעם 22סטן יוני 1941), און נאָכן אַריינטרעטן פון די פאַראייניקטע שטאַטן אין דער מלחמה (דעם 7טן דעצעמבער 1941), האָבן די נאַציס אָנגעהויבן דורכצופירן די ביאָלאָגישע פאַרניכטונג פון דעם אייראָפּעישן יידנטום. דער מאַדאַגאַסקאַר־פּלאַן איז אין חודש יולי 1941 אין גאַנצן בטל געוואָרן. דער טערמין „מאַדאַגאַסקאַר" איז אָבער ווייטער באַנוצט געוואָרן ווי אַ סינאָנים פון דער ענדלייזונג פון דער יידנפראַגע, — ווי מען זעט עס פון עס־עס־הויפּט־שטורמפירער באַראָן וויסליצעניס באַריכט, פונעם 18טן נאָוועמבער 1946 [5].

דעם 20סטן יאַנואַר 1942 איז אין דער בערלינער פאָרשטאָט וואַנזע (גראָס־וואַנזע נומ' 58—56) פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ, וועלכע איז באַ־

קאָנט א״ב „וואַנזע־פּראָטאָקאָלן״. דאָרט איז געגנוי אַרומגערעדט געוואָרן דער ענין וועגן דער ענדלייזונג פון דער יידנפראַגע, און עס איז אויך אויסגעאַרבעט געוואָרן דער פּלאַן צו פאַרניכטן עלף מיליאָן יידן פון אייראָפּע.

אויף דער דאָזיקער קאָנפערענץ, אין וועלכער עס האָבן זיך צ״א באַטייליקט היינריך מילער און אַדאָלף אייכמאַן, האָט דער שעף פון דער זיכערהייטס־פּאָליציי און זיכערהייטס־דינסט, ריינהאַרד היידריך, וועלכער איז געווען דער פאָרזיצער פון דער קאָנפערענץ, איבערגעגעבן די פאַרזאַמלטע, אינסטרוקציעס ווי אַזוי דורכצופירן, אין אַ צוגעאײַלטן טעמפּאָ, די „אויסוואַנדערונג״ פון די יידן, אָדער ווי די דייטשן האָבן עס אָנגערופן: די אויסזידלונג [6].

אַ ספּעציעלע צענטראַלע אינסטאַנץ פאַר אויסוואַנדערונג איז, לויט געריגגס פאַראָרדענונג, געשאַפן געוואָרן אין חודש יאַנואַר 1939. בראש פון דער ניי־געשאַפענער אינסטיטוציע איז געשטאַנען דער שעף פון דער זיכערהייטס־דינסט און זיכערהייטס־פּאָליציי. די נייע אינסטאַנץ האָט פאַרביטן דעם פריִערדיקן יידנרעפעראַט, וואָס האָט עקזיסטירט ביי דער זיכערהייטס־דינסט פונעם יאָר 1936, און איז געשטאַנען אונטער דער לייטונג פון פאָן מילדענשטיין. דער נייער יידנרעפעראַט ביים רייכס־זיכערהייטס־הויפּטאַמט איז איבערגעגעבן געוואָרן אַדאָלף אייכמאַן, ווי אַ טייל פון געשטאַפּאָ, און איז באַצייכנט געוואָרן מיט די ציפערן IV B-4.

דער הויפּטציל פון דעם רעפעראַט איז געווען אויסצורייניקן אַלע דייטשישע געביטן פון יידן. היות אין יענער צייט האָבן די דייטשן נאָך נישט געקאָנט, צוליב אָביעקטיווע סיבות, דורכפירן די ענדגילטיקע לייזונג פון דער יידנפראַגע, האָבן זיי באַשלאָסן אַרויסצולאָזן די יידן קיין אויסלאַנד — פאַר אויסקויף־געלט. די אויסקויף־טראַנזאַקציע האָט אָבער גורם געווען גרויסע קאָמפּליקאַציעס און פינאַנסיעלע שוועריקייטן נישט נאָר פאַר די יידן אין דייטשלאַנד, נייערט אויך — און דאָס קודם כל — צוליב דער נעגאַטיווער איינשטעלונג פון די רעגירונגען פון די אויסלענדישע מדינות, וועלכע האָבן געדאַרפט אויפנעמען ביי זיך אין לאַנד די איינגעוואַנדערטע יידן.

דעם ערשטן סעפטעמבער 1939, האָט היטלער געהאַלטן זיין גרויסע רעדע אין רייכסטאַג, אין וועלכער ער האָט צווישן אַנדערן, געזאָגט: „געווען אַ צייט ווען די יידן אין דייטשלאַנד האָבן געלאַכט פון מיינע נבואות. איך ווייס נישט צי זיי לאַכן נאָך איצט אויך, אָדער זיי האָבן שוין פאַרלוירן דעם חשק צו לאַכן. איך קאָן אייך אָבער אויך איצט פאַר־זיכערן: זיי וועלן אויפהערן צו לאַכן אומעטום. זייט זיכער: מיין איצ־טיקע נבואה וועט אויך מקוים ווערן".

*

ביז צום סוף יאָר 1937 האָבן דייטשישע יידן, וואָס האָבן פאַרמאָגט אַ קאַפּיטאַל פון ווייניקסטנס 30.000 רייכסמאַרק, אָדער פאַרלעך, וועלכע האָבן געקאָנט אויסווייזן, אַז זיי באַזיצן אַ קאַפּיטאַל פון 50.000 רייכס־מאַרק, געקאָנט מיטנעמען מיט זיך, בעת דער אויסוואַנדערונג, אַ גאַנץ קליינע סומע פון זייער פאַרמעגן. דאָס איבעריקע געלט האָבן די דייטשן פאַרהאַלטן און עס מכלומרשט באַשטימט פאַר אַ פאָנד, פון וועלכן די אויסגעוואַנדערטע יידן האָבן געדאַרפט געניסן, דורך פאַרשידענע הלוואות.

די הלוואות האָבן אָבער נישט געהאַט קיין שום פּראַקטישן ווערט. דאָס האָט נאָר געדאַרפט דינען ווי אַ באַווייז, אַז דער אויסוואַנדערער באַ־זיצט די נייטיקע סומע געלט, וואָס זאָל אים דערמעגלעכן צו באַקומען אַן אויסלענדישע וויזע. באַלד נאָכן באַקומען די וויזע, האָבן די דייטשן קאָנ־פיסקירט דעם יידס פאַרמעגן, נאָך איידער ער האָט באַוויזן אויסצוּוואַנדערן פון לאַנד. דאָס איז, הייסט עס, געווען פּשוט אַ שווינדל, כדי אַזוי אַרום אויסצונאַרן ביי די יידן פיל צענדליקער מיליאָנען.

ביז צום 31סטן אָקטאָבער 1941, האָבן פון דייטשלאַנד און פון די דורך זיי אָקופּירטע געביטן, אויסגעוואַנדערט קיין אויסלאַנד 537.000 יידן, לויט דער פאָלגנדיקער איינטיילונג:

| | |
|---|---|
| פון 30סטן יאַנואַר 1933 — פון דייטשן רייך | 360.000 יידן |
| פון 15טן מערץ 1938 — פון עסטרייך | 147.000 יידן |
| פון 15 מערץ 1939 — פון טשעכיע | 30.000 יידן |

די גאַנצע אויסוואַנדערונג קיין אויסלאַנד איז פינאַנסירט געוואָרן אויסשליסלעך דורך די יידן אַליין, אָדער דורך יידישע פּאָליטישע און פּאַרטייִשע אָרגאַניזאַציעס אין אויסלאַנד. צווישן די אָרגאַניזאַציעס האָט זיך געפונען אויך די געהיימע גרופּע פון ארץ־ישראל, א״נ „מוסד לעליה ב׳״.

אויך דאַנציג דאַרף, צוליב איר עטנישער לאַגע, פאַררעכנט ווערן צו דער קאַטעגאָריע יידן פון דייטשלאַנד. דעריבער וועט זיין אינטערעסאַנט איבערצוגעבן אייניקע פּרטים, אין שייכות מיט דער דאָזיקער שטאָט [7].

ביזן יאָר 1933 האָבן אין דאַנציג געלעבט איבער 10.000 (צען טויזנט) יידן. פון דעמאָלט אָן האָט זיך אָנגעהויבן די אויסוואַנדערונג, וואָס האָט אַרומגענומען איבער 4 טויזנט יידן. ביים סוף 1939 האָט שוין דאַנציג געציילט נישט מער ווי 1.000 יידן. די מאַסן־אויסוואַנדערונג האָט זיך אָנגעהויבן, ווייל מען האָט פאָרויסגעזען די גיכע אַנעקסיע פון דער פריי־שטאָט דאַנציג און איר אַנשלוס צום דריטן רייך, (די נאַצישע געזעצן האָט די דאַנציגער שטאָט־פאַרוואַלטונג אָנגעהויבן איינצופירן נאָך פאַרן אַנשלוס). די מערהייט יידן, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען אויך פוילישע בירגער און שטאַטלאָזע — לרוב אַזעלכע, וואָס זענען בשעתו אַוועק פון רוסלאַנד און געפונען אַ מקום מקלט אין דאַנציג, האָבן אָנגע־הויבן צו פאַרלאָזן די שטאָט שוין אונטער דער הערשאַפט פון דער נאַצי־שער שטאָט־פאַרוואַלטונג. דאַנציג איז, פּאָליטיש, נאָך אַלץ געווען אָנגע־שלאָסן צו פוילן.

יעדער ייד האָט געזוכט אַ מעגלעכקייט אויסצוואַנדערן. די, וואָס האָבן געהאַט אויסלענדישע פּאַפּירן, ווי אויך סערטיפיקאַטן פון ארץ־ישראל, אָדער געהאַפט אַזעלכע צו באַקומען, זענען אַוועק קיין האָלאַנד אָדער דענעמאַרק. אַ סך יידן האָבן זיך געלאָזט מיט שיפן קיין איטאַ־ליע — דורך טריִעסט און גענוא — אַזוי לאַנג ווי מוסאָליני איז נישט צוגעטראָטן צום קריג.

אין יענער צייט איז געלונגען אַרויסצופירן פון דאַנציג קיין ענג־לאַנד — גאַנץ לעגאַל — 122 יידישע קינדער אין שול־עלטער. זיי זענען אַוועק פון דאַנציג אין פיר טראַנספּאָרטן: דעם 3טן מאַי 1939 —

74 קינדער, דעם 5טן יולי 1939 — 6 קינדער, דעם 10טן יולי 1939 — 16 קינדער, און דעם 23סטן אויגוסט 1939 — גראַד אַ וואָך פאַר דער אַנעקסיע פון דער שטאָט — 26 קינדער.

די אויסוואַנדערונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע איז אָנגעקומען אַ סך שווערער. כאָטש די מענטשן האָבן שוין געהאַט „אַפּי־דעוויטס" און קוואָטע־נומערן, וואָס זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ סך פריִער, האָט דער אַמעריקאַנער קאָנסול אין דאַנציג זיך נישט געאײַלט מיטן אַרויסגעבן אַ וויזע. פאַר אַ ייִד, און בפרט פאַר אַזעלכן, וואָס האָט געשטאַמט פון פּוילן, איז געווען כמעט אוממעגלעך אַרויסצובאַקומען פון קאָנסול די נייטיקע דערלויבעניש.

אין חודש אָקטאָבער 1938 האָט דער דעמאָלטיקער פּאַרזיצער פון דער ייִדישער קהילה אין דאַנציג, קורט איטציג, אָנגעהויבן צו מאַכן אַלע צו־גרייטונגען פאַר אַ גרעסערער אויסוואַנדערונג פון די דאַנציגער ייִדן קיין ארץ־ישׂראל. דער ערשטער טראַנספּאָרט איז אָפּגעגאַנגען פון דאַנציג דעם 3טן מאַרץ 1939, מיט לעגאַלע סערטיפיקאַטן, און איז אָנגעקומען בשלום קיין ארץ־ישׂראל. דער צווייטער טראַנספּאָרט ייִדן איז אָפּגעגאַנ־גען פון דאַנציג שוין נאָכן אַנשלוס צום דריטן רײַך, דעם 22סטן נאָוועמ־בער 1939, קיין יוגאָסלאַוויע, און דאָרט געוואַרט אויף די פּאַלעסטינער סערטיפיקאַטן, וואָס האָבן געדאַרפט פאַר זיי אָנקומען. דערווײַל איז יוגאָסלאַוויע אָקופּירט געוואָרן דורך די דײַטשישע אַרמייען (דעם 6סטן אַפּריל 1941), און די דאַנציגער ייִדן זענען דאָרט דערשאָסן געוואָרן דעם 19טן אָקטאָבער 1941. פון דער גרופּע, וואָס איז באַשטאַנען פון 50 ייִדן, איז נאָר דריי געלונגען זיך צו ראַטעווען פון דער עקזעקוציע.

דער דריטער טראַנספּאָרט — אַגב, דער לעצטער — איז אָפּגעגאַנגען פון דאַנציג דעם 26סטן אויגוסט 1940.

אַ גרויסע רייזע־ביוראָ אין ווין האָט זיך אונטערגענומען אויסצו־אַרבעטן בײַ די געהעריקע דײַטשישע מאַכט־אָרגאַנען אַ דערלויבעניש אויף מאַסן־אויסוואַנדערונג פון די ייִדן פון עסטרײַך און דײַטשלאַנד קיין ארץ־ישׂראל. צו דער דאָזיקער טראַנזאַקציע האָט מען פאַרגעלייגט צו־צוציִען די טויזנט ייִדן פון דאַנציג. דאָס ווינער רייזע־ביוראָ האָט צו דעם

צוועק אָוועקגעשיקט קיין דאַנציג אירס אַ פּאַרטרעטער, כדי צו אָרגאַנזשירן די רייזע. פון דאַנציג האָט די גרופּע געדאַרפט פאָרן מיט דער באַן קיין פּרעסבורג (בראַטיסלאַווע), פון דאָרט — דורך דער דאַנאַו קיין רומעניע, און ווייטער — פון קאָנסטאַנצאַ, מיט גריכישע שיפן, קיין ארץ־ישראל. די גאַנצע אונטערנעמונג איז געווען אויסגערעכנט אויף דריי חדשים צייט.

די יידישע קהילה אין דאַנציג האָט אָבער פאַר דעם טראַנספּאָרט שוין נישט געהאַט מער קיין געלט. דאָס גאַנצע יידישע פאַרמעגן, וואָס איז באַשטאַנען פון פיר מיליאָן דאַנציגער גולדן איז דורך די נאַציס „דעפּאָנירט" געוואָרן אין דער „דאַנציגער באַנק", ווו זיי האָבן געעפנט אַ ספּעציעלע „יודען־קאָנטאָ". די שליטה איבער דעם פאָנד האָט געהאַט דער דערצו ספּעציעל באַשטימטער קאָמיסאַר — ראָבערט זאַנדער.

אַ געוויסע סומע געלט צו דעקן די רייזע־הוצאות, פון די אין דאַנציג פאַרבליבענע טויזנט יידן, ביז צו דער שיף אין בראַטיסלאַווע, האָט דער קאָמיסאַר באַפרייט פון דעם „יודען־פאָנד", נאָכן אָפּרעכענען 25 פּראָצענט לטובת דער באַנק. כדי צו דעקן די גאַנצע רייזע האָט מען געדאַרפט האָבן די סומע פון 100.000 (הונדערט טויזנט) דאָלאַר. דאָס האָט שוין געזאָלט אַרומנעמען די הוצאות פון דער ווייטערדיקער רייזע — אויף אויסאַרבעטן די פאַרשידענע דערלויבענישן, אָפּצאָלן, כאַבאַר, אאז"וו — ביז ארץ־ישראל. די דאָזיקע סומע האָבן די דייטשן נישט געוואָלט באַפרייען פון דעם „יודען־פאָנד".

די יידישע קהילה אין דאַנציג האָט דעריבער באַשלאָסן זיך צו ווענדן נאָך הילף צום דזשאָינט. דער פאַרשטייער פון די דאַנציגער יידן אין האָלאַנד, דער באַנק־דירעקטאָר אָוסאיבעל, האָט אינטערווענירט אין דעם דאָזיקן וויכטיקן ענין ביי דער אייראָפּעישער צענטראַלע פון דזשאָינט, וואָס האָט זיך פון פּאַריז אַריבערגעטראָגן קיין אַמסטערדאַם. דאָרט האָט מען פאַרלאַנגט, אַז אַ ספּעציעלער פאַרשטייער פון די יידן אין דאַנציג זאָל קומען קיין אַמסטערדאַם און זיך טרעפן מיטן דירעקטאָר מאָריס טראָפּער פון דזשאָינט.

די געשטאַפּאָ אין דאַנציג האָט אָבער נישט געוואָלט דערלויבן דעם פאָרזיצער פון דער דאַנציגער יידישער קהילה אַרויסצופאָרן קיין אויס־

לאַנד. די דאָרטיקע יידן האָבן דעריבער באַשלאָסן, אַז עס זאָל פאָרן קיין אַמסטערדאַם, ווי אַ פאָרשטייער פון דער יידישער קהילה, דער דייטשישער קאָמיסאַר ראָבערט זאַנדער און דאָרט, צוזאַמען מיטן פאָרשטייער פון די דאַנציגער יידן אין האָלאַנד, דעם באַנק־דירעקטאָר אוסאַיבעל, זיך טרעפן מיטן דזשאָינט־פאָרשטייער מאָריס טראָפּער.

דעם 16טן דעצעמבער 1939 איז דער קאָמיסאַר זאַנדער אָנגעקומען קיין אַמסטערדאַם, ווו ער האָט, צוזאַמען מיט אָוסאַיבעלן, זיך געטראָפן מיט טראָפּערן און רעפערירט פאַר אים דעם פּלאַן פון דער אויסוואַנדערונג. דערביי האָט זאַנדער אונטערגעשטראָכן, אַז אויב דער ענין וועט נישט ווערן דערליידיקט ביזן 1טן אַפּריל 1940, וועלן אַלע דאַנציגער יידן אָוועקגעשיקט ווערן קיין פּוילן — וואָס עס האָט ביי די נאַציס געהייסן: „אויף מזרח״ [8].

נאָך אַ לענגערן ישוב הדעת האָט טראָפּער געגעבן זיין הסכמה צו פינאַנסירן דעם עקזאָדוס פון די דאַנציגער יידן קיין ארץ־ישראל און אויסצאָלן די ביייטיקע 100.000 דאָלאַר. דאָס געלט — האָט ער געזאָגט — וועט איבערגעשיקט ווערן צו אַ באַקאַנטער אָרגאַניזאַציע אין רומעניע, אַזוי אַז דאָס רייזע־ביוראָ אין ווין, וואָס דאַרף זיך פאַרנעמען מיט דעם ענין, וועט דאָרט קריגן אַן אַוואַנס אויף די הוצאות.

דעם 26סטן אויגוסט 1940 איז אָפּגעגאַנגען אַ ספּעציעלער צוג פון דאַנציג מיט 750 יידן. זיי זענען ביז בראַטיסלאַוואַ באַגלייט געוואָרן דורכן קאָמיסאַר זאַנדער און אייניקע געשטאַפּאָ־לייט. די יידן זענען איינגעשטיגן אין וואַגאָנען פון דריטן קלאַס און די באַגלייטער — אין אַ קופּע פון ערשטן קלאַס. אין בראַטיסלאַוואַ זענען די יידן איבערגעפירט געוואָרן אויף דער שיף „אַסטיר״, דערנאָך איבערגעזעצט געוואָרן אין רומעניע אויף דער שיף „העליאָס״, וואָס האָט זיי געדאַרפט ברענגען קיין ארץ־ישראל.

די איבערגעבליבענע 250 דאַנציגער יידן, וואָס האָבן נישט געוואָלט אָדער נישט געקאָנט פאָרן מיטן לעצטן טראַנספּאָרט, זענען אַוועק: אַ טייל קיין וואַרשע און אַ טייל איז געבליבן אין דאַנציג וואַרטן אויף אַ מעגלעכקייט אָפּצופאָרן קיין שפּאַניע און פּאָרטוגאַל.

די לעצטע גרופּע יידן, מיטן לעצטן פּאַרזיצער פון דער יידישער קהילה אין דאַנציג — יאַנאָס, איז אָוועקגעשיקט געוואָרן אין דער „יידן־שטאָט" טערעזיענשטאָט. מיט דעם האָט זיך פאַרענדיקט דאָס קאַפּיטל: יידן אין דאַנציג [9].

ביז דעם 31סטן אָקטאָבער 1941 איז פון דער יידישער אויסוואַנדע־רונג אַריינגעפלאָסן אין היטלערס מלוכה־קאַסע די סומע פון 9.500.000 (ניין מיליאָן פינפהונדערט טויזנט) דאָלאַר.

נאָך דעם דאָזיקן טערמין, ד"ה, נאָכן 31סטן אָקטאָבער 1941, האָט היינריך הימלער פאַרווערט די יידישע אויסוואַנדערונג קיין אויסלאַנד, הגם עס זענען ווייטער געווען פאַלן פון אויסוואַנדערונג, לויט אַ ספּעציעל דערצו באַקומענער דערלויבעניש.

אויך ביים סוף פון יאָר 1942 — ווי מיר זעען עס פון אַ באַריכט, דאַטירט דעם 24סטן נאָוועמבער 1942 [10] — האָט דער שעף פון געשטאַפּאָ, עס־עס־גרופּענפירער היינריך מילער, מודיע געווען הימלערן וועגן אַ קליי־נער צאָל דערלויבענישן, וואָס זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן יידן פאַר אויס־קויף־געלט, כדי צו קאָנען אויסוואַנדערן אין נייטראַלע לענדער.

פאַקטיש איז דאָס שוין געווען דער סוף פון דער אָרגאַניזירטער מאַסן־אויסוואַנדערונג פון יידן. די נאַציס זענען דעמאָלט צוגעטראָטן צום לעצטן עטאַפּ פון דער ענדלייזונג — צו דער דעפּאָרטאַציע אָדער — ווי מען האָט עס גערופן: אויסזידלונג „צו מזרח" — און דאָס האָט געמיינט: אויסראָטונג.

אין די יאָרן 1944—1945 זענען ווידער פאַרצייכנט געוואָרן פאַלן פון דערלויבן אַריבערצוגיין די גרענעצן קיין אויסלאַנד, פאַר אויסקויף־געלט.

נאָכן שאַפן די נייע אינסטאַנץ פאַר אויסוואַנדערונג, האָט דער הויפּט־צענטראַל־אַמט פאַר יידישער אויסוואַנדערונג אַרויסגעגעבן אַ צוגאָב־פאַראָרדענונג (דעם 15טן יולי 1939), אַז מען זאָל זיך פאַרזיכטיק באַגיין מיט די יידן, בירגער פון מדינות, וואָס זענען באַקאַנט מיט זייערע סימ־פּאַטיעס צו היטלער־דייטשלאַנד.

פון אָנהייב האָט די היטלער־רעגירונג נישט געוואָגט אַרונטערצונע־מען אונטער די אַנטי־יידישע (נירנבערגער) געזעצן די יידן פון נייטראַלע

לענדער און פון די נישט אָקופּירטע פּיינטלעכע מערב־לענדער. די דער־מאָנטע לענדער זענען געוואָרן אויפגעפּאָדערט צו רעפּאַטריירן זייערע יידישע בירגער ביז צו אַ געוויסן טערמין. ווען דאָס איז נישט געשען צו דער געגעבענער צייט, האָבן די פרעמדע יידן שוין נישט געהאַט דאָס רעכט צו געניסן פון דער דייטשישער „שוץ".

אָבער שוין דעם 16טן פעברואַר 1942 האָט דער רייכס־זיכערהייטס־הויפּט־אַמט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז די יידן פון בעלגיע, בולגאַריע, לעטלאַנד, ליטע, לוקסעמבורג, נאָרוועגיע, סערביע, סלאָוואַקיי, וועלכע האָבן זיך געפונען אויף די געביטן פון „גרויסדייטשישן" רייך, פאַלן אַרונטער אונטער די געזעצן, וואָס זענען באַשטימט פאַר די אָרטיקע יידן, און זיי דאַרפן ווערן דעפּאָרטירט, פּונקט ווי יענע יידן. דאַקעגן די יידן פון די לענדער, וועלכע געניסן נאָך פון אַ געוויסער זעלבשטענדיקייט, דאַרפן נישט ווערן דעפּאָרטירט. די לאָקאַלע עס־עס־אינסטאַנצן האָבן זיך אָבער וויניק וואָס גערעכנט מיט דער צוזאָג־פּאַראָרדענונג.

אין חודש מאַי 1943 האָט הימלער זיך געווענדט צו ערנסט קאַלטענ־ברונער — דעמאָלטיקער שעף פון דער פּאָליציי און ס.ד., ער זאָל אין דער גאַנצער ברייט אויפנעמען די ריטואַל־מאָרד־פראַגע: אויפלעבן די פּראָצעסן, וואָס זענען פאָרגעקומען אַמאָל אין אונגאַרן און אין אַנדערע לענדער. די עפנטלעכע פּראָצעסן דאַרפן באַווירקן די קריסטלעכע באַפעל־קערונג אַרויסצוגעבן זייערע יידן פון די לענדער, פון וועלכע מען האָט נאָך ביז דעמאָלט נישט באַוויזן דאָס צו טאָן. די דאָזיקע אַנטי־יידישע פּראָפּאַגאַנדע דאַרף מען זען אַריבערצופירן קיין אַמעריקע און ענגלאַנד. כדי דורכצופירן די דאָזיקע אויפגאַבע דאַרף מען אויסנוצן אַ פאַרלוירן קריסטלעך קינד [11].

דעם זעלביקן זומער, 1943, זענען יידן, בירגער פון דענעמאַרק, פינ־לאַנד, פּאָרטוגאַל, רומעניע, שוועדן, שווייץ, אונגאַרן און טערקיי, וועלכע האָבן זיך געפונען אין די געביטן פון דריטן רייך, אויך אַרונטערגעפאַלן אונטער די דעפּאָרטאַציע־געזעצן. די מענער זענען אָוועקגעשיקט געוואָרן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער בוכענוואַלד, און די פרויען און קינדער ביז 14 יאָר — קיין ראַווענסבריק.

פאַרשטייט זיך, אַז די דייטשן האָבן אויסבאַהאַלטן זייער נישט געזעצ־לעכע האַנדלונג לגבי די אויסלענדישע בירגער און באַמיט זיך, אַז עס זאָל נישט דערגיין צו די רעגירונגען פון די באַטרעפנדיקע מדינות. האָט עס טאַקע גענומען אַ לאַנגע צייט ביז מען האָט זיך דערפון דערוווּסט אין אויסלאַנד.

אין פוילן, למשל, זענען אייניקע יידן, אַמעריקאַנער בירגער, פאַרשיקט געוואָרן אין די טויטלאַגערס, ווו זיי זענען אומגעקומען. זייערע אַמערי־קאַנער פּאַפּירן זענען, בעת דער סעלעקציע, צעריסן געוואָרן דורך די עס־עס־לייט.

דעם 4טן אָקטאָבער 1943 האָט הימלער באַפוילן, אַז אין אַלע אַפּי־ציעלע באַריכטן וועגן דער ענדלייזונג פון דער יידנפראַגע זאָל מען נישט באַנוצן דעם אויסדרוק „זאָנדערבעהאַנדלונג״ — נאָר „טראַנספּאָרט צו מזרח״. (זאָנדערבעהאַנדלונג האָט געהייסן: טויט).

דער לעצטער עטאַפּ האָט שוין געדאַרפט זיין דער אַנזאַג פונעם סוף פונעם גאַנצן אייראָפּעיִשן יידנטום, וואָרעם לויט די נאַצישע פּלענער האָט ער געזאָלט אַרומנעמען אויך די יידן פון די פּאַלגנדיקע מדינות: ענגלאַנד, אירלאַנד, פינלאַנד, שוועדן, שווייץ, פּאָרטוגאַל, שפּאַניע און טערקיי.

## קאָנפערענץ צו לייזן די פּראָבלעמען
## פון אויס־ און איינוואַנדערונג

פון מענטשן, וואָס עס איז געלונגען אַרויסצובאַקומען זיך פון דעם היטלער־גיהנום, האָט די וועלט זיך דערוווּסט וועגן טראַגישן מצב פון די יידן אין דייטשלאַנד און אויך פון עסטרייך, וואָס איז אָקופּירט געוואָרן דורכן נאַציסטישן דייטשלאַנד.

אונטער דעם שטאַרקן דרוק פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט און פון די קריסטלעכע ליבעראַלע קרייזן, האָט דער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, פראַנקלין דעלאַנאָ רוזוועלט, באַשלאָסן דעם 23סטן מאַרץ 1938 צונויפצורופן אַ צווישן־מלוכהשע וועלט־קאָנפערענץ, וואָס זאָל זיך פאַרנעמען מיט די פּראָבלעמען און אַספּעקטן פון די מלחמה־פּליטים. עס האָט זיך דעמאָלט געהאַנדלט וועגן ראַטעווען קודם כל די פּליטים פון נאַצי־דייטשלאַנד און עסטרייך.

די לאַגע פון די יידן־פּליטים וואָס האָבן, אָנהייבנדיק פון יאָר 1933, מאַסנווייז פאַרלאָזט זייער היימלאַנד און באַמיט זיך צו באַקומען אַריינ־פאַר־וויזעס אין פאַרשידענע לענדער, האָט אויפגערודערט די וועלט. ווען עס איז אָבער באַקאַנט געוואָרן, אַז מען האָט בדעה צו עפענען פאַר די פּליטים די טויערן פון געוויסע לענדער, האָבן זיך דערהערט נישט ווייניק קעגנערישע שטימען.

געוויסע קרייזן אין די פאַראייניקטע שטאַטן — און דאָס גראָד נישט בלויז פון די רעאַקציאָנערע קרייזן — האָבן זיך שטאַרק אַנטקעגנ־געשטעלט קעגן אַריינלאָזן אַהין נייע פּליטים. צווישן די קעגנערישע צדדים האָט זיך געפונען די אָרגאַניזאַציע פון וועטעראַנען פון די אויס־לענדישע מלחמות אין שטאַט ניו־יאָרק. זיי זענען געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זיי האָבן געפאָדערט לגמרי צו פאַרמאַכן די טויערן פון דער אַמערי־

קאַנער עמיגראַציע אויף אַ צייטאָפּשניט פון צען יאָר. אַפילו דער פּרעזי־דענט פון דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־פעדעראַציע, וויליאַם גרין, האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן דער עמיגראַציע פון פּליטים, אָנווייזנדיק אויף דער גאַנץ גרויסער צאָל אַרבעטלאָזע, וואָס געפינען זיך אין לאַנד.

נישט בעסער האָט די לאַגע אויסגעזען אין ענגלאַנד. אויך דאָרט האָבן נישט געפעלט קיין קעגנער פון אַריינלאָזן ווייטערדיקע נייע עמי־גראַנטן, סיי אין די רעגירונגס־קרייזן, סיי ביי די פּאָליטישע אָרגאַני־זאַציעס.

די צווישן־מלוכהשע פּליטים־קאָנפערענץ האָט זיך אָנגעהויבן דעם 6טן יולי 1938 אין פראַנצויזישן קוראָרט עוויאַן. אין דער קאָנפערענץ האָבן זיך באַטייליקט פאָרשטייערס פון 32 מדינות, חוץ פון דייטשלאַנד און סאָ־וויעט־רוסלאַנד, ווי אויך 39 דעלעגאַציעס פון פּריוואַטע אָרגאַניזאַציעס. צו דער קאָנפערענץ זענען געקומען בערך 200 קאָרעספּאָנדענטן פון פאַר־שידענע צייטונגען, וואָכנשריפטן און פּרעסע־אַגענטורן. צווישן די קאָ־רעספּאָנדענטן האָבן זיך אויך געפונען פאָרשטייער פון דער דייטשי־שער פּרעסע.

דער אַקרעדיטירטער קאָרעספּאָנדענט פון „פּראַגער טאָגעבלאַט”, האַנס האַבע[12] האָט אין זיין באַריכט פאַר דער צייטונג איבערגעגעבן, אַז די קאָנפערענץ איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין דעם פראַנצויזישן קוראָרט עוויאַן לע־בען, וואָס ליגט ביי דער גענפער אָזיערע, אויף דער שווייצאַרישער גרענעץ, קעגן איבער דער שטאָט לאָזאַן.

די קאָנפערענץ — שרייבט האַבע — איז דערעפנט געוואָרן אין עוויאַן־לע־בען אויפן ווונטש פון פּרעזידענט רוזוועלט, מיטוואָך, דעם 6טן יולי 1938, פיר אַ זייגער נאָך מיטאָג, אינעם גרויסן זאַל פון לוק־סוס־האָטעל „ראָיאַל”, מיט אַ קאָנצערט, דיריגירט פון פריץ בוש. דערנאָך זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אייניקע עפנטלעכע און אייניקע פאַרטרוילעכע זיצונגען.

אויפן טאָג־אָרדענונג זענען געשטאַנען פראַגעס וועגן לייזן דעם פּליטים־פּראָבלעם, וועגן די באַדינגונגען פון אויס־ און איינוואַנדערונג פון די פּליטים און זייער עווענטועלער אַבסאָרבציע אין פאַרשידענע לענדער.

האַנס האַבע האָט אין זיינע אויספירלעכע באַריכטן איבערגעגעבן דעם גענויען צוזאַמענשטעל פון די דעלעגאַציעס און דעם פאַרלויף פון די ערשטע עפנטלעכע זיצונגען.

פרעזידענט רוזוועלט האָט צו דער קאָנפערענץ באַשטימט, ווי זיין ספעציעלן שליח, אַ באַקאַנטן אַמעריקאַנער דיפּלאָמאַט — דעם געוועזע־נעם לאַנגיאָריקן ראַטגעבער פון די פּרעזידענטן הערבערט הוווער, העגרי טרומאַן, און נאָך דער עוויאַנער קאָנפערענץ — פאַרשטייער ביים וואַ־טיקאַן — מאַיראָן טשאַרלס טיילאָר. ער איז באַשטימט געוואָרן פאַר דעם שטענדיקן פאָרזיצער פון דער קאָנפערענץ. צו דער דעלעגאַציע פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן, צווישן אַנדערע, געהערט: דער געוועזענער הויך־קאָמיסאַר פון דער פעלקער־ליגע פאַר פליטים פון דייטשלאַנד, אַ ספעציאַליסט פאַר אינטערנאַציאָנאַלע אַנגעלעגנהייטן — דזשיימס מעק־דאָנאַלד, ווי אויך דזשאָרדזש ל. וואָרען — עקזעקוטיוו־סעקרעטאַר פון רוזוועלטס קאָמיטעט פאַר פּאָליטישע פליטים. מעקדאָנאַלד האָט בעת זיין צווייי‌אָריקער קאָדענץ ווי דער הויכקאָמיסאַר, אַרויסגעוויזן אַ וואַרעמע באַציִונג און ספעציעלע סימפּאַטיע פאַר די יידישע פליטים.

צו דער ענגלישער דעלעגאַציע, אָנגעפירט דורך לאָרד ווינטערטאָן, האָבן אויך געהערט סער מיכאַל פּאַליירעט און סער דזשאָן שאָקבערג, ווי ווינטערטאָנס פאַרטרעטער.

לאָרד ווינטערטאָן איז געווען אַ געטרייער, אונטערטעניקער פאַרערער פון אַרטור נעוויל טשעמבערליין און פון זיין אויסערן־פּאָליטיק. טשעמ־בערליין האָט זיך קונה שם געווען מיט זיין נאַכגיב־פּאָליטיק אין די דריי־סיקער יאָרן לגבי נאַצי־דייטשלאַנד און מוסאָליניס איטאַליע, ווי אויך דורך זיין אָפּגעשלאָסענעם פּאַקט מיט היטלערן (דעם 30סטן סעפּטעמבער 1938) אין מינכען. דער „מינכענער פּאַקט” האָט, ווי באַוווסט, דערפירט צו דער צעטיילונג פון טשעכאָסלאָוואַקיע (15טער מאַרץ 1939), דערנאָך צו היטלערס מאַרש אויף פּוילן (דעם 1טן סעפּטעמבער 1939) און לסוף — צו דער צווייטער וועלט־מלחמה און צום יידישן חורבן.

בראש פון דער פראַנצויזישער דעלעגאַציע איז געשטאַנען סענאַטאָר העגרי בעראַנזשער. צו דער דעלעגאַציע האָט אויך געהערט מ. זשאַן פּאָול

באַנקור, וועלכער איז געוואָרן דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער קאָנ־פערענץ.

די אַנדערע דעלעגאַטן זענען געווען: דער מיטגליד פון דער פּאָלי־טישער קאָמיסיע ביים פעלקערבונד — מ. ק. ערים; די פאָרשטייער פון הויכן קאָמיסאַריאַט פאַר פליטים פון דייטשלאַנד — גענעראַל־מאַיאָר סער ניל מאַלקאָלם און לאָרד דאַנקאַן; דער פּרעזידענט פון פּאַן־אייראָפּעישן פאַרבאַנד — גראַף ריטשארד קודענהאָווע־קאַלערגי; די איטאַליענישע פּאָ־ליטיקער — פּיעטראָ נעני און גראַף ספאָרצאַ; דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון פעלקערבונד דזשאָזעף אַווענאָל; דער נאָרוועגישער דעלעגאַט — נאָבעל־פּרייז־געווינער פאַר שלום, פאַרן יאָר 1938, און פּרעזידענט פון אינטערנאַציאָנאַלן נאַנסען־אַמט פאַר פליטים — מיכאַל האַנסאָן.

צו דער שווייצאַרישער דעלעגאַציע האָבן געהערט: דער שעף פון דער פעדעראַלער פּאָליציי־דיוויזיע אין יוסטיץ־ און פּאָליציי־דעפּאַרטמענט — ד״ר היינריך ראָטמונד, דער איניציאַטאָר פון אָפּשטעמפּלען די דייטשישע פּעסער פון יידן מיטן אות „י״ (יודע), כדי אַזוי אַרום צו דערקענען די יידישע נאַציאָנאַליטעט פונעם פליט.

דער צווייטער שווייצאַרישער דעלעגירטער איז געווען מ. הענרי ווער־נער — אַ הויכער באַאַמטער פון דער פּאָליציי־אָפּטיילונג אין דעם זעל־ביקן דעפּאַרטמענט, וואָס ד״ר ראָטמונד.

אויך דער וואַטיקאַן האָט צוגעשיקט צו דער קאָנפערענץ, ווי אַן אָבסערוואַטאָר, דעם פּאַטער אָדאָ.

צווישן די 39 פּריוואַטע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זענען געווען פאַר־טראָטן אויף דער קאָנפערענץ, האָבן זיך געפונען: דער אינטערנאַציאָנאַ־לער קריסטלעכער קאָמיטעט פאַר נישט־אַריער (לאָנדאָן), דער דזשאָינט, וועלט־קאָנגרעס, וועלט־פאַרבאַנד פון אגודת ישראל (לאָנדאָן), היצעם (פּאַריז), דייטשישע קוואַקער־פאַראייניקונג (לאָנדאָן), אַמעריקאַנער־ענג־ליש־בעלגיש־פראַנצויזיש־האָלענדיש־שווייצאַרישער קאָמיטעט פאַר הילף פון פליטים, אָרט (פּאַריז), אָזע (פּאַריז), פעלקערבונד־פאַרבאַנד (לאָנדאָן), קעניגלעכער אינסטיטוט פאַר אינטערנאַציאָנאַלע אָנגעלעגנהייטן (פּאַ־ריז — בריסל), נייע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע (לאָנדאָן), סאָציאַליסטי־

שער אַרבעטער־אינטערנאַציאָנאַל (פּאַריז — בריסעל), אינטערנאַציאָנאַלע ביוראָ צו שיצן דאָס אַזיל־רעכט און הילף פאַר פּאָליטישע פליטים (פּאַריז), עמיגראַציע־ און קאָלאָניזאַציע־געזעלשאַפט „עמקאָל" (פּאַריז), שוץ־פאַר־באַנד פאַר די רעכט פון איזראַעליטן אין צענטראַל־אייראָפּע (פּאַריז) א"אַ.

מיט אַ ספּעציעלער דערלויבעניש פון דער היטלער־מאַכט זענען גע־קומען אויך פאָרשטייער פון די דייטשישע יידן: פון דער „רייכספערטרע־טונג דער יודען אין דויטשלאַנד" — ד"ר אָטאָ הירש, ד"ר פּאַול עפּשטיין, ווי אויך פון פּאַלעסטינער אָמט — מיכאַל טראַוב, פון „הילפספעראיין דער יודען אין דויטשלאַנד" — ד"ר ווערנער ראָזענבערג. די פאָרשטייער פון די דייטשישע יידן זענען אָבער נישט צוגעלאָזט געוואָרן צו דער קאָנפע־רענץ ווי שטים־באַרעכטיקטע דעלעגאַטן. זיי האָבן, אַלזאָ, געמוזט דורכ־פירן זייער מיסיע אויף אַ גאַנץ פּריוואַטן אופן.

ווי מען זעט פון דער ליסטע פון אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן זיך באַ־טייליקט אין דער קאָנפערענץ, איז די מערהייט פון זיי געווען אַ יידישע.

אין דער קאָנפערענץ האָבן זיך אויך באַטייליקט פאָרשטייער פון דער יידישער אַגענץ און פון פּאַלעסטינער אָמט. בלויז אויסצורעכענען אייניקע פון די דעלעגאַטן: ווי ד"ר ארטור רופּין, ד"ר זיגפריד מאָזעס, קורט בלו־מענפעלד, ד"ר נחום גאָלדמאַן, ד"ר מאַקס קרויצבערגער, זלמן רובאַשאָוו (שזר), וועלכער האָט גלייכצייטיק רעפּרעזענטירט די צייטונג „דבר" אין תל־אביב, בנימין אַקצין, ד"ר ברוצקוס, ד"ר אָסקאַר גרין, מ. מאַרקאָ־וויטשי, דזשאָרדזש בערנהאַרד, ד"ר שטיינבערג, גאָלדע מאירסאָן (מאיר) א"אַ. גאָלדע מאירסאָן האָט, אגב, געהאַלטן אַ רעפעראַט פאַר די פאַרבע־טענע געסט און פאָרשטייער פון דער וועלטפּרעסע.

צווישן די אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן האָט זיך אין עוויאַן געפונ־ען וויליאַם שירער [13], וועלכער האָט אין זיין „בערלינער טאָגבוך" באַ־שריבן די עוויאַנער קאָנפערענץ. אויך אירענע האַראַנד, די אָרויסגעבע־רין פון „גערעכטיקייט" אין ווין, איז געווען אין עוויאַן, אגב, ווי אַ פאָר־שטייערן פון אַ הילף־אָרגאַניזאַציע, ווי אויך ס. אַדלער־רודעל.

פּראָפעסאָר חיים ווייצמאַן, וואָס האָט געזאָלט אָנפירן מיט דער דעלע־גאַציע פון דער יידישער אַגענץ, איז, ווי מען האָט געשמועסט הינטער

די קוליסן, בכלל נישט צוגעלאָזט געוואָרן צו דער קאָנפערענץ, צוליב די אינטריגעס פון די ענגלישע מאַכט־אָרגאַנען.

די קאָנפערענץ האָט געעפנט דער פראַנצויזישער סענאַטאָר הענרי בעראַנזשע, וועלכער האָט באַגריסט די פאַרזאַמלטע אין נאָמען פון דער פראַנצויזישער רעגירונג. ער האָט רעקאָמענדירט אויסצווויילן דעם אַמע־ריקאַנער אַמבאַסאַדאָר טיילאָר פאַרן פאָרזיצער פון דער קאָנפערענץ. דעם סענאַטאָר בעראַנזשע האָט מען אויסגעקליבן פאַרן ערן־פאָרזיצער. אינ־טערעסאַנט איז דער פאַקט, אַז רוזוועלט האָט געוואָלט, מען זאָל באַשטי־מען דעם פראַנצויזישן פאָרשטייער פאַרן שטענדיקן פאָרזיצער פון דער קאָנפערענץ, און די פראַנצויזישע רעגירונג האָט דווקא געוואָלט, אַז דער פאָרזיצער זאָל זיין דער אַמעריקאַנער פאָרשטייער[14].

די ערשטע זיצונגען האָבן זיך געענדיקט מיטן אויסקלייבן אַ פּרע־זידיום, פאַרשידענע קאָמיסיעס און צוויי סובקאָמיסיעס.

די ערשטע סוב־קאָמיסיע, די אַזוי גערופענע טעכנישע סוב־קאָמיסיע איז געשטאַנען אונטערן פאָרזיץ פון נאָרוועגישן פאָרשטייער מיכאַל האַנ־סאָן. בראש פון דער צווייטער סוב־קאָמיסיע, וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט די דעלעגאַטן פון יידישע און נישט־יידישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זענען געקומען צו דער קאָנפערענץ, איז געשטאַנען דער אויסטראַלישער מיניסטער וו. ווייט. צו דער דאָזיקער קאָמיסיע האָבן געהערט לרוב די פאָרשטייער פון יידישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן געהאַט צו טאָן מיט דער הילפאַרבעט און מיט פּאָליטישע פּליטים און זייערע פּראָבלעמען. די מיטגלידער פון דער סוב־קאָמיסיע האָבן נישט געהאַט קיין שטים־רעכט און קיין שום דעצידירנדיקן איינפלוס אויפן גאַנג פון דער קאָנפערענץ, און אַפילו נישט אויף דער אַרבעט פון דער קאָמיסיע. זיי זענען באַהאַנדלט געוואָרן ווי געסט און האָבן בלויז געהאַט אַ געלעגנהייט אַריינצוטראָגן זייערע פאָרשלאָגן צו דעם פאָרזיצער פון דער סוב־קאָמיסיע, וועלכער האָט זיי אויסגעהערט און זייערע פּראָבלעמען צוגעשטעלט צו דער קאָנ־פערענץ.

לויט די אינסטרוקציעס, וואָס די דעלעגאַטן פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן געהאַט פון וואַשינגטאָן, און די ענגלישע דעלעגאַטן —

פון לאָנדאָן, האָט מען געדאַרפט זאָרגן דערפאַר, אַז ביי דער קאָנפערענץ זאָל מען אויסמיידן צו באַרירן די פּאַלעסטינער פראַגע, ווי אויך די פּראָבלעמען, וואָס זענען דירעקט נוגע געווען די יידישע פליטים, הגם די יידן זענען געווען 90 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָל פליטים — לרוב פון דייטשלאַנד און עסטרייך.

די אַמעריקאַנער און די ענגלישע דיפּלאָמאַטן זענען אינסטרויִרט געוואָרן, באַיין אופן נישט צו דערמאָנען היטלערס נאָמען, אָדער קריטיקירן דעם נאַצי־רעזשים אין דייטשלאַנד.

צווישן די פאָרשטייער פון די פליטים־ און הילף־אָרגאַניזאַציעס, האָבן זיך אין דער דאָזיקער סוב־קאָמיסיע באַטייליקט פאָרשטייער פון 24 יידישע דעלעגאַציעס. צווישן אַנדערע האָט דער פאָרזיצער האַנסאָן אויסגעהערט פאָלגנדיקע פערזענלעכקייטן: פּראָפ. נאָרמאַן בענטוויטש, ד״ר אַרטור רופּין, ד״ר נחום גאָלדמאַן, ד״ר שטיינבערג, ד״ר ברוצקוס, ראַבאַי יונה וויז, בנימין אַקצין, מ. מאַרקאָוויטשי, ד״ר אָסקאַר גרין, לעאָ לאַמבערט, דזשאָרדזש בערנאַרד, מ. גודמאַן, מ. גורעוויטש א״אַ.

אויף די ערשטע זיצונגען פון דער קאָנפערענץ האָט מען זיך באַשעפטיקט בלויז מיט פּראָצעדוראַלע ענינים. עס איז אויך אויסגעאַרבעט געוואָרן דער בודזשעט פון דער קאָנפערענץ, וואָס איז אויסגערעכנט געוואָרן אויף זעכצן טויזנט שווייצער פראַנק.

די זיצונגען און די אַרויסטרעטונגען פון די דיפּלאָמאַטן האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט גרויס ציניזם צו דער אַנגעווייטיקטער פליטים־פּראַגע[15]. בעת די דאָזיקע זיצונגען זענען נישט באַהאַנדלט געוואָרן קיין שום ממשותדיקע און פּראַקטישע פאָרשלאָגן, וואָס זאָלן האָבן געהאַט אַ שייכות צו די אַנגעווייטיקטע און ברענענדיקע פליטים־פּראָבלעמען.

אָן אויפלעבונג אין דער קאָנפערענץ איז אַריינגעקומען ערשט ווען עס זענען אָנגעקומען פון ווין די ספּעציעלע פאָרשטייער פון דער דאָרטיקער יידישער קולטוס־געמיינדע: פּראָפעסאָר ד״ר היינריך פאָן־נוימאַן[16], ד״ר יוסף לעווענהערץ און ב. י. שטאָרפער.

די יידישע שליחים פון ווין האָבן געבראַכט צו דער קאָנפערענץ אַ קאָנקרעטן פאָרשלאָג פון דעם עסטרייכישן רייכס־שטאַטסהאַלטער אַרטור

סעיס־אינקוואַרט. ער האָט פאַרגעלייגט — אין נאָמען פון דייטשישן רייך — צו פאַרקויפן אויסלאַנד 40.000 (פערציק טויזנט) עסטרייכישע יידן, וועלכע זענען באַשטימט געוואָרן אָוועקגעשיקט צו ווערן אין די קאָנ־צענטראַציע־לאַגערס.

ווי דער יידישער שליח פון ווין שטאַרפער האָט איבערגעגעבן, האָט אים סעיס־אינקוואַרט געזאָגט פאַר זיין אָפּפאָרן צו דער קאָנפערענץ אין עוויאַן: „דער פירער, אין וועמענס נאָמען איך רעד צו אייך, איז גרייט אַרויסצולאָזן די יידן קיין אויסלאַנד, אויב מען וועט דעקן די שאָדנס. מיר פאַרלאַנגען פאַר יעדן ייד: מאַן, פרוי צי קינד, 250 (צוויי הונדערט און פופציק) דאָלאַר. דאָס דייטשישע רייך וועט זיך אָבער באַגנוגענען מיט אַ קיילעכדיקער סומע פון 1.000 (טויזנט) דאָלאַר פאַר אַ משפחה, וואָס האָט אַ גרעסערע צאָל קינדער. דאַקעגן איז דייטשלאַנד נישט פאַראינ־טערעסירט צו דערלויבן איינצלנע יידן אַרויסצופאָרן פון לאַנד. די רייכס־רעגירונג וויל איבערגעבן אויסלאַנד אַלע יידן צוזאַמען, אָדער גאָרנישט. איר דאַרפט אויך געדענקען, אַז אין עוויאַן וועט איר פאַרטרעטן אויסשליס־לעך די ווינער יידישע קולטוס־געמיינדע, און נאָר ווי אַזעלכער פאָרט איר אַהין".

אין דער צייט ווען עס איז פאַרגעקומען די קאָנפערענץ אין עוויאַן, האָט אַ ייד, וואָס האָט צו יענער צייט אויסגעוואַנדערט קיין אויסלאַנד, נישט געהאַט דאָס רעכט מיטצונעמען מיט זיך מער ווי 10 (צען) רייכס־מאַרק. די דייטשישע רעגירונג האָט אָבער שוין אָפּגעזאָגט אויסצוווייזן, ווי זי האָט זיך נוהג געווען פריער, אַז דער אויסוואַנדערער באַזיצט די געהעריקע סומע געלט, וואָס איז נייטיק צו קאָנען באַקומען די אויסלענ־דישע וויזע.

דער פראַגער קאָרעספאָנדענט, האַנס האַבע [17], איז געווען דער ערש־טער, וואָס האָט איבערגעגעבן קיין אויסלאַנד די ידיעה, אַז היטלער־דייטשלאַנד האָט אויף דער קאָנפערענץ אין עוויאַן פאַרגעלייגט צו פאַר־קויפן 40.000 עסטרייכישע יידן און געפאָדערט אולטימאַטיוו, אַז די טראַנ־זאַקציע מוז ווערן דורכגעפירט שפּעטסטנס ביז דעם 1טן אויגוסט 1938.

דאָס אומדערוואַרטע דערשיינען פון יידישע פאַרשטייער פון דעם דורך די דייטשן אָקופּירטן עסטרייך, ווי אויך דער פאָרשלאָג פון מענטשן־האַנדל, האָט אַרויסגערופן ביי די דעלעגאַטן פאַרשידענע געפילן. אַ גרויסער טייל פון זיי האָט געהאַלטן, אַז מיט מענטשן־הענדלער קאָן מען בכלל נישט האָבן קיין שום מגע־ומשא. פון די אַרויסטרעטונגען פון די אַנדערע דעלעגאַטן איז אָבער קלאָר געוואָרן, אַז די קאָנפערענץ דאַרף יאָ באַטראַכטן דעם אָנבאָט פון דייטשלאַנד.

דער פאַרשטייער פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָט געפאָדערט פון דייטשלאַנד באַווייזן, אַז זי מיינט עס ערנסט מיטן פאָרשלאָג אַרויסצולאָזן אירע יידן. דעם פאָרשלאָג — האָט דער אַמעריקאַנער פאַרשטייער געזאָגט — וועט מען קאָנען באַהאַנדלען נאָר דעמאָלט, ווען ער וועט קומען אין אַן אָפיציעלער פאָרעם, אָדער ער וועט פאַרגעלייגט ווערן דורך פאַרשטייער, דעלעגירט דירעקט פון בערלין. די פאַראייניקטע שטאַטן ווילן אָבער נישט אַרויסטרעטן ווי קרעמער, וואָס קויפן אָפּ סחורות.

אויך די יידישע שליחים פון ווין זענען נישט צוגעלאָזט געוואָרן צו דער קאָנפערענץ ווי אָפיציעלע דעלעגאַטן און עס איז זיי נישט דערלויבט געוואָרן צו נעמען אַ וואָרט ביי דער קאָנפערענץ. זיי האָבן אָזוי אַרום געהאַט די מעגלעכקייט זיך אַרויסצוזאָגן נאָר הינטער די קוליסן פון דער קאָנפערענץ אין פּריוואַטע שמועסן מיט די דעלעגאַטן. ווען שטאַרפער האָט זיך געווענדט צום פאָרזיצער, אַמבאַסאַדאָר טיילאָר, אַז ער זאָל אים געבן אַ מעגלעכקייט אַרויסצוטרעטן און אַפּעלירן צו דער וועלט, האָט אים יענער געזאָגט: „די יידישע געמיינדע האָט אייך אַקרעדיטירט ווי אַן אָבסערוואַטאָר צו דער קאָנפערענץ, אָבער נישט ווי אַ דעלעגאַט, קאָנט איר דעריבער נישט אַרויסקומען מיט קיין שום פאָרשלאָג. איר קאָנט דאָך נישט רעדן אין נאָמען פון די יידן. די „וועלט“, צו וועלכער איר ווילט — ווי איר זאָגט — זיך ווענדן מיט אַן אַפּעל, איז אַ באַגריף, וואָס מען קאָן נישט געפינען אין דיפּלאָמאַטישן וואָקאַבולאַר“.

אויף דעם האָט דער יידישער פאַרשטייער פון ווין געענטפערט:

„ווען איך האָב זיך צו אייך געווענדט, הער אַמבאַסאַדאָר, האָב איך זיך גערעכנט מיט אַלע מעגלעכקייטן, אָבער אַז מיין מיסיע וועט דורכפאַלן צו־

ליב פאַרמאַליטעטן, פּראָצעדור, קאָנווענציאָנאַליזם אָדער צוליב דיפּלאָ־מאַטישן וואָקאַבולאַר — ווי איר, ה׳ אַמבאַסאַדאָר האָט זיך אויסגעדריקט האָט מיר גאָרנישט געקאָנט קומען אויפן געדאַנק.

„איך האָב געוווּסט וואָס פאַרא גרויסן ווערט עס האָבן היינט צו טאָג אַרויספאַר־דערלויבענישן, רייזע־פּעסער, אַנטלויזונגס־שיינען, שוץ־בריוו, ווי אויך באַשייניקונגען פון געבוירן־אָפּשטאַם פונעם פאָטער און פון דער באָבען, אָבער אַז אַ זינקנדיקע שיף, וואָס רופט נאָך הילף, זאָל זיך אויך מוזן אויסלעגיטימירן מיט אַ געבוירן־שיין פון דעם שיף־קאַפּיטאַן און מיט זיטן־צייגענישן פון די מאַטראָזן — דאָס דערגייט שוין נישט צו מיין פאַרשטאַנד.

„איך דערקלער אייך, אויפן סמך פון זיכערע אינפאָרמאַציעס, וואָס איך באַזיץ, אַז די יידן פון דייטשלאַנד און פון די אָקופּירטע געביטן דראָט אַן אומפאַרמיידלעכע פאַרניכטונג״.

אַמבאַסאַדאָר טיילאָר האָט אויף דעם געענטפערט, אַז יעדע געלט־איינצאָלונג, וואָס מען וואָלט געמאַכט דייטשלאַנד, אַנשטאָט — ווי עס וואָלט פאַקטיש געדאַרפט זיין — פאַרקערט, וואָלט געהייסן, אַז די רע־גירונגען פון די מלוכות, וואָס ווערן דאָ פאָרטראָטן דורך זייערע דעלע־גאַטן, סאַנקציאָנירן די אומגעזעצלעכע קאָנפיסקאַציע פון יידישן פאַרמעגן, ווי אויך די האַנדלונג פון דער רעגירונג, פון וועלכער מען קויפט אויס אומגליקלעכע מענטשן. דאָס באַפרייען דעם יידישן קאַפּיטאַל דורך דייטש־לאַנד — האָט טיילאָר געזאָגט — געהערט צו די ערשטע אויפגאַבעס, מיט וועלכע די קאָנפערענץ דאַרף זיך באַשעפטיקן. זי איז אַ גוטע גרונטלאַגע צו דער לייזונג פון דעם פּראָבלעם פון אויס־ און איינוואַנדערונג.

די פּרעסע־קאָרעספּאָנדענטן פון די אויסלענדישע צייטונגען, וועלכע האָבן אויפגעכאַפּט אַלע הינטערקוליסן־געשעענישן, האָבן צ״אַ אויך אײַ־בערגעגעבן דעם געשפּרעך, וואָס דער פאָרשטייער פון אַמעריקאַנער דזשאָינט, ד״ר יונה וויז, האָט געהאַט מיטן ווינער שליח.

„אונדזער ציל — האָט ד״ר וויז געזאָגט — איז צו ראַטעווען אַלע אונדזערע ברידער. שטעלט אייך פאָר, וואָס עס וועט זיין ווען יידישע אָרגאַניזאַציעס וועלן אָננעמען אייער מיסיע. ווי אַזוי וועט מען נאָך דע־

מאָלט קאָנען קריטיקירן די באַציִונגען פון דער ציוויליזירטער וועלט לגבי היטלער־דייטשלאַנד ? ווי אַזוי וועלן מיר זיך קאָנען איינשטעלן פאַר אַ באָיקאָט אויף דייטשישע סחורות, ווען מיר וועלן אין דער זעלביקער צייט בעטן רחמים ביי אונדזער רעגירונג אָנצוהייבן מיט דייטשלאַנד דעם מענטשן־האַנדל ?

„די אויפגאַבע פון די יידישע אָרגאַניזאַציעס איז, אין דער ערשטער ריי, אויפצוּוועקן דאָס געוויסן פון דער וועלט. ווען די רעגירונגען, וואָס זענען פאַרטראָטן אין עוויאַן, וועלן אויסקויפן, זאָגן מיר, צען אָדער צוואַנציק טויזנט יידן, וועט זיך מיט דעם זייער געוויסן באַרויִקן; זיי וועלן האָבן דאָס געפיל, אַז זיי האָבן שוין געטאָן פאַר אונדז מער ווי גענוג, — און דערווייל וועלן הונדערטער טויזנטער פון אונדזערע ברידער אומקומען.

„דייטשלאַנד האָט מורא, אַז פון עוויאַן וועט אַרויסגיין אַ דעמאָנסטראַציע פון מענטשלעכער סאָלידאַריטעט — פון צוויי און דרייסיק מדינות, און צווישן זיי — די מעכטיקסטע אויף דער וועלט: די פאַראייניקטע שטאַטן, און דערמיט אַרויסשלאָגן פון זייערע (דייטשישע) הענט די מאָרד־וואָפן. אויב מיר זאָלן — אַפילו אומדירעקט — אָנערקענען די לעגאַל־קייט פון די אַנטי־יידישע מאָסמיטלען, איז אונדזער זאַך פאַרלוירן.

„אַנשטאָט געבן דייטשלאַנד אַ פּרעמיע פאַר אירע פאַרברעכנס, מוזן מיר אויסרופן אַ באָיקאָט אויף דייטשישע סחורות, דערקלערן אַן עמבאַרגאָ קעגן די לענדער, וואָס האַנדלען מיט דייטשלאַנד.

„די וועלט וועט פירן אונטערהאַנדלונגען מיט דייטשלאַנד נאָר אין פאַל, ווען דייטשלאַנד וועט קומען צו אונדז זיך בעטן. דעמאָלט וועלן מיר קאָנען אַרויספירן נישט נאָר די דייטשישע און עסטרייכישע יידן, נאָר אויך די מערהייט פון אונדזערע ברידער, וועלכע געפינען זיך אונטער היטלערס הערשאַפט״.

אַן אויפגערעגטער האָט דער שליח פון ווין איבערגעריסן ד״ר ווייז, מיט די ווערטער: „אָבער בלויז די יידן, וואָס וועלן זיך נאָך געפינען ביים לעבן״. און ער האָט באַלד צוגעגעבן: „צי האָט אייך דען דער ביז איצטיקער פאַרלויף פון דער קאָנפערענץ נישט איבערצייגט אין דער

אַזוי גערופענער מעגלעכקייט פון אַ מענטשלעכער סאָלידאַריטעט ? וואָס פאַרא אילוזיעס מאַכט איר זיך ? פאַר וואָס גלייבט איר, אַז די פּסיכאָ־לאָגיע פון אַ מענטשן־מערדער איז די זעלביקע ווי אייערע און מיינע ? ווען דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם וואָלט זיך גערעכנט מיט דער מיינונג פון דער וועלט, וואָלט ער זיך אַליין דערוואָרגן, נאָך בעת זיין געבורט. היטלער איז גלייכגילטיק צו דער מיינונג פון דער וועלט. דאָס איינציקע, וואָס איז אים נישט גלייכגילטיק — זענען דאָלאַרן״.

די דייטשישע פּרעסע האָט דערוויל פאַרעפנטלעכט אין אירע קאָ־רעספּאָנדענצן פון עוויאַן, אַז די צווישן־מלוכהשע קאָנפערענץ איז צונויפ־גערופן געוואָרן נישט אַזוי ווייט כדי צו העלפן די יידן, ווי צו האָבן אַ געלעגנהייט צו פאַראורטיילן דייטשלאַנד מאָראַליש און צו שעדיקן איר פּאָליטיש.

די מינכענער צייטונג „נייעסטע נאַכריכטן״ [18] האָט פאַרעפנטלעכט פאָלגנדיקן באַריכט: „דייטשלאַנד איז אויף דער דאָזיקער מערקווער־דיקער קאָנפערענץ נישט פאַרטראָטן. אונדז גייען נישט אָן די באַשלוסן, וואָס ווערן דאָרט אָנגענומען, ווייל ביי אונדז ווערט די יידן־פראַגע דורכ־געפירט קאָנסעקווענט און געלייזט שריט ביי שריט. אויב די יידן פון דייטשלאַנד ליגן דער וועלט אַזוי שטאַרק אויפן האַרצן, קאָן זי זיי האָבן. מיר געבן זיי גערן אַוועק און פאַרלאַנגען אפילו נישט דערפאַר קיין דאַנק״.

דער רייכס־שטאַטסהאַלטער פון עסטרייך, סעיס־אינקוואַרט, האָט גע־לאָזט וויסן, אַז אין טאָג ווען די קאָנפערענץ וועט זיך ענדיקן און עס וועט ביז דעמאָלט נישט אָנגענומען ווערן קיין פּאָזיטיווע שטעלונג צו דעם דייטשישן פאָרשלאָג, וועלן פערציק טויזנט יידן פון עסטרייך אַוועק־געשיקט ווערן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערס.

אויב אָבער ביזן 1טן אויגוסט (1938) וועט ווערן דעפּאָנירט אין אַ שווייצאַרישער באַנק, אויף אַ באַשטימטער קאָנטאָ, די סומע פון צען מיליאָן דאָלאַר — ווי אַ פּרייז פאַרן אויסקויף פון פערציק טויזנט יידן — וועט עס דורך דער רייכס־רעגירונג באַטראַכט ווערן ווי אַ סימן, אַז די אונטערהאַנדלונגען וועגן דעם ענין קאָנען זיך אָנהייבן. אין פאַל ווען דאָס

וועט צו שטאַנד קומען, וועט דער טראַנספּאָרט מיט די פערציק טויזנט יידן אָוועקגעשיקט ווערן צו דער שווייצאַרישער גרענעץ. דאָס געלט (צען מיליאָן דאָלאַר) מוז דעפּאָנירט ווערן אין באַנק דורך אַן אויסלענדישער רעגירונג אָדער רעגירונגען, אָבער באין אופן נישט דורך איינצלנע רייכע יידן. אויב דאָס וועט נישט געשען, דראָט די יידן פאַרניכטונג. האָט מען דעריבער אויסצוקלייבן: צום שעכטהויז אָדער צו דער פרייהייט.

מען האָט באין אופן נישט געקאָנט פאַרשטיין, פאַר וואָס די דייטשן שטעלן דעם באַדינג, אַז דאָס אויסקויפגעלט מוז איינגעצאָלט ווערן נאָר דורך רעגירונגען פון אויסלענדישע מדינות און נישט דורך פּריוואַטע מענטשן אָדער יידישע הילף־אינסטיטוציעס. איינס איז אָבער געווען קלאָר: מען טאָר דעם ענין נישט פאַרשלעפּן, ווייל אין קאָן שטייט דאָס לעבן פון פערציק טויזנט יידן.

נאָך לאַנגע דעבאַטעס, וואָס זענען געפירט געוואָרן אויף דער קאָנ־פערענץ, און אַ דאַנק די געשפּרעכן, וואָס די פאַרשטייער פון דער יידי־שער קולטוס־געמיינדע אין ווין האָבן אויף אַ פּריוואַטן אופן געהאַט מיט די דעלעגירטע, האָט מען מיט אַ מערהייט שטימען, דאָך באַשלאָסן אַרויפ־צונעמען אויפן טאָג־אָרדענונג דעם פאַרשלאָג פון די דייטשן.

אַ טייל דעלעגאַטן האָבן געהאַלטן, אַז דער פּלאַן אויסצוקויפן די יידן פון די דייטשן איז נישט קיין פּוסטע פאַנטאַזיע. דייטשלאַנד איז גרייט אַרויסצולאָזן די יידן, אָבער אונטער אַ באַדינג, אַז זיי זאָלן אויפ־גענומען ווערן אויף אַ באַשטימט אָרט, ווי אַן איזאָלירטע גרופּע. אַמ־ליבסטן וואָלט פאַר זיי געווען דער אינדזל מאַדאַגאַסקאַר, אָבער באין אופן נישט פּאַלעסטינע. דייטשלאַנד וואָלט געהאַט אַן אויסגעצייכנטן פּרע־טעקסט צו פאָדערן אַ פּאָר הונדערט מיליאָן דאָלאַר צו קאָנען, מכלומרשט, אָרגאַניזירן די מאַסן־אויסוואַנדערונג פון יידן. פראַנקרייך האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט איבערצוגעבן מאַדאַגאַסקאַר פאַר דער יידישער איינוואַנדערונג.

רעדנדיק וועגן דער געפאַר, וואָס עס דראָט די יידן מצד היטלער־דייטשלאַנד, אויב זייער פאַרשלאָג וועט אָפּגעוואָרפן ווערן, האָט אַמבאַ־סאַדאָר טיילאָר געזאָגט, אַז ער האַלט נישט די דייטשישע רעגירונג פאַר אַזוי נאַריש, אַז זי זאָל, אין איצטיקן מאָמענט, ווען זי דערוואַרט צו באַ־

קומען פון דער וועלט קאָנצעסיעס אין דער פראַגע פון סודעטן־לאַנד, אויספירן איר דראָונג צו פאַרניכטן די יידן.

דער פאָרשטייער פון פראַנקרייך האָט, אין שייכות מיט זיין נעגאַ־טיווער שטעלונג אין דער פראַגע פון מאַדאַגאַסקאַר פאַר יידן, זיך פאַר־טיידיקט מיט דער דערקלערונג, אַז זיין לאַנד האָט שוין ביז איצט אַריינ־געלאָזט קרוב צו 200.000 פליטים.

די פאָרשטייער פון דער יידישער אַגענץ אין ארץ־ישראל האָבן אָנגעוויזן, אַז די צאָל יידן אין הייליקן לאַנד איז, פונעם יאָר 1918 ביז 1937 געשטיגן פון 60.000 ביז 416.000. דאָס לאַנד איז אין שטאַנד, ביי אַ געהעריקער אונטערשטיצונג ביים לייזן דעם באַוואָסערונגס־פּראָבלעם, אויפצונעמען תיכף ומיד 240.000 יידן, און אין משך פון אַ ווייטערדיקער (קורצער) צייט — נאָך 500.000 יידן.

דאָ איז כדאי צוצוגעבן, אַז באַלד נאָך דער „קריסטאַל־נאַכט", אין נאָוועמבער 1938, האָט די יידישע אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע אין ארץ־ישראל, וואָס איז געווען טעטיק א"נ „מוסד לעליה ב'", אַרויסגע־שיקט קיין בערלין אירע פאָרשטייער (פינו גינזבורג און משה אָוערבאַך) צו אָרגאַניזירן פון דייטשלאַנד אַ געהיימע אויסוואַנדערונג פון יידן קיין ארץ־ישראל. כדי נישט צו רייצן די דייטשישע מאַכטהאָבער, וואָס האָבן זיך נישט געוואָלט אייננרייסן מיט די אַראַבער, האָט עס געהייסן, אַז די אויסוואַנדערונג גייט קיין מעקסיקע.

די אויסוואַנדערער פון דייטשלאַנד זענען אָפּגעפאָרן מיט שיפן, וואָס דער „מוסד" האָט פאַר זיי צוגעשטעלט. דער ערשטער טראַנספּאָרט איז אָפּגעגאַנגען אין חודש מאַרץ 1939 און איז באַשטאַנען פון 280 פערזאָן. זומערצייט 1939 איז אָפּגעשוומען פון דייטשלאַנד אַ טראַנספּאָרט פון 400 פערזאָן.

ווי עס גיט איבער אין זיינע זכרונות דער הגנה־פירער אליהו גאָ־לאָמב, האָט די בריטישע מאַנדאַטן־מאַכט, וואָס האָט באַקעמפט די אומ־לעגאַלע עליה, מאָביליזירט דעם בריטישן פלאָט, כדי נישט צו דערלאָזן, אַז די שיפן מיט די יידישע פליטים פון דייטשלאַנד זאָלן קאָנען אָנקומען קיין ארץ־ישראל. אין משך פון דער דאָזיקער אומלעגאַלער אויסוואַנ־

דערונג האָבן די ענגלישע קריגשיפן אויפגעכאַפּט 5.328 אומלעגאַלע פּליטים[19]. אייניקע שיפן איז אָבער דאָך געלונגען דורכצורייסן זיך דורך דער ענגלישער בלאָקאַדע, צווישן זיי אַ שיף מיט 800 יידישע פּליטים פון דייטשלאַנד.

פון דער צייט, וואָס היטלער איז געקומען צו דער מאַכט, אין יאָר 1933, ביזן סוף פון יאָר 1937 האָבן אויסגעוואַנדערט פון דייטשלאַנד קיין ארץ־ישראל קרוב צו 43 טויזנט יידן, צווישן זיי — מיט דער קינדער־ און יוגנט־עליה (פון 14 ביז 17 יאָר) : 2.204 קינדער. קיין אייראָפּעישע לענדער זענען אַנטלאָפן 32 טויזנט און אויסגעוואַנדערט איןביידע אַמעריקעס — 55 טויזנט דייטשישע יידן[20].

נאָכן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה, דעם 1טן סעפּטעמבער 1939, האָט זיך די אומלעגאַלע עמיגראַציע פון דייטשלאַנד געמוזט אָפּשטעלן און דאָס אַרויסראַטעווען די יידן פון דייטשלאַנד איז געוואָרן כמעט אוממעגלעך. אָבער אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן זענען פאַרצייכנט געוואָרן פאַלן, ווען איינצלנע דייטשישע יידן איז דאָך געלונגען אַרויסצובאַקומען זיך פון דייטשלאַנד, אַ דאַנק געפעלשטע אַרישע דאָקומענטן. די דאָזיקע דאָקומענטן האָט מען אָפּגעקויפט ביי פראַנצויזישע און בעלגישע קריסטלעכע פאַבריק־אַרבעטער, וועלכע מען האָט, בעת דער מלחמה, אַראָפּגעבראַכט קיין דייטשלאַנד. פאַר אַזאַ פּאַס האָט מען געצאָלט צו 150 רייכסמאַרק.

אָבער, ווי געזאָגט, איז נאָר געציילטע יידן געלונגען אַרויסצובאַקומען זיך אויף דעם אומלעגאַלן אופן.

אומקערנדיק זיך צו דער קאָנפערענץ אין עוויאַן, איז כדאי איבערצוגעבן די אַרויסזאָגונגען פון נאָך אייניקע דעלעגאַטן. דאָס וואַרפט אַ ליכט אויף דער איינשטעלונג פון די אויסלענדישע מדינות צו דעם אַזוי שטאַרק אָנגעווייטיקטן פּליטים־פּראָבלעם.

דער ענגלישער פאַרשטייער (סער דזשאָן שאָקבערג) האָט געהאַלטן, אַז עס איז נישט געוווּנטשן, אַז צוליב דרייסיק אָדער פערציק טויזנט יידן, וועלכע מען דאַרף ראַטעווען פון די פאַרפאָלגונגען, זאָל מען פאַרנאַכלעסיקן די אָנגעווייטיקטע פּראָבלעמען פון די טשעכן, פּאָליאַקן און

אונגאַרן און דערמיט פאַרלירן זייערע סימפּאַטיעס. „איך ווייס — האָט סער שאַקבערג געזאָגט — אַז מען פאַרדעכטיקט אונדז אין שטיצן קודם כל די אינטערעסן פון די איסלאַמישע לענדער. צי קאָן דען אַ מאָל נישט קומען אַ צייט ווען פראַנקרייך און דערנאָך די פאַראייניקטע שטאַטן וועלן זיך מוזן רעכענען מיט די אינטערעסן פון אייראָפּע אָדער פון די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער ?!"

דער פאַרשטייער פון דער שווייץ האָט אָפּגעגעבן אַ דערקלערונג, אַז זיין לאַנד האָט בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה אויפגענומען ביי זיך 150.000 קינדער [צווישן זיי אַ קליינער פּראָצענט יידישע קינדער — י. ט.]. היינט צו טאָג אָבער האָט די שווייץ 100.000 אַרבעטלאָזע, וועלכע קאָסטן אָפּ דאָס לאַנד איבער 100.000 מיליאָן פראַנק יערלעך. אַ סך שווייצער האָבן געמוזט אויסוואַנדערן פון לאַנד צוליב דער קאַטאַסטראָ־פאַלער ווירטשאַפטלעכער לאַגע. אין דער שווייץ געפינען זיך ביים היינ־טיקן טאָג 350 טויזנט פרעמדע, דאָס הייסט 9% פון דער גאַנצער באַפעל־קערונג. „מיר קאָנען דעריבער נישט רעקאָמענדירן, אַז די פליטים זאָלן פאַרבלייבן ביי אונדז אין לאַנד".

אין אַן ענלעכן זין האָבן זיך אַרויסגעזאָגט די פאַרשטייער פון אויס־טראַליע, ניי־זעלאַנד, עקוואַדאָר, פאַראַגוויי, מעקסיקע, אירלאַנד און ווענעזועלע.

אַ פּיל וואַרעמערע באַציִונג צו דער פליטים־פראַגע האָבן אַרויסגע־וויזן די דעלעגאַטן פון דענעמאַרק, האָלאַנד, שוועדן און אורוגוויי, ווי אויך — און קודם כל — דער פאַרשטייער פון דער דאָמיניקאַנער רע־פּובליק.

דער איינציקער אויסנאָם איז געווען די דאָמיניקאַנער רעפּובליק. דער פאַרשטייער פון טרוכיאָ האָט אַרויסגעבראַכט אַ קאָנקרעטן פאַרשלאָג: זיין לאַנד — האָט ער געזאָגט — איז גרייט אויפצונעמען אַ גרעסערע צאָל פליטים, וואָס זאָלן זיך קאָנען פאַרנעמען מיט אַגריקולטור־אַרבעט, ווי אויך אַ צאָל וויסנשאַפטלער און פּראָפעסיאָנאַלן [21].

דער דעלעגאַט פון באָליוויע (דער באַטשאַפטער פון באָליוויע אין דער שווייץ) האָט, צווישן אַנדערן, דערקלערט: „אין אונדזער לאַנד גע־

פינט זיך די קלענסטע צאָל יידן אין דער וועלט: דריי אָדער פיר הונ־דערט. אין יאָר 1936 האָבן מיר דערלויבט די איינוואַנדערונג פון אַ גע־וויסער צאָל דייטשישע יידן. פאַר אַסט־יידן איז באַליוויע פאַרמאַכט. אין יאָר 1937 האָבן מיר געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיטן דייטשישן רייך אָריינ־צולאָזן צו אונדז אין לאַנד 3.000 דייטשן — אויסשליסלעך אַריער. אונ־דזערע געזעצן באַשרענקען די איינוואַנדערונג פון רוסן, פּאָליאַקן, אַראַבער, יידן, כינעזער, מישלינגען, קראַנקע, קריפּלס, דעגענעראַטן, פאַרברעכער און קאָמוניסטן".

דער אַרגענטינער אַמבאַסאַדאָר האָט איבערגעגעבן, אַז אין זיין לאַנד לעבן שוין 270 טויזנט יידן.

דער באַטשאַפטער פון בראַזיל האָט געמאָלדן, אַז נאָך דער עטאַבלי־רונג פון נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישן רעזשים אין דייטשלאַנד האָט זיין לאַנד אויפגענומען ביי זיך 7.000 יידן און זיי געגעבן אַזילרעכט. „מיט אַ קורצער צייט צוריק — האָט ער ווייטער געזאָגט — האָבן מיר איינגע־פירט, אַז ביים אָפּגעבן אַ בקשה אויף צו באַקומען אַן אַריינפאָר־דער־לויבעניש אין אונדזער לאַנד, מוז דער איינוואַנדערער צושטעלן אַ טויף־שיין[22] און אין פרעגבויגן אויספילן צי ער איז אַן אַריער, סעמיט אָדער מאָנגאָל".

דער דעלעגאַט פון קאָלומביע, פּראָפעסאָר י. מ. יעפּעס, האָט, רעדנ־דיק וועגן דעם רעטונגס־פּלאַן, דערקלערט, אַז די קאָנפערענץ וועט פאַר־לייגן צו פאַרזאָרגן די 40.000 מענטשן מיט וויזעס און איינרייזע־דער־לויבענישן, אָבער די קאָנפערענץ דאַ דאַרף זיך איצט מער נישט באַשעפ־טיקן מיט דעם פּראָבלעם, נאָר אים איבערשיקן קיין לאָנדאָן, וווּ עס דאַרף זיך צונויפקומען דאָס פּערמאַנענטע ביוראָ פונעם פּליטים־קאָמיטעט, דעם 3טן אויגוסט 1938.

דער באַטשאַפטער פון ענגלאַנד (לאָרד ווינטערטאָן) האָט אין זיין שלוסוואָרט געזאָגט, אַז ענגלאַנד האָט אין איר מאַנדאַט־פאַרפליכטונג גענומען אויף זיך דעם חוב צו אונטערשטיצן די יידישע עמיגראַציע קיין פּאַלעסטינע. די צאָל יידן, וואָס האָבן אין די לעצטע יאָרן איינגעוואַנ־דערט קיין פּאַלעסטינע באַטרעפט צוזאַמען פערציק טויזנט. די קרוין־

קאַלאָניע קעניאַ איז גרייט אויפצונעמען אַ געוויסע צאָל יידישע איינ־וואַנדערער, אָבער אין אַ באַשרענקטער צאָל, פאַרשטייט זיך.

כאַראַקטעריסטיש איז די שטים פונעם פאַרשטייער פון וואַטיקאַן: פאַטער אַדאַ, וועלכער איז געקומען צו דער קאָנפערענץ בלויז ווי אַ באַאָבאַכטער און האָט אויף אַ פּריוואַטן אופן איבערגעגעבן, אַז דער וואַטיקאַן באַזיצט אינפאָרמאַציעס, אַז דייטשלאַנד האָט קיין מאָל נישט געהאַט בדעה אַרויסצולאָזן פון לאַנד די יידן, נישט נאָר פאַר דעם פּרייז פון 250 דאָלאַר פאַר אַ פּערזאָן, נאָר אויך נישט פאַר אַ צענפאַכיק העכערער סומע, און אַפילו נישט פאַר אַ הונדערטפאַכיקער.

„די שפּיל, וואָס דייטשלאַנד פירט מיט די יידן — האָט ער גע־זאָגט — איז נאָך באַשלאָסן געוואָרן אין בערלין מיט אַ סך חדשים צוריק. מען האָט בלויז געוואַרט אויף אַ גינסטיקער געלעגנהייט אַרויס־צוברענגען זי אויף דער בינע. דייטשלאַנד וועט נישט דערלויבן די יידן אַרויסצופירן פון לאַנד, אַפילו נישט איין פּעניג מער ווי 10 רייכסמאַרק, און דערצו וויל זי נאָך באַקומען פאַר אַרויסלאָזן זיי — אַ מאַטעריעלע פאַרגיטיקונג. היטלער האָט דערקלערט, אַז ווען עס וועט קומען צו שלום־אונטערהאַנדלונגען מיט די אַליִירטע, וועט אויפן ערשטן פּלאַן שטיין די פאָדערונג איבערצוגעבן דייטשלאַנד אַלע יידן פון דער וועלט".

ווען די קאָנפערענץ אין עוויאַן איז זיך צונויפגעקומען צו דער שלוס־זיצונג, האָט מען דעם טעקסט פון דער רעזאָלוציע פונאַנדערגעטיילט אַלע דעלעגאַטן און אויך די פּרעסע־פאַרשטייער.

די רעזאָלוציע איז באַשטאַנען פון זעקס פאַרשלאָגן און זעקס פעסט־שטעלונגען. עס זענען געשאַפן געוואָרן פאַרשידענע קאָמיסיעס און סוב־קאָמיסיעס, אָבער קיין ממשותדיקע רעזולטאַטן וועגן הילף פאַר די פּליטים זענען אויף דער קאָנפערענץ נישט באַהאַנדלט געוואָרן.

אַמבאַסאַדאָר טיילאָר האָט, אמת, דערהאַלטן אַ טעלעגראַמע פון פּרע־זידענט רוזוועלט: „לאָזט וויסן די אָנטיילנעמער פון דער קאָנפערענץ, אין שטרענג פאַרטרוילעכע שמועסן, אָבער אין מיין נאָמען, אַז די פאַראייניקטע שטאַטן זענען גרייט צו העכערן זייער יערלעכע איינוואַנדערונגס־קוואָטע

אין דער זעלביקער צאָל, וואָס אַלע איבעריקע לענדער צוזאַמען וועלן גרייט זיין אויפצונעמען ביי זיך".

די דאָזיקע טעלעגראַמע איז ביי דער שלוסזיצונג פון דער קאָנפע־רענץ נישט פאַרגעלייענט געוואָרן, דאַקעגן האָט דער אַמבאַסאַדאָר טיי־לאָר געדאַנקט די פאַרזאַמלטע פאַר דער אַטמאָספער, וואָס זיי האָבן געשאַפן בעת דער קאָנפערענץ, אונטערשטרייכנדיק דערביי, אַז אַ דאַנק דעם גייסט פון צוזאַמענאַרבעט, מיט וועלכער עס זענען געווען באַזעלט אַלע אָנטיילנעמער, איז געלונגען צו לאָזן אין באַוועגונג אַ מעכאַניזם, וואָס וועט דערמעגלעכן צו פאַרבעסערן דעם גורל פון די אומגליקלעכע מענטשן, מיט וועלכע מען האָט זיך דאָ פאַרנומען.

אין דעם פאַרטרוילעכן באַריכט, וואָס דער אַמעריקאַנער פאַרטרע־טער האָט אַרויסגעשיקט צום פּרעזידענט רוזוועלט וועגן דער קאָנפערענץ, ווערט, צוו. אַנד. געזאָגט: „אין די אייראָפּעיִשע דעמאָקראַטיעס הערשט אַ קאַטאַסטראָפאַלע אַרבעטלאָזיקייט. פאַלעסטינע וואָלט געקאָנט אויפנע־מען אַ גרעסערן קאָנטינגענט יידן, אָבער ענגלאַנד האָט נישט קיין אינ־טערעס צו שטאַרקן די ציוניסטן און דערמיט צעשטערן אין צעטיילטן לאַנד, די גלייכגעוויכט, וואָס זאָל נישט זיין לטובת די אַראַבער.

„די נייענצן לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער — ווערט ווייטער געזאָגט אין דעם באַריכט — געפינען זיך אין מאַטעריעלע שוועריקייטן, מאַנכע פון זיי האָבן ביי זיך איינפלוסרייכע דייטשישע מינדערהייטן, פון וועלכע די מערהייט סימפּאַטיזירט אָפן מיט היטלערן. אין די לענדער ווו עס הערשט נישט קיין ראַסנהאַס, ווי אין בראַזיל, האַיִטי און אין דער דאָמי־ניקאַנער רעפּובליק, הערשט אָבער אַ רעליגיעזער פאַראורטייל. אַ גע־וויסע צאָל לענדער האָבן צוגעזאָגט צו באַמיִען זיך צו שאַפן אַ מעג־לעכקייט פאַר אַ פאַרגרעסערטער עמיגראַציע־באַוועגונג, וואָס זאָל דורכ־געפירט ווערן אין די ראַמען פון געזעצן פון דעם געגעבענעם לאַנד".

די קאָנפערענץ אין עוויאַן האָט זיך פאַרענדיקט דעם 15טן יולי 1938 מיט דעם באַשלוס (אַנגענומען איינשטימיק) צו באַטראַכטן ווייטערדיקע פאַרשלאַגן, אין חודש אויגוסט, אין לאָנדאָן. דאָרט ווערט געשאַפן דאָס פערמאַנענטע פליטים־ביוראָ פון דעם צווישן־מלוכהשן קאָמיטעט.

די 40.000 עסטרייכישע יידן זענען דערוויייל דורך די דייטשן אַוועק־געשיקט געוואָרן אין קאָנצענטראַציע־לאַגערס. זייער גורל, פונקט ווי דער גורל פון די איבעריקע יידן, איז אַלעמען גוט באַקאַנט.

די קאָנפערענץ אין עוויאַן האָט זיך באַמיט נישט צו פאַרוואַנדלען דעם פליטים־פּראָבלעם אין אַ ריין יידישן פּראָבלעם, נייערט אים צו באַהאַנדלען ווי אַן אַלגעמיינעם פּאָליטישן ענין, וואָס דאַרף דעצידירט און געלייזט ווערן דורך אַ פאַראייניקטער אינטערנאַציאָנאַלער אַקציע, דורך רעגירונגען פון דער פרייער וועלט.

עס האָט זיך געשאַפן דער איינדרוק, אַז די קאָנפערענץ אין עוויאַן האָט געוואָלט אַראָפּוואַרפן פון זיך די שווערע לאַסט, וואָס מען האָט אויף איר אַרויפגעלייגט.

## שווייץ — הויפטצענטער פון אויסטויש

דאָס יאָר 1942 איז געווען דאָס דעצידירנדיקע פאַרן גורל פונעם יידישן פאָלק אין דער דורך די דייטשן אָקופּירטער אייראָפּע.

אין יאָר 1942 איז היטלער־דייטשלאַנד צוגעטראָטן דורכצופירן דעם אָנגעזאָגטן פּראָצעס פון דער ענדגילטיקער לייזונג פון דער יידנפראַגע. צו דעם צוועק האָבן די היטלעריסטן אויפגעשטעלט גאַזקאַמערן אין פּוילן און אָנגעהויבן די ליקווידאַציע פונעם אייראָפּעישן יידנטום, הגם זיי האָבן שוין אין דער ערשטער העלפט פון יאָר 1941 אָנגעהויבן דאָס פאַר־גאַזן יידן אין הערמעטיש פאַרמאַכטע אויטאָס, אין כעלמנאָ (פּוילן), און שפּעטער — אויף די פאַרנומענע רוסישע געביטן.

נישט אומזיסט האָט דער גרויסמופטי פון ירושלים, האַדזשי אַמין על הוסייני, וואָס איז אין מאַי 1942 געווען אין בערלין, ווי היטלערס אַ גאַסט, געזאָגט: „דייטשלאַנד האָט, להיפך צו ענגלאַנד, קיין מאָל נישט גע־פּרווט באַהערשן די אַראַבישע לענדער; און די פאַרגאַנגענהייט פון אַ פאָלק איז דאָך דער שפּיגל פון זיין צוקונפטיקער האַלטונג".

אין דעם אינטערוויו, וואָס דער גרויסמופטי האָט דעמאָלט געגעבן דעם פאַרטרעטער פון „עוראָפּאַ־פּרעס", האָט ער דערקלערט: „דייטשלאַנד איז דאָס איינציקע לאַנד, וואָס זוכט ענדגילטיק צו לייזן דאָס יידישע פּראָבלעם, און דאָס אָנטשפּרעכט דאָך אויך די אינטערעסן פון די אַראַ־בער". דער פולער טעקסט פון דעם אינטערוויו איז געווען אָפּגעדרוקט דעם 31סטן מאַי 1942 אין דער „דויטשע צייטונג אין אָסטלאַנד".

אין דער דאָזיקער גורלדיקער פאַר אונדז צייט איז נאָך אַלץ אָנגע־גאַנגען דער אויסטויש פון יידן. דער אויסטויש איז פאַרגעקומען אויפן

סמך פון די דאָקומענטן, וויזעס, אַריינפאַר־דערלויבענישן, וואָס זענען אָנגעקומען פון אויסלאַנד, ווי אויך סערטיפיקאַטן פון ארץ־ישראל.

אָנהויב 1940 האָבן זיך אין אייראָפּע געגרינדעט פּליטים־קאָמיטעטן, וואָס האָבן זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו העלפן די פּליטים אויפן אָרט, ווי אויך צו אָרגאַניזירן די יידישע עמיגראַציע פון די דורך די דייטשן פאַרנומענע געביטן. אַזעלכע קאָמיטעטן זענען אַנטשטאַנען אין דער שווייץ (גענף, ציריך, באַזעל, לאָזאַן), האָלאַנד (אַמסטערדאַם), סלאָוואַקיע (בראַטיסלאַוואַ), בעלגיע (בריסעל), אונגאַרן (בודאַפּעשט), איטאַליע (גענוע, טריעסט), ליטע (קאָונאַס און ווילנע), דענעמאַרק (קאָפּענהאַגען), נאָרוועגיע (אָסלאָ), טשעכיע (פּראָג), שוועדן (שטאָקהאָלם), לעטלאַנד (ריגע), עסטרייך, (ווין), יוגאָסלאַוויע (זאַגרעב), דייטשלאַנד (בערלין), פינלאַנד און אויך אין פּאַלעסטינע.

דער הויפּט־מקור פון צושטעלן די נייטיקע פּאַפּירן איז געווען די שווייץ. פון דאָרט האָבן זיך געצויגן אַלע פעדעם צו די לענדער, וואָס זענען געווען אָקופּירט דורך די דייטשן. אָבער אויך אַנדערע לענדער, ווי טערקיי, שפּאַניע און פּאָרטוגאַל האָבן געדינט פאַר אַן אויסטויש־פּלאַצדאַרם.

טערקיי, למשל, האָט געשפּילט אַ גאָר וויכטיקע — און אפשר די וויכטיקסטע — ראָל ביים פאַרזאָרגן פּאַפּירן און איינרייזע־דערלויבענישן קיין ארץ־ישראל. די דאָקומענטן און סערטיפיקאַטן זענען לרוב געשיקט געוואָרן דורך דער פאַרמיטלונג פון פאַרשידענע יידישע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס, וואָס האָבן זיך געפונען אין דער שווייץ.

די אָרגאַניזאַציעס, ווי אויך געוויסע געזעלשאַפטלעכע טוער, האָבן אַליין, אויף אייגענער האַנט, אָנגעבונדן קאָנטאַקטן מיט קאָנסולאַרע פאַרשטייער פון אַ ריי אויסלענדישע מדינות, וואָס האָבן זיך געפונען אין דער שווייץ. אַ דאַנק זייער מיטהילף איז געלונגען אַרויסצובאַקומען אַ גרויסע צאָל פּעסער און וויזעס, און אין געוויסע פאַלן — אויך אַריינפאַר־דערלויבענישן אין די לענדער, וואָס זענען געווען גרייט אויפצונעמען ביי זיך די דורך די נאַציס פאַרפאָלגטע יידן. ליידער האָבן צו דער דאָזיקער קאַטעגאָריע געהערט בלויז אַ פאַר געציילטע לענדער.

אין יאָר 1942 איז פאָרגעקומען דער ערשטער אויסטויש פון דייַ־טשישע דיפּלאָמאַטן, וועלכע זענען צוליב דער מלחמה, געבליבן אינטער־נירט אין די פאַראייניקטע שטאַטן. זיי זענען אויסגעטוישט געוואָרן אויף אַמעריקאַנער בירגער, וועלכע זענען געווען אינטערנירט אין דייטשלאַנד אָדער האָבן זיך געפונען אין די דורך זיי אָקופּירטע געביטן. צוזאַמען מיט דער ערשטער אויסטויש־גרופּע זענען אויך אַרויסגעפאָרן 18 יידן — בירגער פון די פאַראייניקטע שטאַטן. די גרופּע יידן האָט זיך ביז דער מלחמה געפונען אין סקאָטלאַנד, ווו זיי האָבן שטודירט מעדיצין. נאָכן פאַרענדיקן דעם אוניווערסיטעט, אין יאָר 1941, האָבן זיי, נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה, באַקומען אַ באַפעל פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג, אָפּצופאָרן קיין שווייץ.

איינער פון דער אַמעריקאַנער מעדיקער־גרופּע, ד״ר סימאָר בראַונ־שטיין, פון ברוקלין — ניו־יאָרק, האָט אין דער שווייץ חתונה געהאַט מיט האַלינאַ שוואַרצבאַום. זי איז, צוזאַמען מיט אירע עלטערן אַלפרעד און מרים שוואַרצבאַום, און איר יינגערער שוועסטער אירענאַ, אַנגעקומען קיין שווייץ פון פּוילן דעם 28סטן אַפּריל 1940. הגם האַלינאַ האָט געהאַט אַ פּוילישן פּאַס, האָט זי, צוליב דער התונה מיט אַן אַמעריקאַנער בירגער, באַקומען די אַמעריקאַנער וויזע, און צוזאַמען מיט איר מאַן און מיט דער איבעריקער גרופּע פון 18, אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע.

דעם 1טן מאַי 1942 האָבן זיי אַלע פאַרלאָזט גענף און אַוועק קיין פּאָרטוגאַל. דאָרט האָט זיך די גרופּע, די אַזוי גערופענע שווייצער, פאַר־אייניקט מיט די אַנדערע אַמעריקאַנער, וואָס זענען אַהין געקומען פון די אינטערנירונגס־לאַגערס אין דייטשלאַנד. פון פּאָרטוגאַל איז די גרופּע אַמעריקאַנער אויפגענומען געוואָרן דורך אַ טראַנספּאָרט־שיף, וואָס איז נאָכגעגאַנגען דעם שוועדישן מינע־צעשטערער „גריבסהאָלם״.

אין דעם זעלביקן יאָר איז אַ גרופּע פון 16 יידן — אַלע פּאַלעסטינער בירגער — וואָס זענען פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה אַנגעקומען אויף קוראַציע אין דער שווייץ (דאַוואָס, לעיזען און אַנדערע קורערטער) גע־לונגען אַרויסצופאָרן קיין ארץ־ישראל דורך דער פּאָרטוגעזישער קאָלאָ־ניע (מאָזאַמביק), וואָס ליגט אין דרום־מזרח אַפריקע, ביים אינדישן

אַקעאַן. די דאַזיקע אַקציע איז דורכגעפירט געוואָרן אַ דאַנק דער הילף און פאַרמיטלונג פון דער שווייצער אָרגאַניזאַציע פאַר יידישע פּליטים.

די שווייצאַרישע רעגירונג איז געווען פאַראינטערעסירט אין דעם, אַז וואָס מער אויסלענדער, וואָס געפינען זיך ביי זיי אין לאַנד, זאָלן עס וואָס גיכער פאַרלאָזן. זיי האָבן דעריבער אויך פינאַנסיעל מיטגעהאָלפן אין דער נסיעה פון דער פּאַלעסטינער גרופּע.

צו יענער צייט האָבן זיך אין דער שווייץ געפונען צוויי יונגע יידישע דאָקטוירים פון פּוילן: ד״ר יעקב לאַזעבניק און ד״ר יעקב קאַינער, וועלכע האָבן שטודירט מעדיצין אין בעלגיע. בעתן אויסברוך פון דער מלחמה איז זיי געלונגען אַנצוקומען אין דער שווייץ. די צוויי יונגע דאָקטוירים האָבן געוואָלט מיטפאָרן מיט דער פּאַלעסטינער גרופּע קיין ארץ־ישראל. היות זיי זענען נישט געווען קיין פּאַלעסטינער בירגער, האָט די שווייצאַרישע מאַכט זיי נישט געוואָלט אַרויפשטעלן אויף דער פּאַלעסטינער ליסטע. די שווייצער האָבן זיך אין די מלחמה־יאָרן שטאַרק געניייטיקט אין דאָקטוירים. די צוויי יידישע דאָקטוירים האָבן דעריבער געהאַט אַ מעגלעכקייט זיך גוט איינצואָרדענען אין דער שווייץ. זיי האָבן אָבער באַשלאָסן זיך צו באַזעצן אין ארץ־ישראל.

מיט דעם דאָזיקן פאַל האָט זיך פאַראינטערעסירט אַלפרעד שוואַרצ־באַום, וועלכער איז אַליין געווען אַ פּליט פון פּוילן. ער האָט ווי ווייט מעגלעך געהאָלפן די יידישע פּליטים אין דער שווייץ. ער האָט אויך געמאַכט גרויסע אָנשטרענגונגען אַרויסצוראַטעווען יידן פון די דייטשישע אָקופּירטע געביטן.

אין פאַל פון די צוויי יידישע דאָקטוירים איז שוואַרצבאַומען געלונ־גען, אַ דאַנק דער מיטהילף פונעם פאָרזיצער פון דער שווייצער אָרגאַ־ניזאַציע פאַר יידישע פּליטים — ס. גוגענהיים, אַרויפצושטעלן די צוויי יונגע יידישע דאָקטוירים אויף דער פּאַלעסטינער ליסטע. עס האָט גע־הייסן, אַז זיי וועלן באַגלייטן די גרופּע פּאַלעסטינער בירגער, כדי זיי, בעת דער לאַנגער רייזע, צו דערטיילן מעדיצינישע הילף. אַזוי אַרום זענען ד״ר לאַזעבניק און ד״ר קאַינער געווען, בעת דער צווייטער וועלט־

מלחמה, צווישן די ערשטע, וואָס זענען לעגאַל געקומען פון דער שווייץ קיין ארץ־ישראל.

שווייץ איז געווען דאָס לאַנד, וואָס האָט אַמאָל געשמט מיט איר איידעלער טראַדיציע פון טאָלעראַנץ ביי געבן אַ צייטווייליקן מקום־מקלט פּליטים, וועלכע האָבן צוליב פּאָליטישע אָדער רעליגיעזע פאַרפאָלגונגען געמוזט פאַרלאָזן זייער היימלאַנד (צוליב דער לעבנס־געפאַר, וואָס האָט זיי דאָרט געדראָט). די שווייצאַרישע גרענעץ איז פאַר אַזעלכע עמיגראַנטן תמיד געשטאַנען אָפן. דער דאָזיקער הומאַניטאַרער מצב האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. אין חודש אָקטאָבער 1938 איז אין דעם פּרט פאָרגעקומען אַן ענדערונג לרעה, צוליב דעם נייעם געזעץ, וואָס דער שווייצער בונדעסראַט האָט איינגעפירט אין דעם פּליטים־סטאַטוס.

דעם 4טן אָקטאָבער 1938 האָט דער שווייצער בונדעסראַט אָנגענומען אַ בפירוש אַנטי־יידישן געזעץ: דייטשישע בירגער, וואָס זענען, לויט די נייע נירנבערגער געזעצן פונעם 15טן סעפּטעמבער 1935, נישט געווען פון אַרישער אָפּשטאַמונג, האָבן געקאָנט אַריבערגיין די שווייצאַרישע גרע־נעץ בלויז אין פאַל, ווען זייערע פּעסער וועלן זיין פאַרזען מיט אַ וויזע פון שווייצאַרישן קאָנסולאַט אין דייטשלאַנד. דאָס זעלביקע איז אויך גע־ווען חל פאַר בירגער מיט עסטרייכישע פּאַספּאָרטן. אין ווייטערדיקן עטאַפּ האָט דאָס נייע געזעץ אַרומגענומען אויך פּליטים, וואָס האָבן אָנגעהויבן צו שטאַמען פון פראַנקרייך, בעלגיע און איטאַליע.

כדי די קאָנסולאַטן פון די דערמאָנטע לענדער, ווי אויך די שווייצאַ־רישע גרענעץ־באַאַמטע זאָלן קאָנען אונטערשיידן אַ פּליט מיט אַ דיי־טשישן פּאַס, וואָס איז, לויט די נייע דייטשישע געזעצן, נישט פון אַרי־שער אָפּשטאַמונג, האָבן די שווייצער פּאָליציי־אינסטאַנצן פאַרגעלייגט דער דייטשישער מאַכט איינצופירן פאָלגנדיקע ענדערונגען: ביים אַרויס־געבן אַ פּאַס פאַר אַ יידן, זאָל מען אָוועקשטעלן אויף אים אַ דריי־צענטי־מעטערדיקן הויכן אות „י״ — דער „י״ דאַרף זיך געפינען אין פּאַס פון אויבן, אויף דער ערשטער זייט, באַלד לעבן דער דאַטע פונעם אויסגעשטעלטן פּאַס, כדי אָנצווייזן די ראַסן־אָנגעהעריקייט פון דער געגעבענער פּערזאָן. אַזוי אַרום וועלן די קאָנסולן אין דייטשלאַנד, עסט־

רייך און אַנדערע לענדער, ווי אויך די שווייצאַרישע גרענעץ־באַאַמטע זיך תיכף קאָנען אָריענטירן ווער עס איז נישט באַרעכטיקט צו באַקומען אַ דערלויבעניש אַריינצוקומען אין דער שווייץ. דאָס וועט אויך פאַר־היטן — ווי די געזעץ־געבער האָבן פאַרזיכערט — פאַרשידענע אומאַנ־גענעמלעכקייטן דעם רייכס אַריער און אים פאַרלייכטערן אין קאָנסולאַט אַרויסצובאַקומען אַ שווייצאַרישע וויזע, כדי ער זאָל קאָנען אומגעשטערט אַריבערגיין די שווייצער גרענעץ.

די דאָזיקע דראַקאָנישע אַנטי־יידישע ענדערונג איז איינגעפירט גע־וואָרן לויט דער איניציאַטיוו פון דעם שעף פון דער פעדעראַלער פרעמדן־פּאָליציי אין דער שווייץ — ד״ר היינריך ראָטמונד, וועלכער האָט זיך באַטייליקט, ווי אַ דעלעגאַט פון דער שווייץ אין דער צווישן־מלוכהשער פּליטים־קאָנפערענץ אין עוויאַן — די קאָנפערענץ, וואָס האָט געדאַרפט לינדערן דעם גורל פון די אומגליקלעכע פּליטים.

די שווייצאַרישע בונדעס־רעגירונג האָט זיך נאָך צוגעאיילט מודיע צו זיין וועגן דעם נייעם געזעץ אירע אויסלענדישע דיפּלאָמאַטישע פאַר־שטייער אין אייראָפּע, אין דעם זעלביקן טאָג (דעם 4טן אָקטאָבער 1938) ווען עס איז אָנגענומען געוואָרן די אַנטי־יידישע אויסבעסערונג.

צוליב די פּראָטעסטן, וואָס האָבן אָנגעהויבן צו שטראָמען פון פאַר־שידענע זייטן אין דער שווייץ, ווי אויך אַ דאַנק דער אינטערווענץ פון אַ ריי יידישע פאַרשטייער, האָבן די באַטרעפנדיקע אינסטאַנצן זיך אָנגע־הויבן צו פאַרענטפערן, אַז אויך אַנדערע לענדער, און אַפילו די פאַראיי־ניקטע שטאַטן פון אַמעריקע, האָבן איינגעפירט אַ שטרענגע קאָנטראָל ביים אַרויסגעבן אַריינפאַר־דערלויבענישן. דאָס וועט אויסמיידן — האָבן זיי געטענהט — צוריקשיקן פון דער שווייץ די נישט געזעצלעך אַריינ־געקומענע פּליטים, וואָס האָבן מאַסנווייז אָנגעהויבן אַריבערצוגיין די גרענעצן פון דייטשלאַנד און עסטרייך.

לויט די אָפיציעלע באַריכטן, זענען צו די געהעריקע אינסטאַנצן אין דער שווייץ אַריינגעפלאָסן פיל טויזנטער בקשות פון פּליטים, וואָס האָבן זיך באַמיט צו באַקומען אַ צייטווייליקע דערלויבעניש אויפצוהאַלטן זיך

אין לאַנד, — ביז זיי וועלן האָבן די מעגלעכקייט צו עמיגרירן אין אַן אַנדער לאַנד. אַזעלכע בקשות האָבן בלויז אין איין חודש (דעצעמבער 1938) דערגרייכט די צאָל 9.984.



פון 8טן ביזן 10טן נאָוועמבער 1938 האָט די עליטע פון „נייעם דייטש־לאַנד" דורכגעפירט אין די שטעט פון דייטשלאַנד רויבערייען, אונטער־צינדונגען און מאָרדן איבער יידן. ביז צוויי הונדערט סינאַגאָגעס און איבער 7.000 יידישע געשעפטן און היימען זענען אין די פּאָר טעג אונטערגע־צונדן געוואָרן. די דאָזיקע וואַנדאַלישע אַרויסטרעטונגען לגבי די יידישע מיטבירגער אין דייטשן רייך איז געשטאַנען אונטערן צייכן פון דער „קריסטאַלנאַכט".

די דייטשישע פּאָליציי האָט אין יענע טעג אַרעסטירט קרוב צו 25.000 יידן, פון דעם — בלויז אין בערלין אַליין: 3.000 דאָקטוירים, געלערנטע, פאַרלעגער פון וויסנשאַפטלעכע מאַגאַזינען, שריפטשטעלער, זשורנאַליסטן, קינסטלער און בכלל — אינטעלעקטואַלן. אַזוי אַרום איז מיט איין מאָל פאַרניכטעט געוואָרן די עקזיסטענץ פון איבער 100.000 דייטשישע יידן. אַ ווייט גרעסערע צאָל דייטשישע יידן איז פאַרבליבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ. פון דעמאָלט אָן איז יידן פאַרווערט געוועזן איבערצוטרעטן באַשטימטע שטאָט־קוואַרטאַלן, גאַסן, פּאַרקן און עפנטלעכע געביידעס, ווי טעאַ־טערס, קינאָס, מוזייען און ספּאָרט־פּלעצער. אין באַשטימטע שעהען איז אויך פאַרווערט געוועזן פאַר יידן בכלל זיך צו באַווייזן אין דער עפנט־לעכקייט. די יידן האָבן נאָך צו דעם אַלעם געמוזט באַצאָלן פאַר אַלע שאָדנס, וואָס די וואַנדאַלן האָבן אָנגעמאַכט. עס איז אויף זיי אַרויפגע־לייגט געוואָרן אַ קאָנטריבוציע פון איין ביליאָן רייכסמאַרק.

לויטן אָפיציעלן באַריכט פונעם שעף פון דער זיכערהייטס־פּאָליציי הײנריך היידריך, וואָס ער האָט צוגעשטעלט דעם מיניסטער־פּרעזידענט פעלדמאַרשאַל גערינג, דעם 11טן נאָוועמבער 1938, ווערט איבערגעגעבן,

אַז „191 סינאַגאָגעס זענען אונטערגעצונדן געוואָרן און 76 סינאַגאָגעס זענען פולשטענדיק דעמאָלירט געוואָרן, 36 יידן זענען דערהרגעט געוואָרן, 76 שווער פאַרוואונדעט און 1 ייד פעלט. צווישן די דערהרגעטע און פאַרוואונדעטע געפינען זיך דריי יידן מיט פוילישער בירגערשאַפט. צווישן די אַרעסטירטע 20.000 יידן זענען פאַראַן 3 אויסלענדער, וועלכע מען האָט פאַרהאַלטן צוליב זייער אייגענער זיכערקייט".

די דאָזיקע פאַרקלענערטע ציפערן, וואָס היידריך האָט אָנגעגעבן אין זיין באַריכט זענען — ווי מען זעט עס פון די פריער דורך אונדז איבער־געגעבענע ציפערן, וואָס שטאַמען פון די יידישע קוואַלן — ווייט פו־נעם אמת[23].

נאָך דער „קריסטאַלנאַכט" אין דייטשלאַנד האָט זיך פאַרגרעסערט די צאָל יידן, וועלכע האָבן זיך געווענדט צו דער שווייצאַרישער געזאַנד־שאַפט אין בערלין נאָך טראַנזיט־וויזעס. אָבער צוליב דער נייער שווייי־צאַרישער פאַראָרדענונג האָבן כמעט אַלע יידן באַקומען אַן אָפּזאָג.

דער רעגירונגס־ראַט פון קאַנטאָן באַזעל־שטאָט, פּראָפעסאָר ד"ר קאַרל לודוויג האָט אין אַ באַריכט, וואָס ער האָט אָפּגעגעבן אין בונדעסראַט וועגן דער פּליטים־פּאָליטיק אין דער שווייץ, איבערגעגעבן אַ ריי פאַקטן וועגן דעם אָנגעוווייטיקטן פּליטים־פּראָבלעם (אָנהייבנדיק פון יאָר 1937), וואָס איז ביז דעמאָלט ווייניק געווען באַקאַנט אין דער עפנטלעכקייט. פּראָפעסאָר לודוויג האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף די גרויסע שוועריקייטן, וואָס מען מאַכט יידן ביים אַרויסבאַקומען די טראַנזיט־וויזעס פון דער שווייץ. צוליב דער דראַקאָנישער האַנדלונג פון דער שווייצאַרישער רעגי־רונג האָבן צענדליקער טויזנטער יידן פאַרלוירן זייער לעבן, ווייל מען האָט זיי אָפּגעזאָגט, אָדער אין בעסטן פאַל — צו שפּעט, געגעבן די טראַנ־זיט־וויזעס.

פּראָפעסאָר לודוויג האָט, צווישן אַנדערן, דערציילט, אַז נאַצישע קינסט־לער האָט מען אומגעשטערט אַרויסגעגעבן שווייצאַרישע וויזעס, אָבער קינסטלער פון יידישער אָפּשטאַמונג האָבן אַזאַ דערלויבעניש באַין אופן נישט געקאָנט באַקומען. אַ דייטשישער דראַמאַטורג, ד"ר קורט הירש־פעלד, וועלכער האָט אַ צייט לאַנג געאַרבעט אין דייטשישן שוישפּיל־

הויז אין ציריך, האָט אין די היטלער־יאָרן געוואָלט קומען אויף קוראַציע אין דער שווייץ. דער פאַראַנטוואָרטלעכער פּאָליציי־קאָמיסאַר האָט אים אָבער נישט געוואָלט געבן די נייטיקע דערלויבעניש. ער האָט געענט־פערט אויף הירשפעלדס בקשה: „איר האָט דאָך אין אייער פּאַס דעם יידן־שטעמפּל״.

עטלעכע הונדערט דייטשישע יידן, וועלכע האָבן צוליב דער גייער שווייצאַרישער געזעצגעבונג נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט אַריינצו־קריגן זיך אין דער שווייץ אויף טראַנזיט־וויזעס, הגם זיי האָבן שוין געהאַט אין זייער באַזיץ אַמעריקאַנער קוואָטע־נומערן אויף צו באַקומען די אַמעריקאַנער וויזעס, האָבן באַשלאָסן, צוזאַמען מיט אַנדערע דייטשישע יידן, אַפּצופאָרן קיין קובאַ.

פאַר אַ גרויסער סומע געלט איז זיי געלונגען אַרויסצובאַקומען פאַר זיך אַ צייטווייליקע אויפהאַלט־דערלויבעניש אין קובאַ. מיט דער שיף „סענט לויס״ האָבן זיי פאַרלאָזט דייטשלאַנד דעם 13טן מיי 1939. אויף דער שיף האָבן זיך געפונען 930 פּאַסאַזשירן, פון וועלכע 734 האָבן געהאַט די אַמעריקאַנער קוואָטע־נומערן. ווען די שיף האָט שוין געהאַלטן ביים דערנענטערן זיך צו האַוואַנאַ, האָט די קובאַנער מאַכט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל נישט אַראָפּצולאָזן די פּאַסאַזשירן אויפן ברעג. דער מאָטיוו איז געווען: זיי זאָלן, מכלומרשט, האָבן געפעלשטע דאָקומענטן, הגם די דאָ־קומענטן זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך אַן אָפיציעלער קובאַנער מלוכהשער אינסטאַנץ. אַן אַנדערע קובאַנער העכערע אינסטאַנץ האָט אָבער נישט אָנערקענט די אַרויסגעגעבענע דערלויבעניש און געצוווּנגען די שיף צו פאַרלאָזן די קובאַנער טעריטאָריאַלע וואַסערן.

די פּאַסאַזשירן פון דער שיף האָבן אַרויסגעשיקט הילפרופן צו זייערע קרובים אין אַמעריקע, צו יידישע אינסטיטוציעס, ווי דזשאָינט, וועלט־קאָנגרעס א״אַ, און געבעטן צו אינטערווענירן. עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. די שיף מיט די פּאַסאַזשירן האָט געמוזט פאַרלאָזן די וואַסערן פון קובאַ.

ווען די שיף מיט די פּליטים האָט זיך אָנגעהויבן צו דערנענטערן צום אַמעריקאַנער ברעג, נעבן מאַיאַמי, האָבן די פּאַסאַזשירן אַרויסגעשיקט אַ

טעלעגראַמע מיט אַ פּאַרצווייפלטן הילפרוף צום פּרעזידענט רוזוועלט. זיי האָבן געבעטן צו באַווירקן די געהעריקע אינסטאַנצן אַרויסצוגעבן זיי, פאַר דער צייט, די אַמעריקאַנער וויזעס, צו וועלכע זיי זענען, אגב, געווען באַרעכטיקט, האָבנדיק שוין די קוואָטע־נומערן. די דאָזיקע .S. O. S־טעלעגראַמע צום פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן איז געבליבן אָן ענטפער, דאַקעגן האָט די אַמעריקאַנער מאַכט אַרויסגעגעבן אַ שטרענגן באַפעל אָפּצוהיטן, אַז די שיף „סענט לויס" זאָל נישט צוגעלאָזט ווערן נאָענט צום אַמעריקאַנער ברעג.

די אַפּעלן צו אַ צאָל לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער, מען זאָל דער־לויבן די פּאַסאַזשירן דאָרט צייטווייליק צו לאַנדן, זענען אויך געבליבן אָן רעזולטאַט. קיין איין אַמעריקאַנער מדינה האָט, נעמענדיק אַ ביישפּיל פון די פאַראייניקטע שטאַטן, זיי נישט געוואָלט אַריינלאָזן. די פּאַסאַזשירן איז נישט געבליבן קיין אַנדערער אויסוועג ווי צוריקצופאָרן קיין היטלער־דייטשלאַנד — צו אַ זיכערן אומקום.

זייענדיק שוין אויף די אייראָפּעישע וואַסערן, איז אָנגעקומען די דער־וואַרטע הילף: אַ דאַנק דער אומדערמידלעכער באַמיִונג פונעם דירעקטאָר פון דזשאָינט אין אייראָפּע, מאָריס טראָפּער, איז געלונגען אויסצופועלן ביי אייניקע לענדער, זיי זאָלן דערטיילן די אומגליקלעכע מענטשן אַ צייטווייליקן אָזיל.

צו די לענדער, אין וועלכע מען האָט פונאַנדערגעטיילט די אומגליק־לעכע שיף־פּאַסאַזשירן, האָבן געהערט: האָלאַנד, פראַנקרייך, בעלגיע און ענגלאַנד. שווייץ האָט אויך דאָס מאָל זיך געהאַלטן שטרענג ביי איר נייעם געזעץ און אויך פון די פּליטים פון דער שיף „סענט לויס" האָט זי קיינעם נישט געוואָלט אַריינלאָזן צו זיך אין לאַנד.

אין חודש אָקטאָבער 1938 און ווייטער — ביז מאַרץ 1939, האָבן טויזנטער יידן דורך פאַרשידענע וועגן זיך אַלץ באַמיט אַריינצובאַקומען אין דער שווייץ. דעם 17טן אָקטאָבער 1938 איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ באַפעל צוריקצושיקן די פּליטים, וואָס זענען אומלעגאַל אַריבערגעקומען אין דער שווייץ. די גרענעץ־וועכטער האָבן געהאַט אַ שטרענגן באַפעל קיינעם מער נישט דורכצולאָזן. היות אָבער אַ געוויסע צאָל יידן האָט זיך

דאָך איינגעגעבן דורכצוגנבבענען די גרענעץ, האָט די גרענעץ־וואַך, אויף דער פאַראָרדענונג פונעם שעף פון דער פעדעראַלער פרעמדן־פּאָליציי, ד״ר היינריך ראָטמונד, באַשלאָסן צו אַרעסטירן אַלע פּליטים, וואָס האָבן זיך געפונען אין די מקומות נאָענט צו דער גרענעץ און זיי צוריק אַריי־בערצושיקן אויף דער דייטשישער טעריטאָריע. דעמאָלט זענען פאַר די אומלעגאַלע פּליטים נישט געמאַכט געוואָרן קיין שום אויסנאַם. די מער הומאַניטאַרע גרענעץ־וועכטער האָבן זיך נאָר באַמיט צו ברענגען די פּליטים אויף דער דייטשישער זייט, אין אַ צייט ווען די דייטשישע גרענעץ־פּאַטראָלן האָבן זיך נישט געפונען אויפן באַטרעפנדיקן גרענעץ־אָפּשניט.

עס דאַרף אָבער באַמערקט ווערן, אַז עס זענען אויך געווען פאַלן פון מענטשלעכער באַהאַנדלונג פון יידן דורך איינצלנע שווייצער. זיי האָבן עס דורכגעפירט אויף אייגענער האַנט, ווי דאָס האָט געטאָן, למשל, דער פּאָליציי־שעף פון סאַנט גאַלען — וואַלענטין קעיל. דער דאָזיקער איידעלער מענטש האָט פּערזענלעך געהאָלפן מערערע יידישע פּליטים אַריינצובאַקומען זיך אין דער שווייץ, און אַפילו אַליין זיי אַריבערגע־בראַכט איבער דער גרענעץ, נישט נעמענדיק דערפאַר קיין שום געלט־באַלוינונג. זיין העכערע מאַכט האָט אים דערפאַר געדראָט מיט אַ דיס־ציפּלינאַרן משפּט.

צווישן די שיינע מענטשלעכע האַנדלונגען, וואָס עס האָבן אַרויס־געוויזן שווייצאַרישע יחידים, דאַרף אויך דערמאָנט ווערן דער שעף פון יוסטיץ־דעפּאַרטאַמענט ד״ר לואידזשי אַלברעכט. אונטער זיין אויפזיכט האָט זיך געפונען דער יידישער פּאָליטישער אַרעסטאַנט דוד פראַנקפור־טער, וואָס האָט דעם 4טן פעברואַר 1936 דערשאָסן אין דאַוואָס דעם שעף פון דער נאַצי־פּאַרטיי אין דער שווייץ, דעם עס־עס־גרופּנפירער ווילהעלם גוסטלאָף.

דער יוגאָסלאַווישער ייד, דוד פראַנקפורטער, וואָס האָט שטודירט אין בערן מעדיצין, האָט דערשאָסן דעם נאַצי־שעף פון שווייץ, וועלנדיק אַזוי אַרום פּראָטעסטירן קעגן די נאַצישע יידן־רדיפות אין דייטשלאַנד. ער איז דערפאַר פאַרמשפּט געוואָרן דורכן שווייצאַרישן געריכט אויף 18 יאָר

תפיסה, מיט שווערער אַרבעט. זיין אורטייל האָט ער געדאַרפט אָפּזיצן אין דער תפיסה אין הוד, קאַנטאָן גראַובינדען.

צו ד״ר אַלברעכט איז דערגאַנגען אַ ידיעה, אַז אַ גרופּע נאַצישע „שטורמטרופּערס" גרייטן זיך אַריבערצוגיין די שווייצאַרישע גרענעץ און זיך נוקם זיין אין פראַנקפורטערן. ער האָט אים דעריבער אַרויסגענומען פון דער תפיסה הוד, וואָס איז געלעגן נאָענט צו דער גרענעץ און אים אַריבערגעפירט אין דער תפיסה אַרבע (קאַנטאָן פאַוד), וואָס איז געלעגן ווייט פון דער דייטשישער גרענעץ. אַזוי אַרום האָט ד״ר אַלברעכט געראַטעוועט פראַנקפורטערן פון אַ זיכערן טויט [24].

פון האַרבסט 1940 ביז דעם 8טן אַפּריל 1942, האָבן 420 יידישע פּליטים, וועלכע זענען אומלעגאַל אַריבער די שווייצאַרישע גרענעץ, אַ דאַנק די גרויסע פאַרבינדונגען, וואָס זיי האָבן געהאַט אין דער שווייץ, באַקומען די דערלויבעניש צו פאַרבלייבן אין לאַנד. אין חודש אַפּריל האָבן ווייטערדיקע 100 פּליטים באַקומען אַזעלכע דערלויבענישן, אין חודש מיי — 132 מענטשן, און ביזן חודש יולי 1942 — ווייטערדיקע 248 פּליטים. די אַלע מענטשן זענען אינטערנירט געוואָרן. נאָך פראַנקרייכס קאַפּיטולאַציע, אין חודש יוני 1940 [25] האָבן מאַסן פּליטים אָנגעהויבן צו שטראָמען פון פראַנקרייך קיין שווייץ. איבער 7.000 (זיבן טויזנט) פּליטים זענען באַלד צוריקגעשיקט געוואָרן, די גרעסטע מערהייט פון די צוריקגעשיקטע זענען געווען יידן.

אַזוי אָבער ווי דער שטראָם פון פּליטים האָט געהאַלטן אין איין שטייגן, נישט געקוקט אויף די שאַרפע פאַראָרדענונגען, האָט דער שעף פון דער פרעמדן־פּאָליציי, ד״ר ראָטמונד, אַרויסגעגעבן דעם 13טן אויגוסט 1942 אַ נייע פאַראָרדענונג, אַז אַלע ציווילע פּליטים, מיטן אויסנאַם פון פראַנצויזן און עלזאַסער, וועלכע זענען געקומען אין לאַנד אַריין פון די דורך די דייטשן אָקופּירטע געביטן, כדי אַריבערצוגיין אויף דער נישט־אָקופּירטער זאָנע פון ווישי־פראַנקרייך, זאָלן תיכף ומיד צוריקגעשיקט ווערן. דערביי האָט ד״ר ראָטמונד נישט פאַרגעסן צוצוגעבן אין דער פאַראָרדענונג, אַז פּליטים, וואָס אַנטלויפן אין דער שווייץ צוליב ראַסן־סיבות, ווי, למשל, יידן פון פראַנקרייך און עלזאַס, געהערן נישט צו דער

קאַטעגאָריע פון פּאָליטישע פּליטים, וואָס דאַרפן געניסן פון דעם רעכט פון אַ צייטווייליקן אַזיל אין דער שווייץ.

ביים פאַרפאָלגן יידישע פּליטים און צוריקשיקן זיי צו די דייטשן, האָבן זיך גאָר שטאַרק אויסגעצייכנט צוויי העכערע באַאַמטע פון דער פעדעראַלער פּאָליציי: רענע דיבואַ און דער פּאָליציי־אינספּעקטאָר מאַקס אולריך.

אין די אַקטן פון פּראָצעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין יאָר 1959 אין דער שווייץ, אין שייכות מיט אַרויסגעבן מלוכה־סודות אַ פרעמדער רע־גירונג, געפינען זיך אינפאָרמאַציעס וועגן די נאָענטע באַציִונגען, וואָס די צוויי הויכע באַאַמטע דיבואַ און אולריך האָבן אָנגעהאַלטן מיט געוויסע אינסטאַנצן אין דריטן רייך און מיט די דייטשן, וואָס פלעגן אָפט באַזוכן די שווייץ בעת דער מלחמה.

די צוויי פּאָליציי־באַאַמטע דיבואַ און אולריך האָבן געהאַט אויף זייער געוויסן טויזנטער יידן, וואָס האָבן זיך, בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, אַריינבאַקומען אין דער שווייץ און זענען דורך זיי איבערגעגעבן געוואָרן די נאַציס.

די נייע דראַסטישע פאַראָרדענונג, ספּעציעל לגבי יידישע פּליטים, האָט ד"ר ראָטמונד אַרויסגעגעבן — ווי עס האָט זיך שפּעטער בעת אַן אויס־פאָרשונג, אַרויסגעוויזן — אויף זיין אייגענער האַנט. די דאָזיקע האַנד־לונג האָט אַרויסגערופן אַ נייעם שטורעם פון פּראָטעסטן אין פאַרשידענע קרייזן פון דער שווייץ. דאָס האָט באַוויגן דעם בונדעסראַט־מיטגליד עדואַרד פאָן שטייגער אַרויסצוגעבן (דעם 23סטן אויגוסט 1942) אַ צוגאָב־פאַראָרדענונג, אַז אין געוויסע פאַלן זאָל מען זיך אָפּהאַלטן פון צוריקשיקן פּליטים. די דאָזיקע נישט־קלאָרע אינטערפּרעטאַציע פון דער צוגאָב־פאַר־אָרדענונג איז פאַרשידנאַרטיק אויסגעטייטשט געוואָרן דורך די באַאַמטע, און איז אַפילו אין דער מילדערער פאָרעם אויך נישט לאַנג געווען אין קראַפט.

✶

אין דער שווייץ האָבן זיך געפונען נאָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה 8.325 עמיגראַנטן. ביים אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־

מלחמה (יאָר 1939) זענען צוגעקומען נאָך 25.760 ציווילע פּליטים. יידן־פּליטים זענען ביים אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה געווען אין דער שווייץ ביי 5 טויזנט, צווישן זיי 3.000 אָפּשטאַמיקע פון דייטשלאַנד און עסטרייך. חוץ די ציווילע פּליטים, זענען אַריבער די שווייצאַרישע גרענעץ 12.800 פּוילישע מיליטערלייט, צווישן זיי אַ געוויסע צאָל יידן. זיי זענען אינטערנירט געוואָרן ווי קריגס־געפאַנגענע, צוזאַמען מיט די פּוילישע מיליטערלייט. וועגן דער באַציִונג פון די פּאָליאַקן צו זייערע יידישע מיטקעמפער, ווערט געשריבן אין אַ וייטערדיק קאַפּיטל.

אָפיציעל זענען צוריקגעשיקט געוואָרן קיין דייטשלאַנד 3.344 יידישע פּליטים — די אַזוי גערופענע „ראַסיש־פּאַרפאָלגטע". זיי האָט מען נישט געוואָלט אָנערקענען ווי פּאָליטישע פּליטים, וואָס האָבן אין דער שווייץ געהאָפט צו באַקומען אַ צייטווייליקן אַזיל. אַ סך פון די יידן, וואָס זענען באַשטימט געוואָרן צוריקגעשיקט צו ווערן, זענען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

דער פּאַרזיצער פון „איזראַעליטישן געמיינדע־בונד" אין דער שווייץ, בערטאָלד גוגענהיים, האָט אין שייכות מיט דער דעבאַטע וועגן אַזיל־רעכט פאַר יידישע פּליטים, וואָס איז אָנגעגאַנגען אין בונדעסראַט, פאַר־עפנטלעכט דעם 11טן סעפּטעמבער 1942 אין „איזראַעליטישן וואָכנבלאַט פאַר דער שווייץ" אַ שאַרפן אַרטיקל, אין וועלכן ער איז אַרויסגעטראָטן קעגן דעם אַנטיסעמיטישן קורס פון דעם פעדעראַלן פּאָליציי־דעפּאַרט־מענט. ער האָט אַפּעלירט צו די שיינע טראַדיציעס פון שווייצאַרישן פאָלק, נישט צו זיין גלייכגילטיק צום גורל פון די יידישע פּליטים און נישט צו דערלאָזן פאַרניכטן הונדערטער טויזנטער אייראָפּעיִשע יידן, וואָס זענען דורך די נאַציס פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט.

גאָר אַ שטאַרקן רושם האָט געמאַכט דער אַרויסטריט פונעם יידישן מיטגליד פון נאַציאָנאַל־ראַט, דעם גרינדער פון דער ציוניסטישער אָר־גאַניזאַציע אין דער שווייץ — ד״ר דוד פאַרבשטיין. עס איז כדאי צו ציטירן אייניקע שטעלן פון זיין רעדע, וואָס איז, אגב, געווען אָפּגעדרוקט אויך אין דער שווייצאַרישער פּרעסע:

„מיט גרויס ווייטיק האָב איך אויפגענומען די ידיעה, אַז עס זענען פאַראַן ביי אונדז מענטשן, וואָס זענען קעגן דערטיילן אַזיל־רעכט די

אומגליקלעכע יידישע פליטים. מען פארלאנגט אפילו, מען זאל זיי צוריק־שיקן (און מען שיקט זיי טאקע צוריק) אהין, ווו עס דראט זייער לעבן די גרעסטע סכנה. די אנהענגער פון צוריקשיקן די מענטשן טענהן, אז עס איז נישטא ביי אונדז קיין אזיל־רעכט. איך האלט, אז עס איז אפילו דא אן אזיל־פליכט. צי איז דען נישט די פליכט פון אלע די, וועלכע עס דראט נישט קיין לעבנס־געפאר, צו באשיצן מענטשן, וואס זענען יא אויסגעשטעלט אויף אזא סכנה ?

„...אין נומער 34 פון „NATION" (פון יאר 1942) ווערט, צווישן אנדערן, געשריבן: וועגן די קריסטלעכע ארבעטער־קאנפעדעראציעס, וועל־כע קריכן ממש פון דער הויט ארויס, מען זאל אפשאפן דאס געזעץ פון אזיל־רעכט און האבן פארשטאפט זייערע אויערן און אויגן אויף דער פליטים־טראגעדיע, איז בכלל נישט כדאי צו רעדן. פאר זיי בלייבט נאר איבער דאס געפיל פון רחמנות, ווייל זיי זענען שוין צוליב דעם אליין באשטראפט פון גאט. אבער ווו זענען די אמתע שטימען פון פאלק ? !"

און פארבשטיין זאגט ווייטער: „...איך בין געווען א ייד און כ'בין פארבליבן א ייד. איך האב מיך שטענדיק געפילט ווי א ייד. מיין יידיש־קייט איז אידענטיש מיט מיין מענטשלעכקייט. ביי זיין אנטפלעקן זיך, האט גאט באשאפן דעם מענטש, און דאס נישט בלויז דעם אזוי גערופענעם אריער, נאר דעם מענטש — אן אונטערשיד פון ראסע און גלויבן. נישט געקוקט אויף מיין יידישן באוווסטזיין, האב איך די גרעסטע פארערונג פאר דער גראנדיעזער מאראלישער לערע פון דעם גרויסן ייד פון נצרת — יעזוס.

„אבער די, וואס האלטן, אז מען דארף אפזאגן אזיל־רעכט ארעמע, פארפאלגטע יידן, אדער די, וואס נעמען אן א פול מויל מיט שווייגן — האבן זיי דען א רעכט זיך אנצורופן קריסטן און צו רעדן וועגן מענטשן־ליבע ? !

„...וואס וואלט יעזוס געזאגט וועגן די, וואס רופן זיך אן קריסטן און פארלייקענען דערביי די הויפטגעבאטן פון די הייליקע שריפטן ?

„...די דאזיקע מענטשן רופן ארויס אין מיינע רעיונות א דיאלאג, וואס דער הויפט־רב פון מאסקווע — הרב מזאה האט געפירט מיט אן

אַנטיסעמיטישן פּאַפּ, וואָס האָט געהערט צו דעם יידן־פּרעסער פּאָביעדאָ־נאָסצעווס „שוואַרצער מאה״ [26]. דער רוסישער גייסטלעכער זאָל האָבן גע־זאָגט צו הרב מזאה: אייער יידישער גאָט איז אַ גאָט פון נקמה און אונדזער גאָט איז דער גאָט פון ליבע׳. הרב מזאה האָט אים דערויף גע־ענטפערט: ,אייער גאָט איז טאַקע דער גאָט פון ליבע, אָבער איר האָט די ליבע איבערגעלאָזט פאַר אייער גאָט און פאַר זיך האָט איר פאַרהאַלטן די שנאה און נקמה. אונדזער גאָט איז, אמת, דער גאָט פון נקמה, אָבער מיר האָבן די נקמה אָדער בעסער געזאָגט: דאָס אָפּרעכענען זיך, איבער־געלאָזט פאַר אונדזער גאָט און די ליבע האָבן מיר פאַרהאַלטן פאַר זיך׳. טו נישט דעם צווייטן וואָס דיר איז נישט ליב — דאָס איז דער גרונט־געבאָט פונעם יידנטום.

„...אויך יעזוס האָט געהאַלטן פון דעם יידישן געבאָט: ואהבת לרעך כמוך (זאָלסט ליב האָבן דעם צווייטן ווי זיך אַליין). צי די, וואָס האַלטן זיך פאַר קריסטן, פאָלגן נאָך דעם דאָזיקן געבאָט? די יידישע און אויך די קריסטלעכע הייליקע שריפטן האָבן שוין מיט מער ווי 2.500 יאָר צוריק געזאָגט: דו זאָלסט נישט איבערגעבן דעם קנעכט אין די הענט פון זיין האַר — אויב ער איז פון אים אַנטלאָפן. שטיי נישט שטיל אין אַ זייט, בעת אַ צווייטן דראָט אַ סכנה.

„דער תנ״ך זאָגט: גאָט וויל האָבן פון מענטשן זיין האַרץ. עס איז נישט וויכטיק ווו מען איז מתפלל, נאָר ווי אַזוי מען איז מתפלל. דאָס גיין אין קירך אָדער אין אַ מקום־קדוש מאַכט נאָך קיינעמען נישט פרום און גוט. צו די, וואָס זאָגן זיך אָפּ צו געבן אַ מקום־מקלט אָרעמע מענטשן, זאָגט גאָט: ווען איר באַטרעט דעם מקום־קודש און שפּרייט אויס אייערע הענט, וועל איך פאַרהוילן מיינע אויגן פון אייך; און וויפל איר זאָלט נישט תפילה טאָן, הער איך נישט צו; אייערע הענט זענען פול מיט בלוט [27].

„...איך — האָט דוד פאַרבשטיין פאַרענדיקט זיין רעדע — גלייב אין גאָט פון פאַרגעלטונג. ער וועט פאַרגעלטן די, וואָס ווילן מיט זייער אומ־מענטשלעכער האַנדלונג ברענגען אומגליק צו די פאַרפאָלגטע יידישע פליטים; ער וועט פאַרגעלטן אויך די, וואָס קוקן זיך צו שטילשווייגנדיק צו דעם ווי עס ווערט פאַרגאָסן דאָס בלוט פונעם צווייטן״.



די פּליטים, וואָס האָבן שוין געהאַט דאָס מזל צו פאַרבלייבן צייט־ווייליק אין דער שווייץ, זענען אינטערנירט געוואָרן אין ספּעציעל פאַר זיי געשאַפענע לאַגערס. ס'רוב פון די אינטערנירטע זענען געווען יידן.

די באַהאַנדלונג אין די מערהייט לאַגערס איז געווען ווייט נישט קיין גוטע, נאָך דערצו, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן יידישע פּליטים. ווען אַן אינטערנירטער ייד איז קראַנק געוואָרן אין לאַגער, האָט ער געמוזט האָבן גרויסע היץ, כדי באַפרייט צו ווערן פון דער אַרבעט. ער האָט אויך געדאַרפט האָבן מזל נישט אָנצוטרעפן אויף אַן אַנטיסעמיטישן דאָקטער, וואָס האָט געדאַרפט אַרויסגעבן די געהעריקע באַשטעטיקונג. דער גורל פון אַ יידישן אינטערנירטן איז געווען אָפּהענגיק פון די באַציונגען און שטימונגען, וואָס עס האָבן געהערשט ביי דער אָנפירערשאַפט פונעם געגעבענעם לאַגער.

דער גוט־באַקאַנטער זינגער יוסף שמידט איז בעת דער מלחמה אַריבער די שווייצאַרישע גרענעץ, כדי דאָרט צו געפינען שוץ פון דער דייטשישער פאַרפאָלגונג. ער איז אינטערנירט געוואָרן אין איינעם פון די פּליטים־לאַגערס. נישט געקוקט אויף די גרויסע באַמיִונגען אים אַרויסצוקריגן פונעם לאַגער, איז עס אָבער נישט געלונגען. שמידט האָט זיך אין לאַגער פאַרקילט און באַקומען אַ לונגען־אָנצינדונג. צוליב דער פאַרשפּעטיקטער און נישט געהעריקער מעדיצינישער הילף, איז ער געשטאָרבן. דער דאָזיקער פאַל איז געווען נישט קיין פאַראיינצלטער.

אין אַרבעטס־לאַגער גייסהאָף, למשל, האָבן די אינטערנירטע געהאַט אויסצושטיין שטאַרקע שיקאַנעס מצד דעם קאָמענדאַנט פונעם לאַגער. זיי זענען דאָרט באַהאַנדלט געוואָרן פּונקט ווי אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. דער קאָמענדאַנט האָט דאָרט איינגעפירט אַ טעראָר־רעזשים. פאַר דער מינדסטער אומפּינקטלעכקייט פלעגט ער שטרענג באַשטראָפן. 3.30 פאַרטאָג האָט מען געמוזט אויפשטיין און זיך שטעלן צום אַפּעל. אַלע האָבן זיך געמוזט אויסשטעלן אין איין ריי, האַלטנדיק זייערע זאַכן אין די הענט. אויפן באַפעל פונעם קאָמענדאַנט האָט זיך אָנגעהויבן אַן

אומזיניקער מאַרש איבערן שאָסיי, וועלכן די אינטערנירטע האָבן אַליין אויפגעבויט. מען האָט כסדר געמוזט גיין הין און צוריק. אויף אַ באַפעל האָט מען זיך בליץ־שנעל געדאַרפט אַפּשטעלן און שטיין בלייבן, אויס־געצויגן ווי אַ סטרונע. דער קאָמענדאַנט האָט זיך באַנוצט מיט די מיאוסטע זידלווערטער. „דרעקזאַו", „שוויינעהונד" א"אַ. ענלעכע עפּיטעטן האָבן געהערט צו די איידלסטע פון זיין רייכן קללות־רעפּערטואַר.

דער דאָזיקער סאַדיסטישער קאָמענדאַנט, וועלכער איז באַשטימט געוואָרן אויף דעם פאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן דורך דעם שעף פון דער פרעמדן־פּאָליציי, האָט געהאַט אַ געוויס רייכן רעקאָרד: ער איז געבוירן געוואָרן אין דער שווייץ אין אַ דייטש־רעדנדיקן קאַנטאָן. ווען היטלער איז געקומען צו דער מאַכט אין דריטן רייך, האָט ער, ווי אַן איבערגעגע־בענער נאַצי, זיך פרייוויליק געמאָלדן קיין דייטשלאַנד און דאָרט געוואָרן אינסטרוקטאָר פון דער היטלער־יוגנט. ווען עס איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה, האָט ער, נישט וועלנדיק גיין אויפן פראָנט, זיך צוריקגעקערט אין זיין געבוירן־לאַנד. דעם דאָזיקן פאַרשוין זענען אָנ־פאַרטרויט געוואָרן די „פּריווילעגירטע פּליטים", וואָס האָבן געהאַט די זכיה צו געניסן פון דער שווייצער דעמאָקראַטיע.

אין אַ צייט אַרום איז דער סאַדיסטישער קאָמענדאַנט פון גייסהאָפּער לאַגער באַזייטיקט געוואָרן פון זיין פּאָסטן, צוליב ברוטאַלער האַנדלונג, אָבער נישט צוליב דער אוממענטשלעכער באַהאַנדלונג פון די אינטער־נירטע, נאָר צוליב אַ ריין פּריוואַטן ענין: בעת אַ קריגעריי מיט זיין איי־געגער פרוי, האָט ער זי אָפּגעגאָסן מיט אַ טאָפּ זידיק־הייסער זופּ.

אויך אַדלעסוויל האָט געהערט צו די ערגסטע פּליטים־לאַגערס אין דער שווייץ.

פּראָפעסאָר לודוויג האָט אין זיין באַריכט ווייטער איבערגעגעבן, אַז די פאַראַנטוואָרטלעכע פאַר דער אומגליקלעכער פּליטים־פּאָליטיק, וואָס די שווייץ האָט אין יענע גרויזאַמע יאָרן געפירט, האָבן זיך, בעת דער אויספאָרשונג, וואָס מען האָט פאַרפירט קעגן זיי נאָך דער מלחמה, פאַר־טיידיקט מיט דעם, אַז זיי האָבן מכלומרשט נישט געוווּסט, און נישט געקענט די אמתע לאַגע פון די יידן אין נאַצי־דייטשלאַנד. זיי האָבן גע־

טענהט, אַז זיי האָבן נישט געוווסט, אַז די צוריקגעשיקטע יידישע פּליטים זענען דורך די דייטשן פאַרמשפּט געווען צום טויט. וועגן דעם האָבן זיי זיך דערוווסט, לויט זייערע רייד, ערשט נאָכן וואַפנשטילשטאַנד — פון די מאַטעריאַלן, וואָס די אַמעריקאַנער האָבן זיי צוגעשטעלט.

דער שעף פון דער פעדעראַלער פרעמדן־פּאָליציי, ד״ר ראָטמונד, וועלכער איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די אַנטי־יידישע געזעצן, האָט, בעת מען האָט אים געשטעלט פאַר אַ פאַרהער, זיך פאַרטיידיקט אויף אַזאַ אופן: „יעדן טאָג האָב איך דערהאַלטן מעלדונגען פון מיינע מיט־אַרבעטער וועגן דער וואַקסנדיקער צאָל פון יידישע פּליטים, וואָס גייען אַריבער די שווייצאַרישע גרענעץ. איך האָב זיך געשטעלט די פראַגע: צי שיקט אונדז נישט צו היטלער־דייטשלאַנד די דאָזיקע פּליטים מיט אַ ספּעציעלער כוונה, כדי צו האָבן שפּעטער אַ תירוץ אַנצוגרייפן די שווייץ?״ דאָס — האָט ער געזאָגט — איז געווען די סיבה פאַר וואָס ער האָט אויף זיין אייגענער פאַראַנטוואָרטלעכקייט באַשלאָסן — „כאָטש מיט אַ שווער געמיט״ — צו הייסן פאַרמאַכן די גרענעץ פאַר פּליטים, און אַלע די, וואָס האָבן זיך אַריבערגעגנבעט די גרענעץ, צוריקשיקן אויף דער דייטשישער זייט. אָבער אַז די מענטשן דראָט טויטשטראָף — האָט ער געזאָגט — דאָס האָט ער נישט געוווסט.

צווישן אַנדערן האָט ד״ר ראָטמונד דערקלערט, אַז דייטשישע קאָ־מיסאַרן האָבן אים פאַרזיכערט, אַז די מענטשן, וואָס געפינען זיך אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערס, ווערן געצוווּנגען נאָר צו אַרבעטן, אָבער זיי פאַלן נישט אַרונטער קיין שום פאַרפאָלגונגען. חוץ דעם האָט ער אַליין — האָט ראָטמונד ווייטער געזאָגט — באַזוכט דעם קאָנצענטראַציע־לאַגער אָראַניענבורג און ער האָט פעסטגעשטעלט, אַז די יידן ווערן דאָרט נישט ספּעציעל גוט באַהאַנדלט, אָבער קיין שום סימן פון מאַסן־פאַרניכטונג האָט ער נישט געזען.

אַז די פרעמדן־פּאָליציי, און ממילא זייער פּאַטריאָטישער שעף — ד״ר ראָטמונד האָבן גאַנץ גוט געוווסט, אַז די צוריקגעשיקטע יידן דראָט טויטגעפאַר, קאָן מען זען פון אַ שטרענג פאַרטרוילעכן באַריכט וועגן דעם פּליטים־פּראָבלעם, וואָס אַ הויכער באַאַמטער פון פעדעראַלן יוסטיץ־

און פּאָליצײַ־דעפּאַרטאַמענט, ד״ר יעצלער, האָט צוגעשטעלט דעם 30סטן יולי 1942. אין דעם באַריכט האָט ער איבערגעגעבן וועגן זײַנע פֿאַר־טרויליכע געשפּרעכן מיט מענטשן, וועלכע פּלעגן קומען פֿון דײַטש־לאַנד, וועגן דער אוממענטשלעכער באַהאַנדלונג פֿון די ייִדן אין דײַטש־לאַנד און אין די אָקופּירטע לענדער. חוץ דעם האָט דאָך די שווייצאַרישע ליבעראַלע פּרעסע כסדר געהאַלטן אינפֿאָרמירט די עפֿנטלעכקייט וועגן אַלע געשעענישן דאָרט.

ד״ר ראָטמונד האָט אויך זיכער געלייענט אין דער „נייער ציריכער צייטונג״ פֿון 13טן סעפּטעמבער 1942 וועגן די ברוטאַלע דעפּאָרטאַציעס פֿון אויסלענדישע ייִדן אויך אין פֿראַנקרײַך; וועגן די מאַסמיטלען, וואָס די דײַטשן האָבן דאָרט אָנגענומען לגבי ייִדן, — וועגן וועלכע די צייטונג האָט געשריבן, אַז די האַנדלונג האָט אַרויסגערופֿן אַ געפֿיל פֿון עקל בײַ יעדן אָנשטענדיקן מענטש. פֿון באַגלויבטע עדות האָט מען זיך אויך דער־וווּסט וועגן דערשיטערנדיקע געשעענישן מיט די אומגליקלעכע ייִדן.

עס איז זיכער דערגאַנגען צו דעם פֿרומען קריסט, ד״ר ראָטמונד, דער גלייב־בריוו, וואָס דער בישאָף פֿון מאָנטאַנבאַן — מאָנסיניאָר טהעאָס האָט אַרויסגעלאָזט דעם 26סטן אויגוסט 1942 (דער בריוו איז אויך געווען אָפּגעדרוקט אין דער שווייצאַרישער פּרעסע). מאָנסיניאָר טהעאָס׳ ווענדונג האָט זיך אָנגעהויבן מיט די ווערטער: „מײַנע טייערע ברידער! אין פֿראַנקרײַך שפּילן זיך אָפּ שמערצלעכע און ווידערווילִיקע סצענעס, פֿאַר וועלכע פֿראַנקרײַך איז נישט פֿאַראַנטוואָרטלעך. אין פּאַריז זענען באַ־גאַנגען געוואָרן באַרבאַרישע גרויזאַמקייטן לגבי 10.000 ייִדן. הײַנט זענען מיר ווידער געוואָרן עדות פֿון אַ האַרצרײַסנדיקער אויפֿפֿירונג אויך אין אונדזער רעגיאָן: משפּחות ווערן פֿונאַנדערגעריסן, מענער און פֿרויען ווערן באַהאַנדלט ווי פּשוטע פֿי און פֿאַרשיקט אין אַן אומבאַקאַנטער ריכ־טונג, ווו עס דראָט זיי אַ שרעקלעכע געפֿאַר. מיט אַ ווידערגעפֿיל ברענג איך צום אויסדרוק דעם שאַרפֿסטן פּראָטעסט פֿונעם קריסטלעכן געוויסן און איך דערקלער, אַז אַלע מענטשן, אַריער אָדער נישט־אַריער, זענען ברידער, ווײַל דער זעלביקער גאָט האָט זיי באַשאַפֿן. אַלע מענטשן, צו וועלכער ראַסע אָדער רעליגיע זיי זאָלן נישט געהערן, האָבן די זעלביקע

רעכט צו געניסן פון פולער אַכטונג פון יחיד און פון דער מדינה. די היינטיקע (קעגנוואַרטיקע) אַנטיסעמיטישע מאַסמיטלען זענען אַבער אַ מיסאַכטונג פון מענטשלעכער ווערדע און אַ פאַרלעצונג פון די הייליקסטע רעכט פון יחיד און פאַמיליע. זאָל גאָט טרייסטן און שטאַרקן די אומגע־רעכט־פאַרפאָלגטע, זאָל ער שענקען דער וועלט אַן אמתן און דויער־האַפטן שלום, וואָס זאָל זיין באַגרינדט אויף גערעכטיקייט און ברידער־ליבע״.

אין דער שווייצאַרישער פרעסע זענען געווען אָפּגעדרוקט פּראָ־טעסטן אויך פון אַנדערע פראַנצויזישע קירכן־פירער, ווי דער ערצבישאָף פון ליאָן — קאַרדינאַל זשערליער און דער ערצבישאָף פון טולוז — מאָנ־סיניאָר סאַליעזש.

דעם 12טן מאַרץ 1942 האָט אַ באַקאַנטער שווייצאַרישער דאָקטאָר־מעדיציןֿ, רודאָלף בוכער, וועלכער האָט מיט דער ערשטער דאָקטוירים־מיסיע פון דער שווייץ באַזוכט דעם דייטשישן מזרח־פראָנט, איבערגעגעבן וועגן דער מאַסן־פאַרניכטונג פון יידן דורך דערשיסן און אין גאַזאויטאָס.

דעם 15טן אָקטאָבער 1941 איז פון דער שווייץ אָפּגעפאָרן צום דיי־טשיש־רוסישן פראָנט אַ פרייוויליקע דאָקטוירים־מיסיע, וואָס האָט גע־ציילט ביי אַן 80 פּערזאָן, און איז באַשטאַנען פון אָנגעזעענע שווייצאַרישע דאָקטוירים און קראַנקן־שוועסטער, ווי אויך פון אַ צאָל פלעגער און פלע־גערינס. בראָש פון דער מיסיע איז געשטאַנען ד״ר אויזשען בירכער — אַ באַוווּסטער שווייצאַרישער כירורג און העכערער אַרמיי־אָפיציר.

אויפן וועג צום פראָנט האָט זיך די מיסיע אָפּגעשטעלט אין בערלין. דאָרט איז זי אויפגענומען געוואָרן ענטוזיאַסטיש. דער שווייצאַרישער געזאַנדטער אין בערלין, האַנס פרייליכער, אַגב אַ גרויסער אָנהענגער פון היטלער־רעזשים, וועלכער איז פאַקטיש געווען דער איניציאַטאָר פון אַרויסשיקן צום מזרח־פראָנט אַזאַ מין מיסיע, האָט איינגעאָרדנט פאַר די מיטגלידער פון דער מיסיע אַ פייערלעכע אויפנאַמע. אויך אין דער בערלינער מיליטערישער אַקאַדעמיע איז פאַר די שווייצאַרער פאַרגעקומען אַן ענלעכע אויפנאַמע. פון בערלין איז די דאָקטוירים־מיסיע אָפּגעפאָרן דירעקט צום דייטשיש־רוסישן פראָנט.

אָפּיציעל האָט עס געהייסן, אַז די מיסיע איז פון אַ פּריוואַטן כאַ־ראַקטער און אַ פרייוויליקע בירגערלעכע אונטערנעמונג, וואָס דאַרף אויס־פירן די אַרבעט צוליב הומאַניטאַרע טעמים. שפּעטער האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דער פּרעזידענט פון שווייצאַרישן רויטן קרייץ, קאָלאָנעל יאָהאַנעס פאָן מוראַלט, וואָס איז שפּעטער באַשטימט געוואָרן אויפן אַמט פון קאָמיסאַר פאַר אינטערנירונג אין דער שווייץ, האָט צוויי טעג פאַרן אָנקומען פון דער דאָקטוירים־מיסיע קיין בערלין, זיך געהאַט פאַרשטענ־דיקט מיט דער הויפּט־קאָמאַנדע פון דער דייטשישער ווערמאַכט און גע־שלאָסן מיט זיי אַ געהיימען אָפּמאַך, אַז אַלע מיטגלידער פון דער דאָק־טוירים־מיסיע ווערן געשטעלט אונטער די דייטשישע באַפעלן און פאַלן אַרונטער דעם דייטשישן מיליטערישן שטראָף־געזעץ. די מיטגלידער פון דער מיסיע האָבן וועגן דעם אָפּמאַך לגמרי נישט געוווּסט.

אָנקומענדיק קיין סמאָלענסק האָט מען די מיסיע צוגעטיילט צו אַ דאָרטיקן פראָנט־לאַזאַרעט. אייניקע פון די דאָקטוירים האָבן, נישט געקוקט אויפן בפירושן פאַרבאָט, זיך פאַראינטערעסירט מיטן צושטאַנד פון די שווער־פאַרוווּנדעטע רוסישע קריגס־געפאַנגענע, וועלכע זענען געלעגן אין איבערגעפּולטע באַראַקן, אין די ערגסטע אַנטי־סאַניטאַרע באַדינגונגען. אַחוץ דעם, זענען די דאָקטוירים געווען עדות פון אויסשיסן קריגס־געפאַנגענע, ווי אויך יידישע קינדער.

נאָך זיין צוריקקומען קיין שווייץ, האָט ד״ר רודאָלף בוכער אָפּגעגעבן אַ באַריכט פאַר דעם שווייצאַרישן דאָקטוירים־פאַרבאַנד אין ציריך, אין וועלכן ער האָט גענוי דערציילט וועגן די דייטשישע גרוילטאָטן הינטערן פראָנט; וועגן דעם ווי עס ווערן דאָרט וואָס אַ מאָל מער און מער יידן בעסטיאַליש אומגעבראַכט דורך דערשיסונג, ווי אויך דורך גאַז, און ווי אַזוי זייערע קערפּערס ווערן פאַרברענט אין ריזיקע קרעמאַטאָריעס, וואָס די דייטשן האָבן אויפגעשטעלט. ד״ר בוכער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך אַ גאַנץ גרויסע זאַמלונג פון אָריגינעלע פאָטאָגראַפיעס, וואָס האָבן באַ־שטעטיקט זיינע ווערטער [28].

נאָך דעם דאָזיקן רעפעראַט האָט מען דעם דאָקטאָר פאַרגעוואָרפן, אַז ער האָט געבראָכן זיין ערנוואָרט, וואָס ער האָט געגעבן און זיך

מתחייב געווען צו שווייגן וועגן אַלץ וואָס ער האָט בעת זיין נסיעה געזען. מען האָט אים געדראָט מיט אַ דיסציפּלינאַרער שטראָף, אויב ער וועט פאַרשפּרייטן אָדער פאַרעפנטלעכן די געבראַכטע בילדער און די דער־שיטערנדיקע דאָקומענטן. די ווייטערדיקע רעפּעראַטן פון ד״ר בוכער, וועל־כע זענען שוין געווען געמאָלדן איבערן גאַנצן לאַנד, זענען דורך דער שווייצאַרישער רעגירונג פאַרווערט געוואָרן.

דאַקעגן איז דער באַריכט פון ד״ר אויזשען בירכער, דעם לייטער פון דער דאָקטוירים־מיסיע צום מזרח־פראָנט, אין וועלכער עס האָט זיך אויך געפונען דער ד״ר רודאָלף בוכער, אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס צו־פרידנקייט. ד״ר בירכער איז געווען אַן אַנהענגער פון היטלער־רעזשים.

אַן אויסצוג פון זיין באַריכט, וואָס ער האָט אָפּגעגעבן וועגן זיין באַזוך און איינדרוקן פון מזרח־פראָנט, האָט איבערגעגעבן די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע צייטונג „פאָלקסרעכט״: — „נאָכן אָנקומען פון אונדזער מיסיע קיין סמאָלענסק, האָט אונדז אויפגענומען אין דער דייטשישער הויפּט־קוואַרטיר דער אַדיוטאַנט פון גענעראַל־אָבערסט פאָן בעק. ער האָט אונדז וואַרעם באַגריסט. איך האָב אים געדאַנקט אין נאָמען פון דער שווייצאַרישער דאָקטוירים־מיסיע, ווי אויך אין נאָמען פון אונדזער רעגי־רונג. איך האָב אים געבעטן איבערצוגעבן דעם פירער, אַז מיר, די פאַר־שטייער פון די שווייצאַרישע דאָקטוירים, זענען אים דאַנקבאַר פאַר געבן אונדז די מעגלעכקייט מיטצוהעלפן, כאָטש אויף אַזאַ באַשיידענעם אופן, אין קאַמף קעגן די באָלשעוויקעס״.

זייענדיק אין סמאָלענסק, האָט ד״ר בירכער, בעת אַ מעלדונג וועגן אַ דייטשישן נצחון אויפן פראָנט, אויסגערופן צו זיין דאָקטוירים־פער־סאָנאַל: „איצט זעט איר וואָס עס איז די דייטשישע ווערמאַכט... און ביי אונדז זענען נאָך פאַראַן מענטשן, וואָס ווילן מלחמה האַלטן מיט דייטשלאַנד״.

אַזאַ כאַראַקטער האָט געטראָגן די ערשטע פרייוויליקע הילף־אַקציע פון דער נייטראַלער שווייץ, בראש פון וועלכער עס איז געווען דער דער־מאָנטער ד״ר בירכער און וואָס איז געשטאַנען אונטערן פּראָטעקטאָראַט פון שווייצאַרישן רויטן קרייץ.

ד"ר בירכער איז געווען אַ מיטגליד פון דער אַנטיסעמיטישער אָר־גאַניזאַציע „שווייצער פאַטערלענדישער פאַרבאַנד". צו דער דאָזיקער עקסקלוסיווער אָרגאַניזאַציע האָבן געהערט בלויז אַנגעזעענע שווייצאַרישע פּערזענלעכקייטן, וועלכע האָבן געשטאַמט פון דער עליטע און זיך אויס־געצייכנט מיט זייערע אַנטיסעמיטישע אַרויסטרעטונגען אין דער שווייץ. צוליב דער צאָל פון דער מיטגלידערשאַפט, האָט מען דעם פאַרבאַנד אָנגערופן „די 200". אין די פּערציקער יאָרן האָבן זיי אַרויסגעוויזן אַ ספּעציעל גרויסע אַקטיוויטעט ביים באַקעמפן די עמיגראַציע און העלפן דער פּאָליציי אויסצוגעפינען יידישע פּליטים, וועלכע זענען אומלעגאַל אַריבער די שווייצאַרישע גרענעץ.

ד"ר בירכער איז אין דער שווייץ אויך געווען באַקאַנט צוליב זיינע שאַרפע אַרויסטרעטונגען אין בונדעסראַט. ווען מען האָט דאָרט באַטראַכט די עמיגראַנטן־פראַגע, האָט ער אָנגעוויזן אויף דער געפאַר פון „איבער־פרעמדונג", וואָס האָט, נעבן דיווירטשאַפטלעכע אַספּעקטן, אויך אַ פּאָלי־טישע און קולטורעלע סכנה פאַר דער שווייץ. צוליב העכערע מדינה־אינטערעסן — האָט ער געזאָגט — מוז די מענטשלעכע זייט פון דער עמיגראַנטן־פראַגע צוריקטרעטן.

ווען איינער פון זיינע „200" האָט זיך אָנגערופן בעת דער זיצונג פון בונדעסראַט, אַז די שווייץ האָט ביים היינטיקן טאָג, ביי פּאַקטיש שווערערע באַדינגונגען, צו דערנערן מיט 400.000 מענטשן מער ווי בעת דער ערש־טער וועלט־מלחמה (אין די יאָרן 1918—1914), האָט ד"ר בירכער צוגע־וואָרפן: „די שיף איז שוין סיי ווי איבערגעפּולט!" [29].

די לאַגע פון יידישע פּליטים אין דער שווייץ האָט זיך פאַרבעסערט און אָנגענומען אַ גאַנץ אַנדערע ווענדונג ערשט אין די יאָרן 1944—1945, ווען עס איז שוין קלאָר געוואָרן, אַז היטלער האָט פאַרשפּילט די מלחמה.

# אויסלענדישע דאָקומענטן

די אויסלענדישע פּעסער, וועלכע עס איז געלונגען צו פאַרשאַפן שוין נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה, זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן, כדי צו דערמעגלעכן וואָס מער יידן אַרויסצוראַטעווען פון היטלער־דייטשלאַנד און פון די דורך איר אָקופּירטע מדינות. אָפיציעל האָט עס געהייסן, אַז די דאָזיקע יידן דאַרפן אויסגעטוישט ווערן אויף ציווילע דייטשן, וואָס האָבן זיך געפונען אין די קריג־פירנדיקע לענדער, און אַז די יידן מיט די אויס־לענדישע פּעסער זענען בירגער פון די לענדער, וואָס האָבן די פּעסער אַרויסגעגעבן.

נאָר אַ קליינער טייל פון די לענדער האָט מסכים געווען אויפצונע־מען די פאַרפאָלגטע יידישע עמיגראַנטן. די מערהייט פאַרשטייער פון די מדינות, וואָס האָבן אַרויסגעגעבן די פּעסער און וויזעס, זענען אײַנגעגאַנגען דורכצופירן די טראַנזאַקציעס בלויז מיטן תנאי, אַז די אייגנטימער פון די פּעסער, די מכלומרשט נייע בירגער, זאָלן זיך מתחייב זיין נישט אַריינצופאָרן אין די לענדער, פון וועלכע זיי האָבן באַקומען אויסגעשטעלט די פּעסער אָדער אַריינפאָר־דערלויבענישן. די באַקומענע אויסלענדישע דאָקומענטן האָבן געדאַרפט דינען אויסשליסלעך, כדי צו האָבן די מעג־לעכקייט אַרויסצובאַקומען אַן אַרויספאָר־דערלויבעניש פון דייטשלאַנד און פון די דורך איר באַזעצטע טעריטאָריעס.

פאַר די פאַרשאַפענע פּאַפּירן, לרוב פון די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענ־דער, האָט מען געדאַרפט באַצאָלן גאַנץ גרויסע געלטסומעס. עס זענען אָבער אויך געווען קאָנסולן — אמת, גאַנץ ווייניק אין זייער צאָל — וועלכע האָבן דעליידיקט די אויסלענדישע דאָקומענטן און וויזעס, נישט נעמענדיק דערפאַר קיין שום געלט־באַלוינונג. די דאָזיקע קאָנסולן און

פאַרשטייער פון פרעמדע מלוכות האָבן געהאַנדלט בלויז פון ריין הומאַ־ניטאַרע טעמים.

נאָכן אַרויסבאַקומען פון די קאָנסולאַטן אָדער פון די אָפיציעלע פאַר־שטייערשאַפטן די פּעסער און וויזעס, זענען זיי געוואָרן איבערגעשיקט קיין בערלין, פון וואַנען מען האָט זיי, פונעם הויפּטאַמט פון דער געשטאַפּאָ (געהיימע שטאַטספּאָליציי), ווייטער געשיקט אין די אַנגעוויזענע לענדער, צו די דאָרטיקע געשטאַפּאָ־אינסטאַנצן. די לעצטע האָבן די דאָקומענטן מיט די אַרויספאַר־דערלויבענישן איבערגעגעבן צו די מענטשן, פאַר וועלכע עס זענען געווען באַשטימט די אָנגעקומענע פּאַפּירן — אויב די מענטשן האָבן נאָך געלעבט.

די יידישע אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן זיך געפונען אין דער שווייץ, האָבן אין דער ערשטער ריי אויסגעאַרבעט דאָקומענטן פאַר זייערע פאַרדינסטפולע פּאַרטיי־מיטגלידער און זיי פאַרזאָרגט מיט אַריינפאַר־וויזעס — הויפּטזעכלעך אין די צענטראַל־אַמעריקאַנער לענדער. די הוצאות, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיט אויסאַרבעטן די אויסלענדישע דאָקומענטן, האָבן געדעקט די באַטרעפנדיקע אָרגאַניזאַציעס אָדער די קרובים, וועלכע האָבן זיך געפונען אין אויסלאַנד און זיי האָבן זיך באַמיט אַרויסצוראַטעווען זייערע נאָענטסטע פון דעם היטלער־גיהנום.

קיין שווייץ זענען אויך אָנגעקומען, דורך טערקיי, אָנווייזונגען פון אַרץ־ישראל פאַר וועמען אויסצואַרבעטן אַזעלכע פּעסער, אויב אויפן אָרט איז אוממעגלעך געווען אַליין צו פאַרשאַפן די נייטיקע סערטיפיקאַטן קיין ארץ־ישראל.

אין יענער שווערער פאַר יידן צייט האָט די יידישע אַגענץ אין ארץ־ישראל נישט דיספּאָנירט מיט קיין גרעסערע געלטסומעס, אין וועלכע מען האָט זיך געניייטיקט, כדי צו קאָנען אַרויסראַטעווען וואָס מער יידן פון די דורך די דייטשן אָקופּירטע לענדער. מען האָט געמוזט אָנקומען נאָך הילף צו אויסלענדישע יידן. צו דעם צוועק זענען פּראָמינענטע ישראל־שליחים אַרויסגעפאָרן אין פאַרשידענע טיילן פון דער וועלט. קיין דרום־אַפריקע, למשל, האָט מען דעלעגירט דעם געוועזענעם דעפּוטאַט פון פּוילישן סיים (פּאַרלאַמענט) יצחק גרינבוים, און ער האָט דורכגעפירט

אַ גאַנץ געלונגענע זאַמלונג. אויך ד״ר יצחק שוואַרצבאַרט (געוועזענער דעפּוטאַט פון פּוילישן סיים), וועלכער האָט זיך בעת דער מלחמה געפונען אין לאָנדאָן, ווי אַ מיטגליד פונעם פּאַרלאַמענט פון דער פּוילישער עמי־גראַציע־רעגירונג, האָט אַריינגעשיקט גרעסערע געלטסומעס, כדי אויס־צואַרבעטן דאָקומענטן פאַר פאַרדינסטפולע ציוניסטישע מנהיגים, וועלכע האָבן זיך געפונען אונטער דער דייטשישער אָקופּאַציע אָדער אין לענדער, וואָס זענען געווען באַדראָט פון דייטשישער אינוואַזיע. הילף איז אויך אָנגעקומען פונעם אַמעריקאַנער יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט א״אַ.

אין אַ סך פאַלן האָט אויך דער אַמעריקאַנער דזשאָינט, דורך זיין פאַר־שטייער אין דער שווייץ, ווי אויך דער פאַרזיצער פון שווייצאַרישן „איז־ראַעליטישן געמיינדע־בונד״ אין ציריך ב. גוגענהיים, געקויפט אַזעלכע פּעסער פאַר אַ צאָל יידן פון אונגאַרן, סלאָוואַקיע און אַנדערע לענדער.

די הילף־געזעלשאַפט „רעליקאַ״ אין גענף, בראש פון וועלכער עס איז געשטאַנען דער געוועזענער סיים־דעפּוטאַט אין פּוילן ד״ר אברהם זילבערשיין, האָט אויך אַרויסגעשיקט אַ גרעסערע צאָל פּעסער, וועלכע ער האָט אויסגעאַרבעט ביים קאָנסול פון פּאַראַגווויי אין ציריך ר. היגלי, ווי אויך אין אַנדערע קאָנסולאַטן פון לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער.

דעם 3טן סעפּטעמבער 1942 האָט אברהם זילבערשיין דערהאַלטן אַ טעלעגראַמע פון טערקיי, אַז דער בריטישער קאָנסול אין איסטאַנבול האָט אַרויסגעשיקט פּאַטאַקאַפּיעס פון פּאַספּאָרטן פון רויטן קרייץ פאַר אַ צאָל מענטשן אין פּוילן. די דאָזיקע פּעסער האָט דער קאָנסול אַרויסגע־שיקט, אויף דער פאַראָרדענונג פון דער מאַנדאַטן־מאַכט אין פּאַלעסטינע, פאַר פרויען און קינדער פון פּאַלעסטינער בירגער. מען האָט פאַר זיי געדאַרפט אויסאַרבעטן די אויסטויש־פּאַפּירן אין בערן, אין דעם דעפּאַרט־מענט, וואָס האָט פאַרטראַטן די אינטערעסן פון די קריגפירנדיקע מלוכות. מיט דעם ענין האָט זיך פאַרנומען ד״ר שעפּס — דער אָנפירער פון פּאַ־לעסטינער ביוראָ אין דער שווייץ.

דער אגודת ישראל־קאָמיטעט אין מאָנטרע האָט, דורך זיינע פאַר־שטייער אין דער שווייץ עלע און יצחק שטערנבוך פון סאַן גאַלען (זיי זענען, אגב, געווען די ערשטע, ווען עס איז געלונגען צו פאַרשאַפן

די אויסלענדישע פּעסער), אַרויסגעשיקט אַרום 100 אויסלענדישע פּעסער פאַר רבנים און זייערע משפּחה־מיטגלידער. די ערשטע פּעסער זענען גע־שיקט געוואָרן קיין וואַרשע, ווען די שטאָט איז שוין געווען אָקופּירט דורך די דייטשן. די וויזעס האָט מען געקויפט ביים קאָנסול פון פּאַראַגוויי אין ציריך ר. היגלי. די דאָזיקע טראַנזאַקציע איז צושטאַנד געקומען אַ דאַנק דער פאַרמיטלונג פונעם פּוילישן קאָנסולאַט אין ציריך. די פּעסער זענען אויסגעשטעלט געוואָרן דורכן פּוילישן קאָנסול אין בערן ה׳ ראַ־קיצקי. פאַר דער פאַרמיטלונג און פאַרן אויסשטעלן די פּעסער האָט מען, פאַרשטייט זיך, געדאַרפט באַצאָלן.

אַ גרעסערע צאָל פּעסער און וויזעס האָט מען געקויפט ביים קאָנסול פון האָנדוראַס אין בערן — אַלפאָנסאָ באַוער, ווי אויך אין די קאָנסולאַטן פון טשילי, אורוגוויי, פּערו, קאָסטאַריקאַ, עקוואַדאָר, ניקאַראַגואַ, גוואַ־טעמאַלאַ, האַיטי. אויך אין קאָנסולאַט פון על סאַלוואַדאָר האָט מען אויס־געאַרבעט פּעסער — אָן שום פאַרגיטיקונג. דער ערשטער סעקרעטאַר פון קאָנסולאַט על סאַלוואַדאָר אין גענף איז געווען זשאָרזש מאַנטעלאָ. דאָס איז געווען אַן אונגאַרישער ייִד. זיין פריערדיקער נאָמען איז געווען מאַנדעל. ער האָט אַ סך געהאָלפן ביים אַרויסגעבן די פּעסער און נישט גענומען דערפאַר קיין שום געלט־באַלוינונג.

עס דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז זשאָרזש מאַנטעלאָ איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אַזעלכע פּעסער, אָן שום אָפּצאָל, פאַרן החלוץ און פאַר אַנדערע געזעלשאַפטלעכע טוערס און אינסטיטוציעס. די פּעסער זענען דורך אים אַרויסגעגעבן געוואָרן אין די הונדערטער. צו די, וועלכע האָבן אָנגעבונדן מיט אים אַ דירעקטן קאָנ־טאַקט, האָט געהערט אויך אַלפרעד שוואַרצבאַום, וועלכער האָט זיך באַ־זעצט אין לאָזאַן און איז פון דאָרט אָנגעגאַנגען מיט זיין הילף־אַרבעט.

אַרויספאַרנדיק פון בענדין, איז שוואַרצבאַום באַפולמעכטיקט געוואָרן פון דער דאָרטיקער יידישער קהילה, אָדער ווי עס האָט געהייסן ביי די דייטשן: „פאַרשטאַנד דער יידישען אינטערעסן־פאַרטרעטונג״, און נאָך שפּעטער — „עלטעסטענראַט דער יידישען קולטוסגעמיינדע אין בענדס־בורג״, ווי אויך — פון דער קהילה אין סאָסנאָוויעץ („עלטעסטענראַט דער

יידישען געמיינדע אין אָסט־אָבערשלעזיען״), אָנצוהייבן אין דער שווייץ אַן אַקציע, כדי צו דערמעגלעכן די עמיגראַציע פון יידן פון מזרח־שלעזיע און אויך זיך צו באַמיִען באַקומען פינאַנסיעלע הילף פאַר די יידן פון די דאָזיקע געביטן.

די יידישע קהילה אין אָסט־אויבערשלעזיען האָבן דעמאָלט געציילט 120.000 נפשות. בראש פון די דאָזיקע קהילות איז געשטאַנען מ. (מאָ־ניעק) מערין. זיין ברודער, חיים מערין, איז געשטאַנען בראש פון פון „עלטעסטענראַט״ אין בענדסבורג (בענדין).

עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז שוין דעם 16טן אַפּריל 1940 האָט די קהילה אין סאָסנאָוויץ דערהאַלטן אַן אָנפראַגע פון ג. וואַנטין, אין נאָמען פון דעם קאָמיטעט פאַר יידישע פליטים אין דער שווייץ, וועגן דער געשאַפענער מעגלעכקייט פון אַ יידישער עמיגראַציע, אויב מען וועט קאָנען צושטעלן די געהעריקע דעוויזן.

ווי נאָר שוואַרצבאָום איז אָנגעקומען אין דער שווייץ, האָט ער זיך פאַרבונדן מיט דעם עמיגראַציע־אַמט פון דער יידישער אַגענץ אין גענף. ער האָט זיך באַמיט וועגן סערטיפיקאַטן פאַר די יידן אין „אָסט־אָבער־שלעזיען״, ווי אויך — פאַר 200 סערטיפיקאַטן פאַר די דאָרטיקע חלוצים, לויט דער רשימה, וואָס מען האָט אים צוגעשיקט פון סאָסנאָוויץ.

די גאַנצע צייט, ווי עס איז נאָר מעגלעך געווען אָנצוהאַלטן דעם קאָנטאַקט מיט אויסלאַנד, האָט שוואַרצבאָום דערהאַלטן בריוו פון סאָס־נאָוויעץ און בענדין מיט דרינגענדיקע בקשות וועגן הילף פאַר דער דאָר־טיקער נויטליידנדיקער יידישער באַפעלקערונג. ביים איבערשיקן די בריוו קיין אויסלאַנד האָט אים געהאָלפן דער טשעכישער דיפּלאָמאַט ד״ר קאָ־פּעצקי אין בערן. די קאָרעספּאָנדענץ איז געגאַנגען דורך אים מיט דער דיפּלאָמאַטישער פּאָסט.

גלייך ביים אָנקומען אין דער שווייץ האָט זיך שוואַרצבאָום פאַר־שטענדיקט מיט די אָנפירער פון די יידישע אָרגאַניזאַציעס און זיי איבער־געגעבן וועגן דער שווערער לאַגע פון די יידן אין אָקופּירטן פּוילן — און דאָס איז דאָך געווען בלויז דער אָנהייב...

מען איז צוגעטראָטן צו אָרגאַניזירן אַ גרויסע הילף־אַקציע, אין

וועלכער עס האָט זיך שטאַרק אויסגעצייכנט לייב פעלדשטיין, אַ פּוילי־שער ייד פון טאַרנאָוו. ער האָט אין ציריך געגרינדעט אַ הילף־אָרגאַני־זאַציע פאַר פּוילישע יידן. ער האָט באַשטימט שוואַרצבאַומען פאַרן פאַר־שטייער פון דער אָרגאַניזאַציע אין לאָזאַן. אַחוץ דער באַקומענער הילף פון די פאַרשידענע שווייצאַרישע אָרגאַניזאַציעס, האָט שוואַרצבאַום אַוועק־געשיקט אַ געוויסע צאָל שפּייזפּעקלעך קיין בענדין, סאָסנאָוויעץ, וואַרשע און אַנדערע שטעט אין אָקופּירטן פּוילן. אויך אין דער שווייץ גופא האָט שוואַרצבאַום געהאָלפן די פּליטים, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען. נישט איינער פון זיי, וואָס האָט איבערגעלעבט די מלחמה, האָט עס אים און זיין פרוי מרים געהאַט צו פאַרדאַנקען — אין גאָר אַ גרויסער מאָס — פאַר דער הילף, וואָס זיי האָבן באַקומען אין פאַרשידענע פאָרמען.

די שפּייזפּעקלעך האָט מען געקויפט אין פּאָרטוגאַל און פון דאָרט זיי אַוועקגעשיקט קיין פּוילן. די פּעקלעך זענען לרוב געווען באַשטימט פאַר קראַנקע לייט און קינדער.

עס דאַרפן אויך דערמאָנט ווערן צוויי מענטשן, וועלכע האָבן זיך גאָר שטאַרק אויסגעצייכנט אין דער הילף־אַרבעט פאַר די פּליטים אין דער שווייץ: נחום באַנשטיין און ד״ר לעווי דע פּאַל, וואָס זענען געשטאַנען בראש פון דער אָרגאַניזאַציע „דעליווראַנס״.

נחום באַנשטיין איז געבוירן געוואָרן אין זכרון־יעקב, אין ארץ־ישראל. ער איז פאַר דער מלחמה אַרויסגעפאָרן אין דער שווייץ שטודירן. ער האָט דאָרט געענדיקט פאַרמאַציע, חתונה געהאַט און באַזעצט זיך אין דער שווייץ, ווו ער האָט געעפנט אַן אַפּטייק און דערנאָך אויך פאַר־לייגט אַ פאַבריק פון פאַרמאַצעווטישע אויסאַרבעטונגען.

צוזאַמען מיט זיין פריינד ד״ר לעווי דע פּאַל, אַן אָפּשטאַמיקער פון עלזאַס־לאָטרינגען, אַ באַקאַנטער גינעקאָלאָג, האָט באַנשטיין געגרינדעט די הילף־געזעלשאַפט „דעליווראַנס״ און זיך ספּעציעל אויסגעצייכנט אין דער הילף־אַקציע פאַר פּאַלעסטינער יידן, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען.

אויך די פאָרזיצערין פון אינטערנאַציאָנאַלן קאָמיטעט פאַר אינטע־לעקטועלע, וואָס שטאַמען פון דייטשלאַנד, די ענערגישע פרוי זעלמאַ זעליג פון גענף, האָט באַוויזן צו פאַרשאַפן פאַר די פּליטים פון דייטש־

לאַנד איינרייזע־וויזעס, שיפסקאַרטן, ווי אויך צוגעטיילט זיי געלט־שטי־צע, שפּייזפּעקלעך און אַנדערע מעגלעכע הילף.

דער פאַרשטייער פון אגודת ישראל אין ציריך, י. אייז, האָט אויך אַרויסגעשיקט אין די אָקופּירטע לענדער אַ גרעסערע צאָל פּעסער.



אין חודש אַפּריל 1943 איז אין דער שווייץ אָנגעקומען אַ קוריער פון וואַרשע, וועלכער האָט מיט זיך מיטגעבראַכט 3.000 שווייצאַרישע פראַנק. דאָס געלט האָט ער איבערגעגעבן י. אייזן, כדי ער זאָל פאַר־שאַפן אַ געוויסע צאָל פּעסער, לויט אַ רשימה, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך. די ערשטע פּעסער האָבן געדאַרפט אויסגעאַרבעט ווערן, קודם כל, פאַר פיר אגודה־מיטגלידער: פּנחס ווייסמאַן, יצחק גראַדוס, וואָלף מעסינג און לייזער באַרוכאָוויטש.

אין נאָוועמבער 1943 איז י. אייז געשטאָרבן. די דורך אים אָנגע־הויבענע הילף־אַרבעט איז אָבער ווייטער אָנגעגאַנגען. עס מוז דערביי אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז די אגודת ישראל וועלט־אָרגאַניזאַציע האָט שטאַרק געזאָרגט פאַר אירע מענטשן, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער דער דייטשישער אָקופּאַציע.

עס זענען געווען קוריערן (נישט־יידן), וועלכע זענען געפאָרן פון דער שווייץ אין די אָקופּירטע לענדער צוליב געשעפטלעכע ענינים. זיי האָבן אין איין וועג פאַרדינט גרויסע סומעס געלט ביים איבערפירן געלט און בריוו קיין אויסלאַנד. אמת, זיי האָבן דערביי איינגעשטעלט זייער לעבן. אויך נאַציס און עס־עס־לייט האָבן אויסגענוצט די גוטע קאָניוקטור צו פאַרדינען געלט און האָבן אויך געדינט ווי קוריערן פון יידישע אָרגאַ־ניזאַציעס אין אויסלאַנד.

אויף איין פאַל מיט אַזאַ ספּעציעלן קוריער, וואָס איז געקומען פון וואַרשע קיין שווייץ צום אָנפירער פונעם הילף־קאָמיטעט „רעליקאַ", ד"ר אברהם זילבערשיין — איז כדאי זיך אָפּצושטעלן.

פון אַ באַריכט, וואָס ד"ר זילבערשיין האָט צוגעגרייט דעם 26סטן יולי 1943 [30], דערוויסן מיר זיך פאָלגנדיקס: דעם 25סטן יולי [31], 12 אַ

זייגער ביי נאַכט, האָט צו אים טעלעפאָנירט אַן אומבאַקאַנטער מאַן און געבעטן אים אויפנעמען אין אַ ביז גאָר וויכטיקן און דרינגענדיקן ענין. דער אומבאַקאַנטער האָט זיך פאַררופן אזיף פרוי מרים ראַגאָזשיק פון וואַרשע, פון וועלכער — ווי ער האָט געזאָגט — ער האָט געבראַכט אַ גרוס פאַר אים.

ד״ר זילבערשיין האָט גוט געקענט די פרוי ראַגאָזשיק. זי איז געווען אַ באַקאַנטע געזעלשאַפטלעכע טוערין אין וואַרשע און די אייגנטימערין פון שיפן, וואָס האָבן קורסירט איבער דער ווייסל. היות דער אומבאַקאַנ־טער מאַן האָט דערקלערט, אַז מאָרגן גאַנץ פרי מוז ער שוין צוריקפאָרן, האָט אים ד״ר זילבערשיין געהייסן גלייך קומען צו זיך אַהיים.

ווי נאָר דער אומבאַקאַנטער מאַן איז אַריינגעקומען צו זילבער־שיינען, האָט ער דערקלערט, אַז ער קאָן זיך פאַר אים נישט פאָרשטעלן, אָבער ער האָט מיט זיך בריוו, וואָס וועלן אים שוין אויסלעגיטימירן. אין איר בריוו צו זילבערשיינען דערמאָנט אָבער נישט פרוי ראַגאָזשיק דעם קוריערס נאָמען. אין אַ צווייטן בריוו, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך פון ה׳ האַלבערשטאַט, ווערט ער אויך נישט דערמאָנט, נאָר — אַ געוויסער אַדאַם זשוראַווין. דער שליח האָט באַלד דערקלערט, אַז ער איז נישט דער באַטרעפנדיקער אַדאַם, וועגן וועלכן עס רעדט זיך אין די בריוו, נאָר זיינער אַ נאָענטער מיטאַרבעטער. אַדאַם האָט טאַקע געדאַרפט קומען קיין שווייץ פערזענלעך, אָבער דאָס מאָל איז עס אים נישט גע־לונגען. דער קוריער האָט געזאָגט, אַז ער וועט פאַרבלייבן אין דער שווייץ בלויז דריי טעג. ער האָט געהאַט — ווי ער האָט פאַרזיכערט — אַ סך ענינים צו דערליידיקן אין בערן און אין ציריך, און זיין וויזע איז געווען גילטיק נישט מער ווי אויף דריי טעג.

ד״ר זילבערשיין האָט געפרעגט דעם שליח פון וואַנען ער איז איצט געקומען. — פון וואַרשע — האָט ער געענטפערט, דירעקט פון וואַרשע. אויף זילבערשיינס ווייטערדיקער פראַגע, מיט וואָס ער באַשעפטיקט זיך אין וואַרשע, און צו וועלכן צוועק ער איז געקומען אין דער שווייץ, האָט דער קוריער געבעטן אים מער נישט צו שטעלן קיין שום פראַגעס, ווייל אַלע פראַגעס זענען נוצלאָז. ער קאָן וועגן זיך מער גאָרנישט זאָגן. ער

איז גרייט צו רעדן נאָר וועגן די ענינים, וואָס ווערן באַרירט אינעם בריוו פון פרוי ראַגאָזשיק. חוץ די ענינים, וועגן וועלכע עס רעדט זיך אין דעם בריוו, האָט ער געהאַט אַ פערזענלעכע בקשה, ווי אויך אַ בקשה אין נאָמען פון דעם דערמאָנטן אַדאַם: אויסצואַרבעטן פעסער פאַר די מענטשן, וועמעס פאָטאָגראַפיעס ער האָט מיט זיך מיטגעבראַכט. — דאָס מוז — האָט ער געזאָגט — געשען באַלד צו מאָרגנס, ווייל ער דאַרף די פעסער מיטנעמען מיט זיך. ער האָט ד״ר זילבערשיינען געוויזן אויף אַ פאָטאָ־קאָפּיע פון אַ בריוו, וואָס אַדאַם זשוראַווין האָט דערהאַלטן פון קאָנסו־לאַט פון דער צענטראַל־אַמעריקאַנער רעפּובליק האָנדוראַס, ער זאָל גלייך צושיקן זיינע פּערסאָנאַליעס. אויף אַלע פאָטאָגראַפיעס, וואָס דער קוריער האָט געוויזן ד״ר זילבערשיינען, זענען געווען אָנגעגעבן די ביימיקע דאַ־טעס פון די מענטשן. צווישן די געוויזענע פאָטאָגראַפיעס איז געווען אויך דאָס בילד פון אַדאַם זשוראַווין, וואָס איז געלעגן אין אַ גאַנץ באַזונ־דערער הילע.

אויף דער פראַגע פון ד״ר זילבערשיין, צי דאָס איז דאָס בילד פון דעם זעלביקן אַדאַם, וועגן וועלכן עס רעדט פרוי ראַגאָזשיק, האָט ער געענטפערט: יאָ. אויף אַ צווייטער פראַגע, ווי אַזוי קאָן דער דאָזיקער אַדאַם קומען אין דער שווייץ, האָט דער שליח געענטפערט: „הער אַדאַם האָט אַזעלכע גרויסע פאַרבינדונגען, אַז מען איז געווען זיכער, אַז ער וועט קאָנען אַהערקומען. דאָס איז אָבער דאָס מאָל נישט געלונגען. ביים איצטיקן מאָמענט געפינט זיך ה׳ אַדאַם אין אינטערנירונגס־לאַגער וויטעל״. דער שליח האָט געזאָגט, אַז איצט פאַרט ער טאַקע צו זשוראַווינען קיין וויטעל, דערנאָך קיין טיטמאָנינג, ווי אויך אין דעם ביי־געשאַפענעם לאַגער, נישט ווייט פון האַנאָווער. דאָרט וועט ער באַזוכן אַלע זיינע באַקאַנטע.

לכתחילה האָט דער קוריער נישט געוואָלט אָנרופן דעם נייעם לאַגער ביים נאָמען, ער האָט געזאָגט, אַז דערווייל איז עס נאָך אַ שטרענגער סוד — ביז עס וועט פון דאָרט נישט אָנקומען די ערשטע פּאָסט. אָבער סוף כל סוף האָט ער געזאָגט, אַז דער לאַגער הייסט בערגנבאָסטעל. ד״ר זילבערשיין האָט נישט געוווסט, אַז דער נאָמען איז געווען אַ פאַל־שער. דער לאַגער האָט געהייסן: בערגען־בעלזען.

די געבראַכטע פאָטאָגראַפיעס האָט ד"ר זילבערשיין דורכגעקוקט גאַנץ אויבנאויפיק, ווייל ער האָט געשענקט מער אויפמערקזאַמקייט די דאַטעס און פערסאָנאַליעס פון די מענטשן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די מערהייט נעמען זענען געווען נישט קיין יידישע. ד"ר זילבערשיין האָט אים געפרעגט צי די אַלע אויסגערעכנטע זענען יידן. עס איז אים געוואָרן אויפפאַלנדיק, וואָס זשוראַווינס שטריכן פון פנים זענען נישט געווען קיין יידישע, ווי אויך דאָס, וואָס זיין געבוירן־אָרט איז אָנגעגעבן געווען זלאָטשעוו. גראָד איז די מזרח־גאַליצישע שטאָט זלאָטשעוו געווען זיל־בערשיינען גוט באַקאַנט. זלאָטשעוו איז געווען דער הויפט־צענטער פאַר זיין אַמאָליקער וואַל־קאַמפּאַניע אויסגעקליבן צו ווערן ווי אַ דעפּוטאַט צום פּוילישן סיים (פּאַרלאַמענט). עס איז אים אויסגעקומען מאָדנע, וואָס דער נאָמען זשוראַווין איז אים געווען לחלוטין פרעמד. אין זלאָטשעוו זענען געווען, פאַרהעלטנישמעסיק, ווייניק יידן, און זילבערשיין איז גע־שטאַנען מיט זיי אין קאָנטאַקט נישט נאָר ווי אַ דעפּוטאַט צום סיים, נייערט אויך — ווי דער פּאַרזיצער פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג און פון די פּאַכשולן אין גאַליציע. ער האָט דעריבער געפרעגט דעם שליח צי זשוראַווין איז אַ ייד און צי ער אַליין, דער שליח, איז אויך אַ ייד.

דער שליח האָט געענטפערט, אַז ער איז נישט קיין ייד, אָבער זשו־ראַווין איז אַ האַלבער ייד. זשוראַווינס פרוי — האָט ער געזאָגט — איז אַ יידישע, זי הייסט אָבער נישט זשוראַווין, נאָר קריסטענקינד (איר אמתער נאָמען איז אָבער געווען קריסטענפרוינד — י. ט.). זי האָט אויך געהאַט אַן אַרויספאָדערונג פון קאָנסולאַט פון האָנדוראַס, אָבער זשוראַווין האָט זי נישט מיטגעשיקט.

אויף דער פראַגע פון ד"ר זילבערשיין, ווו זשוראַווין איז געווען אין דער לעצטער צייט, האָט דער שליח געענטפערט: אין וואַרשע. אים טאַ־קע — האָט ער געזאָגט — האָט מען צו פאַרדאַנקען וואָס אַלע יידן, וואָס האָבן געהאַט אויסלענדישע פּעסער, האָבן געקאָנט אַרויספאָרן קיין וויטעל אָדער אין דעם נייעם לאַגער בערגנבאַסטעל. זשוראַווין האָט געמאַכט גרויסע באַמיִונגען און זיך דערביי שטאַרק אָנגעשטרענגט פינאַנסיעל. ער האָט פון זיין אייגענעם פאַרמעגן — האָט דער שליח געזאָגט — אָפּ־

געגעבן פאַר דעם צוועק זייער אַ סך געלט, כדי די זאַך זאָל ווי אַמשנעלסטן ווערן רעאַליזירט. ער זאָל אַפּילו האָבן — האָט ער ווייטער געזאָגט — באַצאָלט פון זיין אייגענער טאַש די רייזע־הוצאות און פאַרזאָרגט די מענטשן מיט פּראָוויאַנט אויפן וועג. צוליב דעם האָט ער ספּעציעל געמוזט פאָרן קיין בערלין. די אַלע, וועמעס פאָטאָגראַפיעס דער שליח האָט מיט־געבראַכט מיט זיך, האָבן מיטגעהאָלפן אַדאַמען אין זיין אַרבעט. קיינער פון זיי איז נישט קיין ייִד, מאַנכע זענען האַלבע ייִדן. אָבער אַלע האָבן זיי גאָר גרויסע באַציִונגען.

צווישן די פאָטאָגראַפיעס, וואָס דער שליח האָט איבערגעגעבן ד״ר זיל־בערשטיינען, האָט זיך געפונען אויך דאָס בילד פונעם שליח. אויף דער צווייטער זייט פונעם בילד איז געווען אָנגעגעבן דער נאָמען בעם פער־דינאַנד, געבוירן אין סאַן פּעלטען[32]. עס איז אויך געווען אַ בילד פון אַ פרוי מיט אַ טיפּיש ייִדישן אויסזען און מיט דעם נאָמען, אויף דער אַנדערער זייט פאָטאָגראַפיע: בעם, געבוירן ציטראָן (ZITRONE), יאָר פון געבוירן: 1918, אָרט: פּעטערסבורג. מסתמא איז דאָס געווען דעם שליחס פרוי, הגם ער האָט עס נישט געזאָגט. צווישן די פאָטאָגראַפיעס איז געלעגן אויך אַ בילד פון אַדאַם זשוראַווינס ברודער, אַ בילד פון געוויסן קעניגל[33] מיט זיין פרוי, פון אַן עלטער פּאָרל און פון אַ געוויסן סקאָסאָווסקי[34].

די גאַנצע געשיכטע מיט די געבראַכטע פאָטאָגראַפיעס האָט אויסגעזען עפּעס מאָדנע. ד״ר זילבערשטיין האָט דערקלערט דעם שליח, אַז ער קאָן גאָרנישט טאָן פאַר די דאָזיקע מענטשן, ווייל ער מוז פריִער גענוי וויסן פאַר וועמען ער דאַרף מאַכן באַמיִונגען אַרויסצובאַקומען די פּעסער. ער איז מאָראַליש פאַר זיי פאַראַנטוואָרטלעך. קודם כל מוז ער וויסן, צי דאָס זענען מענטשן, וואָס זייער לעבן איז אין געפאַר און מען מוז זיי טאַקע ראַטעווען. ער האָט אויך געפרעגט דעם אומבאַקאַנטן צו וואָס ער דאַרף האָבן פאַר די מענטשן פּעסער, אויב זיי זענען נישט קיין ייִדן און זיי קאָנען זיך פריי באַוועגן, און ווייטער — צו וואָס דאַרף אַדאַם זשוראַווין האָבן אַ פּאַס, אויב ער געפינט זיך שוין סיי ווי אין אויסטויש־לאַגער וויטעל. דער שליח האָט געזאָגט, אַז לײַדער קאָן ער נישט ענטפערן אויף דער פראַגע, ווייל ער וואָלט געמוזט אַנטפּלעקן געוויסע סודות — און דאָס

טאָר ער נישט טאָן. ער באַדויערט — האָט ער צוגעגעבן — וואָס ער איז בכלל געקומען קיין גענף. פון זיין אָמט האָט ער בלויז באַקומען אַן אויפטראָג צו פאָרן קיין בערן. דאָס איז די סיבה צוליב וועלכער ער איז אַהערגעקומען ביי נאַכט. מאָרגן גאַנץ פרי מוז ער צוריקפאָרן. דאָ גייט פשוט וועגן זיין אייגענעם קאָפּ. עס איז געגנוג, אַז עמעצער זאָל זיך דערוויסן, אַז ער איז געווען ביי ד״ר זילבערשיין אין גענף, און דעמאָלט — האָט ער שטיל געזאָגט: „ביי אונדז פליִען קעפּ זייער שנעל״. דאָס אַליין דאַרף דינען ווי אַ באַווייז, אַז מען קאָן האָבן צו אים צוטרוי.

דער שליח האָט פאַרזיכערט, אַז ער איז גרייט צו העלפן אויף די יידן, וואָס געפינען זיך אין לובלינער ראַיאָן — אין די אַרבעט־לאַגערס, אויב זיי האָבן נאָר וועלכע עס איז פּאַפּירן. ער וואָלט זיי פון דאָרט אַרויסגעפירט אויף דעם זעלביקן אופן, ווי ער האָט עס געטאָן מיט די יידן פון וואַרשע. ער האָט שטאַרק באַדויערט וואָס אַדאַם האָט נישט געקאָנט קומען פערזענלעך קיין שווייץ, ווייל די אַנגעלעגנהייט וועט דאַרפן קאָסטן אַ סך געלט.

לויט דעם פּלאַן, וואָס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן צוזאַמען מיט אַדאַמען אין פוילן, דאַרף מען האָבן אַ סומע פון אומגעפער 100.000 דאָלאַר. איצט זעט ער, אַז דעם גאַנצן ענין וועט מוזן דערליידיקן אַדאַם זשוראַווין פערזענלעך. ער האָט שטאַרק באַדויערט, וואָס ער וועט נישט זיין אין שטאַנד מיטצוברענגען פאַר אַדאַמען די נייטיקע אינפאָרמאַציעס, כדי צו קאָנען אַ שטויס טאָן די גאַנצע זאַך פאָרויס. דער שליח איז געוואָרן מוטלאָז און דערקלערט, אַז דער גאַנצער ענין איז אים זייער פיינלעך, אָבער ליידער קאָן ער מער וועגן דעם גאָרנישט זאָגן. רעדנדיק אַזוי, האָט ער אַרויסגענומען פון זיין טאַש נאָך אַ פּאָסטקאַרטל פון פּרוי ראַגאָזשיק, וואָס זי האָט געשריבן אויף איר וועג קיין בערענבאָסטעל (בערגען־בעלזען — י. ט.). אין דעם קאַרטל דריקט זי אויס אַ דאַנק אַדאַמען פאַר די באַמיִונגען, און בעט אים ווייטער אָנצוגיין מיט דער רעטונגס־אַרבעט. דער שליח האָט אויך געוויזן ד״ר זילבערשיינען אַ פּאָר אָנווייזונגען אָפּצונעמען געלט אין דער שווייץ. די אָנווייזונגען — האָט ער געזאָגט — האָט ער באַקומען פון פּריוואַט־מענטשן און פון באַקאַנטע

פירמעס אין װאַרשע, לרוב פון דער פילם־בראַנזשע. די אַנװייזונגען זענען געװען אַדרעסירט צו אַ פּאָר פירמעס אין ציריך, װי למשל, צו דער פאַר־טרעטונג פון מעטראָ־גאָלדװין־מייער א״א, מיט דער בקשה אויסצוצאָלן דעם איבערגעבער פון דער אויסגעשטעלטער אַנװייזונג, אויפן חשבון פון דעם באַטרעפנדיקנס קאָנטאָ, די סומעס פון 5.000, 10.000 און 50.000 דאָ־לאַר. כמעט אַלע אונטערשריפטן פון די אויסשטעלערס זענען געװען אויטענטישע און כמעט אַלע זענען זיי געװען באַקאַנט ד״ר זילבערשיין. דער שליח האָט געזאָגט, אַז ער װאָלט אים נישט געװיזן די אַנװייזונגען, װייל ער האָט נישט געהאַט קיין רעכט דאָס צו טאָן, נאָר זעענדיק, אַז זילבערשיין האָט נישט צו אים קיין פאַרטרויען, װען עס האַנדלט זיך װעגן די פּעסער, האָט ער אים אַזױ אַרום געװאָלט איבערצייגן, אַז ער פאַרדינט מען זאָל אים שענקען צוטרוי.

װאָס שייך דער צװייטער אָנגעלעגנהייט: געלט, װיל ער מער אויף דער טעמע נישט דיסקוטירן. דאָס לאָזט ער איבער פאַר אַדאַמען. ער װיל אָבער װיסן, צי עס קאָן װערן אויסגעשטעלט אַ פּאָס כאָטש בלויז פאַר אַדאַמען. ד״ר זילבערשיין האָט אים געזאָגט, אַז דער קאָנסולאָט פון האָנדוראַס האָט שוין אָפּגעשטעלט דאָס אַרויסגעבן פּעסער. אגב, האָט דער קאָנסול פון האָנדוראַס, אַלפאָנסאָ באַוער, אָפּגעשטעלט דאָס אַרויס־געבן די פּעסער, אונטערן דרוק פון אַמעריקאַנער קאָנסול.

אין אַ בריװ, געשריבן דעם 18טן יולי 1943 צו אַלפרעד שװאַרצבאַום, לאָזט אים ד״ר זילבערשיין װיסן, אַז דער פאַרבאָט איז טאַקע געקומען אונטערן דרוק פון אַמעריקאַנער קאָנסול. באַוער האָט זיך מתחייב געװען נישט אויסצושטעלן מער קיין פּעסער. װי עס איז באַקאַנט געװען, האָט דער אַמעריקאַנער קאָנסול אין גענף אַנטװיקלט אַ שטאַרקע אַקציע קעגן די אַלע פּעסער, װאָס זענען אַרויסגעגעבן געװאָרן דורך די לאַטיין־אַמע־ריקאַנער לענדער [65].

װען דער שליח האָט געענדיקט רעדן, איז שוין געװען פאַר טאָג. דער זייגער האָט אויסגעשלאָגן 4.30. דער שליח האָט זיך געאיילט אָפּצו־פאָרן קיין בערן. ער האָט פאַרגעלייגט, אַז ד״ר זילבערשיין זאָל זיך מיט אים טרעפן, אונטער שטרענגע פאַרזיכט־מיטלען, אין בערן. ביים אַװעק־

גיין האָט ער נאָך צוגעוואָרפן: „מיר האָבן זיך פּשוט מקריב געווען און אַזוי פיל געטאָן פאַר די יידן, קאָנט איר דאָך פאַר אונדז אויך עפּעס טאָן. מיר האָבן בדעה ווייטער צו העלפן יידן, אָבער באַלד נאָכן דורכפירן די רעטונגס־אַקציע, ווילן מיר זיך אַליין מעלדן ווי אויסלענדער. מיר ווילן האָבן די זיכערקייט, אַז אונדזערע קעפּ וועלן נישט פליִען".

דער שליח האָט געראָטן ד״ר זילבערשיין, אַז ער זאָל זיך די זאַך גוט איבערלייגן און זיך רעכענען מיט דעם וואָס פרוי מרים ראָגאָזשיק, האָלבערשטאַט און די איבעריקע האָבן געשריבן אין זייערע בריוו. ער האָט נאָך צוגעגעבן, אַז פון דער שווייץ פאָרט ער דירעקט קיין ווילנע און ער קאָן מיטנעמען מיט זיך גרוסן. ער איז אויך גרייט מיטצונעמען געלט און דאָרט אויסצאָלן וועמען מען וועט הייסן. אין בערן — האָט ער געזאָגט — איז ער גרייט זיך צו טרעפן מיט ד״ר זילבערשיין אין דעם האָטעל ווו ער, זילבערשיין, וועט איינשטיין. ער האָט געבעטן אים דאָרט צו רופן מיטן נאָמען פאָול. די פאָטאָגראַפיעס, וואָס ער האָט געבראַכט מיט זיך, האָט ער באין אופן נישט געוואָלט צוריקנעמען.

באַלד צו מאָרגנס האָט זיך פאָול געטראָפן מיט ד״ר זילבערשיין אין אַ האָטעל־צימער אין בערן — אַזוי ווי עס איז געווען אָפּגערעדט. פאָול האָט אים געזאָגט, אַז אַ דאַנק זשוראַווינען זענען אַלע מענטשן, וועלכע האָבן נאָר געהאַט וועלכע עס איז פּאַפּירן, בריוו אָדער קאָנסולאַרע פּעסער, אָן שום שטערונגען אויפגענומען געוואָרן אין האָטעל „פּאָלסקי" אין וואַרשע [36]. זשוראַווין האָט אויך געזאָרגט דערפאַר, אַז עס זאָל אין דער געהעריקער צייט צוגעשטעלט ווערן פאַר זיי פּאַסאַזשיר־צוגן.

פון אָנהייב — האָט ער געזאָגט — האָבן יידן נישט געהאַט קיין צוטרוי צו דער גאַנצער רעטונגס־אַקציע. זיי האָבן געמיינט, אַז די באַנען זענען באַשטימט, כדי זיי צו טראַנספּאָרטירן „אויף מזרח" (אַזוי האָט מען גערופן די טראַנספּאָרטן מיט יידן, וועלכע מען האָט אַוועקגעשיקט אין די גאַזקאַמערן פון טרעבלינקע). שפּעטער האָבן זיי זיך אָבער איבערצייגט, אַז לויט אַ פאַראָרדענונג פון בערלין, האָבן אַלע מענטשן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין האָטעל „פּאָלסקי" [37], געדאַרפט טראַנספּאָרטירט ווערן קיין דייטשלאַנד אין דעם ניי־געגרינדעטן אויסטויש־לאַגער בערגנבעלסטעל,

און אַ קלענערע גרופּע מענטשן האָט געדאַרפט פאַרן קיין וויטעל, פראַנקרייך.

פון וואַרשע — האָט ער געזאָגט — זענען אָפּגעפאָרן מיט צוויי וואָכן צוריק 1.000 מענטשן. אויפן וועג זענען צו דעם טראַנספּאָרט צוגעקומען 80 מענטשן פון באָכניע און אַן ערך 30 מענטשן פון קראָקע.

פון די פאַרשידענע פּרטים, וואָס דער שליח האָט איבערגעגעבן, האָט מען געקאָנט זען, אַז ער איז געווען אין וואַרשע און גוט געקענט די מענטשן, וועמעס נעמען ער האָט אויסגערעכנט. ער האָט אַפילו דערציילט, אַז נישט אַלע יידן האָבן אָפּראָבירט די אַקציע, וואָס זשוראַווין האָט דורכגעפירט. דאָס איז אָבער געשען — האָט ער געזאָגט — צוליב דעם, וואָס אַ סך פון די פאַרצווייפלטע יידן, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין שום דאָקומענטן פון אַן אויסלענדישן קאָנסולאַט, האָבן זיך באַמיט אַנ־צושליסן אין דעם טראַנספּאָרט און עס איז זיי דאָס נישט געלונגען. זשוראַווין האָט, צוליב דער זיכערקייט פון די איבעריקע מענטשן, נישט געקאָנט דערצו דערלאָזן. אַלע פּאַפּירן האָבן געדאַרפט דורכגיין אַ גרינט־לעכע דייטשישע קאָנטראָל, האָט ער געמוזט פאַרהיטן, אַז די גאַנצע אַקציע זאָל צוליב דעם נישט דורכפאַלן.

דער שליח פּאָול האָט נאָך געזאָגט, אַז אויף להבא האָט מען בדעה צו אָרגאַניזירן אַן ענלעכע אַקציע אין די ערטער, ווו עס זענען קאָנ־צענטרירט די מערהייט יידן, וועלכע האָבן געאַרבעט אין פאַרשידענע דייטשישע אונטערנעמונגען, ווי שולץ, טעבענס אאַז״וו. אויפן ערשטן אָרט — האָט ער געזאָגט — שטייט איצט דער לאַגער טראַווניקי, ביי לובלין.

כדי דורכצופירן די דאָזיקע ערנסטע אונטערנעמונג, מוז זשוראַווין און זיינע מיטאַרבעטער האָבן די פולע זיכערקייט, אַז עס וועלן געדעקט ווערן אַלע געלטער, וואָס זענען נייטיק פאַר די רייזעס: שוחד פאַר פאַרשידענע באַאַמטע, אָפּצאָל פאַר דער טראַנספּאָרטאַציע, פּראָוויאַנטירונג אאַז״וו. די דאָזיקע געלטער דאַרפן קומען פון אַ יידישער אָרגאַניזאַציע אין אויסלאַנד. נאָך דעם ווי עס וועט דורכגעפירט ווערן די אַקציע, וועט מען ווייטער אָרגאַניזירן אַזעלכע טראַנספּאָרטן — און דאָס אַזוי לאַנג ווי די

העכערע אינסטאַנצן וועלן נישט זיין קעגן דעם. די פאָרמאַליטעטן, וואָס זענען פאַרבונדן מיט דער דורכפירונג פון דער אַקציע, זענען אָפּהענגיק פון די מאַסמיטלען פון דער לאָקאַלער מאַכט און פון אירע באַאַמטע. דער בודזשעט און די קאָסטן פאַר אַזאַ רעטונגס־אַקציע אין טראַווניקי, ענלעך צו דער ווי עס איז דורכגעפירט געוואָרן אין וואַרשע, דאַרף באַטרעפן אומגעפער 100.000 (הונדערט טויזנט) דאָלאַר. די סומע געלט, וואָס מען האָט געדאַרפט האָבן, כדי צו דעקן די אויסגאַבן פונעם וואַרשעווער טראַנספּאָרט, איז דאָס מאָל געקומען פון פּריוואַטע מענטשן.

ד״ר זילבערשיין האָט צוגעזאָגט דעם שליח, אַז ער וועט זיך דעם ענין גוט איבערלייגן און אים ווייטער רעפערירן, ווייל עס האַנדלט זיך דאָך וועגן אַן אויסערגעוויינלעך וויכטיקן פּראָיעקט און גלייכצייטיק — וועגן אַן אומגעהויער גרויסער געלטסומע.

וואָס שייך די אינערלעכע פאַרהעלטענישן אין פּוילן, האָט דער שליח פּאָול נישט געהאַט קיין סך וואָס צו זאָגן וועגן דעם, ווייל — לויט זיינע רייד — איז ער דאָרט געווען אַ גאַנץ קורצע צייט. אַחוץ וואַרשע, לעמבערג, איז ער אויך געווען אין זלאָטשעוו און אין קראָקע. וועגן קראָקע האָט ער געוווּסט בלויז אַזוי פיל, אַז די יידישע אונטערשטיצונג־שטעלע „יוס״ („JUS״)[38], וואָס איז שוין געווען ליקווידירט דורך די דייטשן, אַרבעט איצט ווידער נאָרמאַל, און בראש פון איר שטייט, ווי פריער, ד״ר מיכאַל ווייכערט. ער האָט, ווייזט אויס, גוט געקענט די באַדינגונגען אין וועלכע „יוס״ האָט געפירט איר טעטיקייט. דאָס האָט אַלץ געשטימט מיט די אינפאָרמאַציעס, וועלכע ד״ר זילבערשיין האָט געקראָגן פון דער ערשטער האַנט (ווייכערט — י. ט.). ער האָט ווייטער דערציילט, אַז ער האָט באַזוכט אויך אַנדערע שטעט און לאַגערס אין מערב־גאַליציע. דער צושטאַנד פון מענטשן דאָרט (געמיינט: יידן) — האָט ער געזאָגט — איז אַ שרעקלעכער. פאַר זיי איז נישטאָ קיין שום מעגלעכקייט אַרויס־צובאַקומען זיך פון דאָרט. אויף דער שטרעקע זשעשאָוו — באָכניע האָט מען ביי די יידן אויסגעשמירט די שיך און די פיס מיט דזשעגעכץ, כדי מען זאָל באַלד דערקענען די שפּורן פון די, וואָס ווילן אַנטלויפן.

ווען ד״ר זילבערשיין האָט געוואָלט הערן פון אים פּרטים וועגן

מזרח־גאַליציע: זלאָטשעוו, לעמבערג און דראָהאָביטש, איז ער פּלוצלינג געוואָרן צוריקגעהאַלטן. וועגן די שטעט — האָט ער געזאָגט — קאָן ער נישט געבן קיין שום אינפאָרמאַציע, ווייל ער האָט נישט געהאַט די געלעגנהייט זיך דאָרט גוט אָרומצוקוקן. דעם אמת געזאָגט, האָט ער דאָרט בכלל נישט געזען קיין יידן, אַחוץ די, וואָס זענען געווען קאָנ־צענטרירט אין לעמבערג אויף דער פּירסטנגאַס נומ׳ 49. דאָרט האָבן די יידן געוואַרט אויף זייערע טראַנספּאָרטן קיין זוויטעל. ער האָט נאָר גע־קאָנט מיט זיי אויסטוישן אַ פּאָר געציילטע ווערטער.

די באַקומענע פּאָטאָגראַפיעס האָט ד״ר זילבערשיין צוגעשטעלט דעם זעלביקן טאָג דער פּוילישער לעגאַציע, וואָס האָט אים און אַנדערע יידישע אָרגאַניזאַציעס צוגעהאָלפן ביים אַרויסבאַקומען פּעסער און אויסלענדישע וויזעס. ער האָט זיי אויך איבערגעגעבן דעם פאַרלויף פונעם געשפּרעך, וואָס ער האָט געהאַט מיטן קוריער פּאָול. נאָך אַ לאַנגער באַראַטונג איז באַשלאָסן געוואָרן נישט צו געבן די מענטשן די פאַרלאַנגטע פּעסער, ווי אויך נישט צו געבן זיי קיין שום געלט, וואָרעם דער גאַנצער ענין האָט אויסגעזען זייער פאַרנעפּלט.

ווען דער קוריער פּאָול האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם אַנגענומענעם באַשלוס, איז ער געוואָרן שטאַרק אומרויק און דענערווירט. ער האָט זיך באַקלאָגט, אַז ה׳ האַלבערשטאַט, פרוי ראַגאַזשיק און די אַנדערע יידן האָבן פאַרזיכערט, אַז ווי נאָר אַדאַם וועט אָנקומען אין דער שווייץ, וועט ער גלייך אויפן אָרט באַקומען די פּעסער און צוריקגעצאָלט דאָס געלט, וואָס זיי האָבן אויסגעלייגט, כדי צו אָרגאַניזירן די טראַנספּאָרטן. די מענטשן האָבן אים אויך פאַרזיכערט, אַז אין אַ נויטפאַל, אָדער ווען די אָרגאַניזאַטאָרן וועלן קומען אין אַ קאָנפליקט מיט דער דייטשישער מאַכט צוליב דער דורכגעפירטער רעטונגס־אַקציע פון די יידן, וועט זיי תיכף צוגעשטעלט ווערן אויסלענדישע פּעסער. אויב אָבער עס איז נישט מעג־לעך — האָט דער קוריער פּאָול פאַרענדיקט — צו באַקומען איצט פאַר אַלע פּעסער, זאָל מען כאָטש אים געבן ווייניקסטנס די פיר פּעסער. צווישן די אויסגערעכנטע נעמען האָט ער אָנגערופן: אַדאַם זשוראַווין און פערדינאַנד בעם (דעם קוריערס אייגענער נאָמען).

ד"ר זילבערשיין האָט פאַרזיכערט דעם קוריער, אַז ווי נאָר ער וועט האָבן די מעגלעכקייט זיך צו פאַרבינדן מיט די מענטשן, וואָס האָבן געשריבן די בריוו און געפינען זיך אין בערגענבאָסטעל, וועט ער זיי פאַרזאָרגן מיט אויסלענדישע פּעסער. דערביי האָט ער אים אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז די פּעסער וועלן געגעבן ווערן אויסליסלעך פאַר יידן, וואָס זענען באַדראָט מיט דעפּאָרטאַציעס און וועלכע זענען באַקאַנט פון זייער פריערדיקער טעטיקייט אין אָרגאַניזאַציעס, ווי אויך פאַר אַזעלכע פּערזאָנען, וואָס וועלן ווערן דורך זיי רעקאָמענדירט. עס קומט אָבער באַין אופן נישט אין באַטראַכט וועלכער עס איז פּאַס פאַר אַ נישט־ייד, און בפרט פאַר אַ דייטש. וואָס שייך די געלטער, איז אַזוי: אויב מען וועט זיך איבערצייגן, אַז אַזעלכע פּראָיעקטן זענען טאַקע מעגלעך דורכצופירן און זיי זענען פאַרבונדן מיט דער אָנגעגעבענער סומע געלט, — די קאָסטן וועלן מוזן גענוי ווערן ספּעציפיצירט — וועט ער זיין גרייט צו זאָרגן דערפאַר, אַז די געלטמיטלען, וואָס געפינען זיך אין דער שווייץ צו דעם צוועק, זאָלן ווערן איינגעלייגט ביי דריטע פּערזאָנען, כדי זיי אויסצוצאָלן נאָך דער דורכגעפירטער רעטונגס־אַקציע.

דער שליח האָט, אַן אומצופרידענער, פאַרלאָזט די שווייץ און מער זיך דאָרט נישט באַוויזן.

אין שייכות מיטן וויזיט פון דעם ספּעציעלן שליח — אַדאַם זשוראַווינס נאָענטער מיטאַרבעטער — וועלכער איז געקומען אין דער שווייץ נאָך פּעסער און געלט, איז כדאי צו באַמערקן, אַז דער נאָמען אַדאַם איז אין געוויסע קרייזן שוין געווען באַקאַנט. דער גורדוניה־מנהיג פון פּוילן, איינער פון די העלדישסטע וואַרשעווער געטאָ־קעמפער, אליעזר געלער, האָט אַרויסגעשיקט אַ וואָרענונג קעגן דעם זעלביקן אַדאַם צום לייטער פון פאַרבינדונגס־ביוראָ פון דער הסתדרות אין גענף נתן שוואַלבע.

דעם 10טן יולי 1943, גראָד צוויי וואָכן פאַרן אָנקומען אין דער שווייץ פון אַדאַם זשוראַווינס פאַרטרויונגס־מענטש, האָט געלער געוואָרנט פאַר די אַלע, וואָס האָבן זיך באַשעפטיקט מיט צושטעלן אויסלענדישע פּאַפּירן פאַר יידן און צו וועלכע מען האָט אין אויסלאַנד צוטרוי. צווישן די אויסגערעכנטע נעמען האָט זיך אויך געפונען אַדאַם[39].

די יידן זענען, ווי באַוווּסט, שפּעטער אַוועקגעשיקט געוואָרן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער בערגען־בעלזען אָדער קיין דראַנסי. געלער אַליין האָט זיך אויך געפונען צווישן די, וועלכע זענען אַוועק צום „אויסטויש" קיין בערגען־בעלזען אָדער ווי דער לאַגער האָט געהייסן ביי אַדאַמס שליח: בערגענבאַסטעל (אַזאַ לאַגער איז בכלל נישט געווען). אַליעזר געלער איז שפּעטער, צוזאַמען מיט נאָך 1.800 יידן, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען דער גרויסער דיכטער יצחק קאַצענעלסאָן און דער שריפטשטעלער יהושע פּערלע, אומגעקומען אין די גאַז־קאַמערן פון אוישוויץ.

דערווייל זענען דערהאַלטן געוואָרן אין דער שווייץ וואָס אַ מאָל מער ידיעות וועגן טראַגישן מצב פון די יידן אין די דורך די דייטשן אָקופּירטע לענדער, ווי אויך וועגן דער אומזיכערקייט פון די יידן, וואָס האָבן אויף פאַרשידענע אופנים דערוואָרבן זיך אויסלענדישע פּעסער און וויזעס און האָבן זיך געפונען אין די אויסטויש־לאַגערס.

דער פאַרשטייער פון וועלט־קאָנגרעס אין דער שווייץ, ד"ר גערהאַרדט ריגנער [40] איז געלונגען אָנצובינדן קאָנטאַקטן מיט אייניקע פאַרטרויונגס־מענטשן, וואָס האָבן, פון דער ערשטער האַנט, גוט געקענט די לאַגע אין דייטשלאַנד און אין די פאַרנומענע געביטן. ער האָט די באַקומענע אינ־פאָרמאַציעס איבערגעגעבן די פאַרשטייער פון אַ ריי יידישע אינסטיטו־ציעס אין דער שווייץ. ד"ר ריגנער איז, אגב, געווען דער ערשטער, וועל־כער האָט אַלאַרמירט די וועלט וועגן די גאַזקאַמערן פאַר יידן, וואָס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן אין פּוילן. ער האָט אויך, דורך דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדע אין דער שווייץ, איבערגעגעבן די אַלע באַקומענע אינפאָר־מאַציעס קיין וואַשינגטאָן און געוואָרנט קעגן דער גרויסער געפאַר, וואָס עס דראָט די נאָך ביים לעבן איבערגעבליבענע יידן.

די געזעלשאַפטלעכע טוער אין דער שווייץ האָבן זיך דעריבער מיט גרויס רעזערוו באַצויגן צו די אינפאָרמאַציעס, וואָס עס האָט געבראַכט דער קוריער פון אַדאַם זשוראַווין. זיי זענען אויך געווען פּעסימיסטיש איינגעשטעלט צום גאַנצן פּלאַן וועגן אַ מעגלעכן אויסטויש. פאַראַנט־

וואָרטלעכע קרייזן האָבן אַפילו געוואָרנט קעגן די טראַנזאַקציעס מיט אויס־לענדישע פּעסער און וויזעס.

אין חודש מאַי 1943 האָט דער לייטער פון „רעליקאָ", ד״ר זילבערשטיין, דערהאַלטן אַ בריוו פונעם דזשאָינט־דירעקטאָר סאַלי מייער, פון סאַן גאַלען, וועלכער האָט, צווישן אַנדערע, געשריבן צו אים: „איך בין אייך מודיע, אַז איך האָב דערהאַלטן אַ ידיעה פון אַ גאַנץ זיכערער קוועלע אַז די, וועלכע לייגן אייך פאַר הילף ביים פאַרשאַפן פּעסער פאַר עמיגראַנטן, אינטערנירטע האָבן עס פאַרוואַנדלט אין אַ גוט פּראָספּערירנדיק געשעפט".

מייער שרייבט ווייטער, אַז אַ געוויסע צאָל מענטשן איז טאַקע גע־לונגען צו באַפרייען זיך פון דעפּאָרטאַציע אַ דאַנק די פּעסער, וואָס מען האָט פאַר זיי אַרויסבאַקומען פון אַ פּאָר קליינע צענטראַל־אַמעריקאַנער לענדער און זיי געפינען זיך איצט אין אַ פראַנצויזישן קוראָרט (געמיינט: וויטעל — י. ט.). — „ווי מען האָט אונדז אָבער מיטגעטיילט פון אַן אומ־באַדינגט פאַרלעסלעכער אינסטאַנץ" — שרייבט ער ווייטער אין זיין בריוו — „האָט די דייטשישע רעגירונג שוין אַנגעהויבן אַן אויספאָרשונג וועגן די מענטשן און עס איז לײַדער פאַראַן אַ גרויסע געפאַר, אַז די אַלע מענטשן, וואָס האָבן זיך אויף אַזאַ אומלעגאַלן אופן באַפרייט פון דער דעפּאָרטאַציע, וועלן דערשאָסן ווערן".

סאַלי מייער האָט אויך מודיע געווען זילבערשטיינען, אַז אַ פּאַראַנט־וואָרטלעכע אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָרגט פאַר די אָרעמע מענטשן און האָט אַפילו מיט אַ קורצער צייט צוריק דערלאַנגט אַ בקשה וועגן אַזעלכע פּעסער פאַר 50 פּערזאָן, האָט, שטיצנדיק זיך אויף דער אינפאָרמאַציע, וואָס איז לעצטנס דערהאַלטן געוואָרן (די סכנה, אַז די יידן דראָט דער־שאָסן צו ווערן), תיכף צוריקגעצויגן די אַנגעגעבענע בקשות. וואָס עס איז צום מייסטן צו באַדויערן אין דער גאַנצער אַנגעלעגנהייט — שרייבט מייער — איז דער פאַקט, וואָס אַ סך מענטשן האָבן פאַרגעניגן אויסצו־נוצן דעם צוטרוי, וואָס מען האָט צו זיי און זיי נאַרן אויס געלט פון זייערע קרבנות.

ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז די אינפאָרמאַציע געווען אַ הונדערט פּראָצענטיק ריכטיקע.

ד״ר זילבערשיין איז אָבער אין יענער צייט נאָך נישט געווען איבער־צייגט, אַז עס לאָזט זיך שוין מער גאָרנישט טאָן אין דעם ענין.

לויט ד״ר זילבערשיין, איז די באַקומענע אינפאָרמאַציע נישט ערנסט, אומבאַגרינדעט און אַנטשפּרעכט נישט די אמתע פאַקטן. מען קאָן נישט פאַרויסזען — שרייבט ער — וואָס די דייטשן זענען אַלץ אין שטאַנד צו טאָן, אָבער דערוויַיל מוז מען זיך שטיצן אויף די פאַקטאָרן ווי זיי עקזיס־טירן ביים היינטיקן טאָג. אַ פאַקט איז, אַז מען שטורעמט ממש פון אַלע זייטן נאָך פּעסער, אין וועלכע יידן זעען פאַר זיך די איינציקע רעטונג. עס איז אויך פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז אַלע די, וואָס האָבן באַקומען די פּעסער, זענען געבראַכט געוואָרן אין די אינטערנירונג־לאַגערס פאַר ציוויל־אינטערנירטע אין טיטמאַנינג, ליבענאַו און וויטעל. זיי פילן זיך דאָרט גוט און שטייען מיט אים (זילבערשיינען) אין קאָרעספּאָנדענץ. זיי הערן נישט אויף צו בעטן, מען זאָל די זעלביקע מעגלעכקייטן פאַרשאַפן אויך פאַר זייערע משפחה־מיטגלידער און באַקאַנטע.

ד״ר זילבערשיין שטעלט ווייטער פעסט, אַז די אויסגעשטעלטע דאָ־קומענטן זענען עכטע — אין דעם זין, וואָס זיי זענען אַרויסגעגעבן גע־וואָרן דורך באַרעכטיקטע דערצו פּערזאָנען. די דייטשן — שרייבט זיל־בערשיין — אינטערעסירט בכלל נישט די עכטקייט פון די פּעסער — דאָס האָט ער זיך דערוווּסט פון אויטאָריטאַטיווע קוואַלן. ד״ר זילבערשיין באַמערקט, אַז אין חודש אַפּריל האָט די צפון־אַמעריקאַנער פאַרטרעטונג אין דער שווייץ דורכגעפירט אַן אונטערזוכונג וועגן דער עכטקייט פון די פּעסער און זי האָט פעסטגעשטעלט, אַז קיין איינציקער פּאַס איז נישט געווען קיין פאַלשער. אויך די שווייצאַרישע מאַכט־אָרגאַנען זענען גענוי אינפאָרמירט וועגן דער דאָזיקער אַקציע און זיי האָבן גאָרנישט קעגן ראַטעווען די רעשטלעך פּוילישע יידן, אויף דעם אופן, ווי דאָס ווערט געטאָן. וואָס זיי פאַרלאַנגען אָבער איז, מען זאָל זען צו פאַרמיידן, אַז דער ענין זאָל נישט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ געשעפט פאַר איינצלנע מענטשן. ד״ר זילבערשיין פאַרזיכערט, אַז די גאַנצע רעטונג־אַקציע שטייט אונטער דעם פּאַטראָנאַט פון דער פּוילישער לעגאַציע. לעצטנס — זאָגט ער — האָט ער אַפילו אינטערווענירט דורך דער פּוילישע לעגאַציע, ביי

די דרום־אַמעריקאַנער לענדער און זיי געבעטן אַרויסצוגעבן נאָך אַ קאָנ־טינגענט רייזע־פּעסער, וועלכע דאַרפן דינען פאַר דעם אויסשליסלעכן צוועק צו ראַטעווען די יידן, וואָס געפינען זיך אין אַ גרויסער סכנה.

ד״ר זילבערשיין בעט אַלזאָ צו באַטראַכטן די באַקומענע אינפאָר־מאַציע ווי אומפאַראַנטוואָרטלעך. די באַהויפּטונג, אַז אַ געוויסע אָרגאַני־זאַציע האָט צוריקגעצויגן די בקשה וועגן די 50 פּעסער, אַנטשפּרעכט נישט דעם אמת.

וואָס שייך אליעזר געלערס וואָרענונג נישט צו שענקען קיין צוטרוי זשוראַווינען און זיינע שותּפים, האָט ד״ר זילבערשיין געהאַלטן, אַז דאָס האָט געקאָנט זיין ביי געלערן פּשוט אַ שטימונג־זאַך, וואָס עס טרעפט אַפּט ביי יונגע מענטשן. לויט זילבערשיינען, איז די ידיעה זיכער שטאַרק איבערגעטריבן. ער (זילבערשיין) בויט קודם כל אויף דעם, וואָס מרים ראַגאַזשיק האָט צו אים געשריבן, כאָטש אים געפעלן נישט אַ סך אַנדערע זאַכן אין דעם ענין.

אָבער דער בריוו פון סאַלי מייער, ווי אויך די אַנדערע שטימעס פון פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע טוער אין דער שווייץ האָבן, אַפּנים, גע־ווירקט אויף ד״ר זילבערשיין און ער האָט אָנגענומען אַ רעזערווירטע שטעלונג אין דער באַציִונג צו אַדאַם זשוראַווינס פּלאַן וועגן דעם אויסטויש, פּעסער, געלט אאַז״וו.

די פּרייזן פון די פּעסער און וויזעס, וואָס מען האָט אויסגעאַרבעט אין דער שווייץ, האָבן דערווייל געהאַלטן אין איין שטייגן. פאַר אַ פּאַראַג־ווייער דאָקומענט האָט מען שוין געצאָלט 550 שווייצאַרישע פראַנק, פאַר אַ דאָקומענט פון האַיִטי — 650 פראַנק און פאַר אַ פּאַס פון פּערו — 750 פראַנק.

דער קאָנסול פון פּערו, ה׳ פּאַרעטאָ, וועלכער האָט אַרויסגעגעבן אַ גרויסע צאָל פּעסער, איז דורך דעם באַפּולמעכטיקטן מיניסטער פון פּערו אין דער שווייץ, ה׳ קאַלדעראָן, וועלכער האָט אַמטירט אין בערן, באַ־פרייט געוואָרן פון זיין אַמט, ווייל ער האָט עס געטאָן אויף זיין אייגענער האַנט, נישט פאַרשטענדיקנדיק זיך מיט אים. דאָס איז געשען לויט אַ פאָדערונג פון דער פּערואַנער רעגירונג אין לימאָ. דעם 23סטן יולי 1943

זענען אַנולירט געוואָרן אַלע פּערואַנער דאָקומענטן, וואָס זענען אַרויס־געגעבן געוואָרן דורכן קאָנסול פּאַרעטאַ אין דער שווייץ. די דאָזיקע פאַר־אָרדענונג האָט, ווי מיר וועלן עס זען פון די ווייטערדיקע קאַפּיטלען, געקאָסט דאָס לעבן פון אַ סך יידן.

די יידישע אָרגאַניזאַציעס אין דער שווייץ, ווי אויך די דאָרטיקע געזעלשאַפטלעכע טוער, האָבן אָבער נישט רעזיגנירט פון זייערע באַמיונגען און האָבן אַלץ געטאָן, כדי ווייטער צו זוכן וועגן ווי אַזוי צו פאַרשאַפן אויסלענדישע דאָקומענטן פאַר די יידן אין די דורך די דייטשן פאַרנומענע געביטן. ווי נאָר עס איז דערגאַנגען צו זיי די ידיעה, אַז פּערו האָט אַרויסגעגעבן די גזירה צו אַנולירן די פּעסער, האָבן זיי קודם כל צוריקגעצויגן די שוין דערלאַנגטע בקשות אין קאָנסולאַט פון פּערו. לויט דעם קומט אויס, אַז די אינפאָרמאַציע, וואָס סאַלי מייער האָט באַקומען, איז געווען אַ ריכטיקע.

משמעות, אַז די דייטשן האָבן זיך דערוווּסט פון דער פּערואַנער פאַר־טרעטונג אין בערלין וועגן דער אַנולירונג פון די פּעסער. זיי האָבן זיך אויך דערוווּסט וועגן האַנדל מיט פּעסער און וויזעס און זיי האָבן אָנגעהויבן אַ גרינטלעכע אויספאָרשונג וועגן דער לעגאַלקייט פון אַלע אויסלענדישע דאָקומענטן.



כדי זיך צו שאַפן אַ קלאָר בילד וועגן דער פּרשה „אויסטויש", מוז מען זיך אָפּשטעלן, קודם כל, אויף די באַזונדערע לענדער, פון וואַנען די יידן זענען אָפּגעפאָרן, אויפן סמך פון די אויסלענדישע פּאַפּירן, וואָס זיי האָבן דערהאַלטן, ווי אויך — אויף די פּלעצער וווּהין זיי זענען אָנגעקומען מיט די פּאַפּירן — אויב זיי זענען בכלל אָנגעקומען אַהין.

קריסטן מיט אויסלענדישע פּאַפּירן האָבן בדרך כלל נישט געהאַט קיין שוועריקייטן ביים אָנקומען אין די אינטערנירונג־לאַגערס פאַר אויס־לענדער. זיי האָבן אויך נישט געהאַט קיין שוועריקייטן ביים אויסטויש אויף דייטשן. עס האָט נאָר גענומען אַ לאַנגע צייט — טייל מאָל אייניקע יאָר — ביז די פאָרמאַליטעטן פון זייער אויסטויש זענען דורכגעפירט

געוואָרן. אויב אָבער עס גייט וועגן יידן, האָט דער ענין אויסגעזען גאַנץ אַנדערש. זייער גורל איז קיין מאָל נישט געווען זיכער, — אַפילו פאַר די, וועלכע האָבן געהאַט לעגאַלע דאָקומענטן ווי אויסלענדישע בירגער. איבער זיי האָט תמיד געהאַנגען די סכנה פאַרהאַלטן צו ווערן.

פון די איבערגעבליבענע דייטשישע דאָקומענטן, וואָס זענען געפונען געוואָרן נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, קאָן מען זייער ווייניק זיך דערוויסן וועגן דער לעגאַלער זייט פון דעם אויסטויש פון יידן מיט אויס־לענדישע פּאַפּירן — אויף דייטשישע בירגער, וואָס האָבן זיך געפונען אין די מיט דייטשלאַנד קריגפירנדיקע לענדער. דאָ און דאָרט שטויסט מען זיך אָן אויף אַ דאָקומענט צי אַ פאַראָרדענונג פונעם שעף פון הויפּט־זיכערהייט־דינסט, דעם עס־עס־אָבערגרופּענפירער ערנסט קאַלטענברונער, אָדער פונעם שעף פון געשטאַפּאָ — עס־עס־גרופּענפירער היינריך מילער.

די מייבסטע מאַטעריאַלן וועגן דעם אַזוי גערופענעם „אויסטויש״, גע־פינען זיך אין ישראל: אין די אַרכיוון פון יד־ושם און אינעם קאַצענעל־סאָן־מוזיי פון קיבוץ לוחמי הגיטאות. אַ געוויסע צאָל מאַטעריאַלן האָב איך אויך געפונען אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אין דעם אַרכיוו פון סטייט־דעפּאַרטמענט, אין וואַשינגטאָן ד.ק.; — אין די מיקראָפילם־פּובליקאַ־ציעס:

„Records of the Reich Leader of the S.S., and Chief of the German Police“.

און פון דאָקומענטן פון דאָקומענטאַציע־צענטער אין פּאַריז.

אָבער די הויפּט־מאַטעריאַלן, וואָס האָבן געדינט פאַר מיין אַרבעט וועגן „אויסטויש״, באַשטייען פון פּרעסע־אויסשניטן פון יענער תקופה,

Public Library, New York, N. Y.,

The Wiener Library — London.

פון בריוו־אויסטויש, זכרונות און גבית־עדות. דאָס אַלץ האָט מיר דער־מעגלעכט צו שאַפן זיך אַ קלאָר בילד וועגן דער גאַנצער אויסטויש־אַפּערע — ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן יידן. די הויפּט־דעה־זאָגערס אין די אויסטויש־אַקציעס זענען געווען די קלענערע לאָקאַלע עס־עס־באַ־אַמטע, וועלכע האָבן דורכגעפירט דעם אויסטויש מיטן וויסן פון די

העכערע עס־עס־אינסטאַנצן, אָדער אַפילו אויף אייגענער האַנט. צוליב דעם זענען פיל טויזנטער אויסבאַהאַלטענע יידן אַריינגעצויגן געוואָרן אין אַ נעץ און פאַרלוירן זייער לעבן.

מיר וועלן קודם כל אָנהייבן פון גרעסטן יידישן ישוב אין אייראָפּע: פוילן, פון וואַנען די מערהייט יידן, וועלנדיק זיך ראַטעווען פון אומקום, האָבן זיך באַמיט אויסגעטוישט צו ווערן אויף אַ לעגאַלן אָדער אומלעגאַלן אופן — אויף דייטשן אין אויסלאַנד. דאָס איז געשען אויפן סמך פון די פּאַפּירן, וואָס מען האָט באַקומען פון אויסלאַנד אָדער מען האָט זיי געקויפט אין לאַנד גופא.

# דער אויסטויש אין פוילן און ליטע

איצט קומען מיר צום קאַפּיטל, וואָס באַהאַנדלט דירעקט דעם אויס־טויש — אַ קאַפּיטל, וואָס האָט זיך אַזוי טראַגיש פאַרענדיקט פאַר דער מערהייט יידן, וועלכע האָבן געהאַט אויסלענדישע פּאַפּירן און פרייוויליק זיך געמאָלדן צום אויסטויש.

צו די צוויי עטאַפּן פון אויסטויש, וואָס האָבן אַרומגענומען די אויס־וואַנדערונג און עוואַקואַציע פון יידן און איז באַשטאַנען פון מענטשן־האַנדל פאַר אויסקויפגעלט (עוויאַן־קאָנפערענץ); אויסקויף פון יידן אויף סחורות (היטלער־דייטשלאַנד און אונגאַרן) און אויסטויש אויף דייטשישע בירגער, אינטערנירטע אין אויסלאַנד, קומט צו דער דריטער עטאַפּ: אויס־טויש אויפן סמך פון אָפיציעלע פּאַפּירן (לעגאַלע און האַלב לעגאַלע), וואָס יידן האָבן באַזיצט.

אין אָנהייב פון דער דייטשישער אָקופּאַציע פון עסטרייך, טשעכאָ־סלאָוואַקיע, פוילן, האָלאַנד, בעלגיע, פראַנקרייך און אַנדערע לענדער, האָט מען נאָך, אין די ערשטע חדשים פון דער אָקופּאַציע, אַרויסגעלאָזט קיין אויסלאַנד יידן, וועלכע האָבן געהאַט אויסלענדישע פּעסער מיט די געהעריקע וויזעס.

פאַרשטייט זיך, אַז עס האָט נישט געקאָנט זיין קיין רייד וועגן אַרויס־פירן מיט זיך דעם קאַפּיטאַל, וואָס מען האָט פאַרמאָגט. אין אַ סך פאַלן האָט אַ ייד, וואָס האָט זיך באַמיט צו באַקומען אַ וויזע אין אַ דרום־אַמע־ריקאַנער לאַנד (ווי בראַזיל, למשל), און אָפט מאָל אויך אין אַ לאַנד פון אייראָפּע, געמוזט צושטעלן אַ טויפשיין[41], כדי צו באַקומען אַ וויזע פאַר דעם געגעבענעם לאַנד.

פאַר די וויזעס און באַשייניקונגען, וועלכע מען האָט אויסגעאַרבעט

שוין נאָכן אָקופּירן פּוילן דורך די דייטשן, האָט מען געמוזט באַצאָלן גאָר הויכע פּרייזן. שותפים דערצו זענען געווען די פּאַרמיטלער, גלחים און באַאַמטע פון די קאָנסולאַטן. לרוב זענען די וויזעס אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך די קאָנסולאַטן, אָן דער פּאַרשטענדיקונג מיט דער העכערער מאַכט־אינסטאַנץ פון זייערע לענדער. די וויזעס האָבן בלויז געהאַט פּאַר אַ ציל צו דערמעגלעכן דעם אייגנטימער פונעם פּאַס צו פאַרלאָזן פּוילן. אַרייַנ־פאָרן אָבער אין דעם לאַנד, פון וועלכן מען האָט כלומרשט באַקומען די וויזע, איז געווען אוממעגלעך, ווייל די וויזע איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורכן קאָנסולאַט אויף אייגענער האַנט, וואָס הייסט מיט אַנדערע ווער־טער: נישט לעגאַל. אויפן סמך פון אַזאַ וויזע האָט מען אָבער שוין לייכט געקאָנט באַקומען אַ דורכפאָר־וויזע דורך אַ נייטראַל לאַנד. פון דאָרט האָט מען שוין ווייטער נישט געקאָנט פאָרן און מען האָט געדאַרפט בעטן אַזילרעכט. נישט אַלע מאָל און נישט אומעטום האָט מען אַזאַ דערלוי־בעניש געקאָנט אַרויסבאַקומען — ווי עס איז אָפט מאָל געווען דער פאַל, למשל, מיט דער שווייץ.

די יידן, וועלכע עס איז געלונגען צו פאַרבלייבן אין אַ נייטראַל לאַנד, אַ דאַנק דער פאַרזיכערונג פון זייערע אויסלענדישע קרובים אָדער פריינד, וואָס האָבן זיך באַמיט אַרויסצובאַקומען פאַר די דאָזיקע מענטשן די איינוואַנדערונג־דערלויבענישן, זענען, אין דער מערהייט פאַלן, געוואָרן אינטערנירט — ביז צו זייער אָפּפאָרן פון לאַנד. לרוב זענען זיי, נישט האָבנדיק די מעגלעכקייט צו באַקומען די ווייטערדיקע וויזע, צוריקגע־שיקט געוואָרן צו די דייטשן. און דאָס האָט באַטייט פאַר זיי אומקום.



דעם 14טן דעצעמבער 1939 האָט דער גענעראַל־גובערנאַטאָר פון אָקופּירטן פּוילן, האַנס פראַנק, אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג וועגן רע־גיסטראַציע פון אַלע אויסלענדישע בירגער, ווי אויך פון די בירגער, וואָס האָבן געהאַט באַנסען־פּעסער (מלוכהלאָזע בירגער). דאָס האָט אַרומגע־נומען אויך יידן. אגב זענען צווישן די בירגער מיט אויסלענדישע פּאַפּירן געווען מער יידן ווי קריסטן.

צוליבן פריינדשאַפט־אָפּמאַך, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן צווישן היט־לער־דייטשלאַנד און סאָוויעט־רוסלאַנד, איז דעם 16טן נאָוועמבער 1939 געקומען צו אַ הסכם צווישן די ביידע לענדער וועגן קעגנזייטיקן אויסטויש פון זייערע בירגער.

די, וואָס האָבן פאַרמאָגט סאָוויעטישע פּעסער אין פּוילן, לרוב פון זיי יידן, האָבן אין אָנהייב פון דער דייטשישער אָקופּאַציע, גענאָסן פון פאַרשידענע פּריווילעגיעס. זיי האָבן זיך אויך נישט געדאַרפט צושטעלן צו צוואַנגאַרבעט, ווי די איבעריקע יידן. דער דאָזיקער צושטאַנד האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן, ווייל שוין דעם 2טן מאַרץ 1940 האָט די דייטשישע מאַכט אין פּוילן אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג, אַז סאָוויעטישע בירגער פון יידישן אָפּשטאַם, וועלכע האָבן זיך רעגיסטרירט צום אויסטויש קיין סאָוויעט־רוסלאַנד, וועלן נישט באַפרייט ווערן פון צוואַנגאַרבעט, ווי מען האָט זיך נוהג געווען ביז דעמאָלט.

נישט געקוקט אויף דער אָפיציעלער פאַראָרדענונג וועגן אָפּשאַפן די פּריווילעגיעס פאַר סאָוויעטישע יידן, איז זי אָבער נישט דורכגעפירט געוואָרן אין לעבן, אַפילו נאָך דעם ווי עס איז אויסגעבראָכן די דייטשיש־סאָוויעטישע מלחמה. יידן, סאָוויעטישע בירגער, האָבן ווייטער געהאַט דאָס רעכט צו וווינען אויף דער אַרישער זייט. זיי זענען, לויטן דעקרעט פון 14טן פעברואַר 1940, באַפרייט געוואָרן פון טראָגן די אַרעמבענדער מיטן מגן־דוד; זיי האָבן גענאָסן פון די לעבנסמיטל־קאַרטן פאַר אויסלענדער און זענען נישט גענומען געוואָרן צו צוואַנגאַרבעט. די פּריווילעגירטע לאַגע האָט אַזוי אָנגעהאַלטן ביזן 17טן יולי 1942, ווען די סאָוויעטישע בירגער זענען אויפגעפאָדערט געוואָרן זיך צוצושטעלן צום אויסטויש אין דער וואַרשעווער תּפיסה „פּאַוויאַק". זיי זענען דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט אָדער אָוועקגעשיקט געוואָרן אין די גאַזקאַמערן פון טרעבלינקע.

פּוילישע בירגער (יידן), וועלכע האָבן נאָך פון פאַר דער מלחמה געהאַט קאָנסולאַרע פּעסער און זיי האָבן אויך געהאַט פינאַנסיעלע מעג־לעכקייטן זיך צו פאַרשאַפן אַן אויסלענדישע וויזע, האָבן געקאָנט זיך רעגיסטרירן צום אַרויספאָר. געווען אויך פאַלן, ווען יידן האָבן, שוין נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה, געקאָנט קויפן אַ פּוילישן אויסלענדישן

פּאַס. מיט דעם האָט זיך ספּעציעל אָפּגעגעבן אַ געוועזענער פּוילישער סטאַראָסטע אין וואַרשע, וועלכער האָט געהאַט ביי זיך בלאַנקע אויס־לאַנד־פּעסער, ווי אויך די גייטיקע רעגירונג־שטעמפּלען. פאַר אַ גרעסערער סומע געלט האָט דער דאָזיקער באַאַמטער אויסגעשטעלט אַזעלכע פּעסער, אַנגעבנדיק, פאַרשטייט זיך, אַ פריִערדיקע ((פאַרמלחמהדיקע) דאַטע. דער סטאַראָסטע האָט געהאַט זיינע פאַרמיטלער, וועלכע האָבן אים צוגעשטעלט די געהעריקע „קונדשאַפט" און די געהעריקע געלטסומעס. די דאָזיקע טראַנזאַקציעס האָבן אָנגעהאַלטן ביז דעם 25סטן אָקטאָבער 1940 — ביז דער הויפּט־זיכערהייטסאַמט אין בערלין האָט אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדע־נונג, וואָס האָט פאַרווערט די עמיגראַציע פון יידן פון גענעראַל־גאָווער־נעמענט (פּוילן). אָבער אויך אין דעם פאַל זענען געווען אויסנאַמען.

ביז יענער צייט האָבן פיל הונדערטער יידן, וועלכע האָבן געהאַט פּוילישע אויסלענדישע פּעסער אָדער גילטיקע פּוילישע קאָנסולאַרע פּע־סער, באַוויזן צו פאַרלאָזן פּוילן און אַזוי אַרום זיך צו ראַטעווען פון אַ זיכערן אומקום. אַ סך מענטשן האָבן באַקומען די וויזעס פון אויסלאַנד, אַנדערע האָבן זיי געקויפט אין פאַרשידענע אויסלענדישע קאָנסולאַטן אין וואַרשע.

דעם 15טן יוני 1941 האָט מען פאַרמאַכט דעם קאָנסולאַט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, אַזוי, אַז אַפילו די, וואָס האָבן שוין געהאַט קוואָטע־נומערן, האָבן אין וואַרשע מער נישט געקאָנט אַרויסנעמען קיין אַמעריקאַנער וויזעס.

דער געוועזענער סעקרעטאַר פון דער בולגאַרישער אַמבאַסאַדע אין וואַרשע, האָט, צווישן אַנדערע, אויסגענוצט די גוטע געלעגנהייט און פאַרקויפט יידן וויזעס קיין בולגאַריע. די וויזעס זענען געגעבן געוואָרן מיטן תנאי, אַז די מענטשן וועלן נישט פאָרן קיין בולגאַריע, ווייל די וויזעס זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן אָן דער פאַרשטענדיקונג מיט דער בולגאַרי־שער רעגירונג אין סאָפיע. האָבנדיק אָבער אַזאַ וויזע איז שוין לייכט געווען אַרויסצובאַקומען פון אַן אַנדער לאַנד אַ טראַנזיט־וויזע. אַ געוועזענער באַאַמטער פון פּערואַנער קאָנסולאַט האָט אויך פאַרקויפט דאָ־קומענטן.

לרוב האָט מען זיך באַנוצט מיט איטאַליענישע טראַנזיט־וויזעס, וועלכע מען האָט אין די ערשטע חדשים פון דער מלחמה געקראָגן אָן שום שטע־רונגען. די איטאַליענער האָבן נאָך דעמאָלט נישט געמאַכט קיין שווע־ריקייטן מענטשן מיט טראַנזיט־וויזעס און זיי פריי אַריינגעלאָזט קיין איטאַליע. דער לעצטער אָפיציעלער טראַנספּאָרט פון פוילן קיין איטאַליע איז אָפּגעגאַנגען אין חודש מאַי 1940, דאַן האָט איטאַליע הערמעטיש פאַר־מאַכט אירע גרענעצן פאַר מענטשן מיט טראַנזיט־וויזעס. די יידן, וואָס האָבן אַחוץ די וויזעס געהאַט אויך טויפשיינען, זענען נישט צוריקגעשיקט געוואָרן צו דער דייטשישער גרענעץ, נאָר אינטערנירט געוואָרן, ביז זיי האָבן געהאַט אַ מעגלעכקייט ווייטער צו פאָרן.

זייענדיק שוין אין איטאַליע האָט די מערהייט פון זיי באַקומען וויזעס, צוגעשיקט פון זייערע קרובים און זיי האָבן געקאָנט אָפּפאָרן, דורך פּאָרטוגאַל, ווייטער. פון סוף 1939 ביז יוני 1940 זענען דורך טריעסט דורכגעגאַנגען 1.500 יידן. דייטשישע און עסטרייכישע יידן, וועלכע האָבן אויף זייערע פּעסער געהאַט דעם שטעמפּל „י" און נישט געהאַט קיין ווייטערדיקע וויזע, זענען צוריקגעשיקט געוואָרן צו דער דייטשישער גרענעץ.

דער אויסטויש־צענטער פאַר אויסלענדישע בירגער פון פוילן האָט זיך געפונען אין וואַרשע און נישט אין דער דעמאָלטיקער הויפּטשטאָט פון גענעראַל־גאָווערנעמענט, קראָקע.

אין וואַרשע האָט אַמטירט, אין דער געביידע פון געשטאַפּאָ, אַ ספּע־ציעלער שליח פון בערלין, פון דער געשטאַפּאָ־אָפּטיילונג IV B-4 האָופּט־שטורמפירער פלעק, וואָס איז געשטאַנען אונטער דער אָנפירערשאַפט פון אַדאָלף אייכמאַן. דער אייכמאַן־פאַרשטייער האָט פּאַקטיש אָנגעפירט אין וואַרשע מיט די ענינים, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות מיט דער עמיגראַ־ציע און מיטן אויסטויש פון יידן. די אויספירער אין וואַרשע זענען געווען דער שעף פון דער קרימינאַל־פּאָליציי, עס־עס אונטערשטורמפי־רער ניקאָלאוס און שפּעטער אויך דער שעף פון דעם ווירט־שאַפט־אָפּטייל ביי דער זיכערהייטס־דינסט און זיכערהייטס־פּאָליציי עס־עס אָבערשטורמפירער ד"ר סטאַבענאַו. די צוויי לעצטע האָבן געהאַט זייערע

פאַרטרויונגס־מענטשן און קאָלאַבאָראַטאָרן, מיט וועלכע זיי האָבן זיך באַנוצט ביים דורכפירן די גרויסע אויסטויש־אַקציע פון יידן.

נאָך איידער עס האָט זיך אין וואַרשע געגרינדעט דער אויסטויש־צענטער, זענען אַ סך מענטשן, וועלכע האָבן געהאַט אויסלענדישע פּעסער מיט די געהעריקע וויזעס, אָפּגעפאָרן פון וואַרשע קיין אויסלאַנד. די דאָזיקע מענטשן, לרוב יידן, זענען אויף אַ גאַנץ לעגאַלן אופן אָפּגעפאָרן פון וואַרשע און פון אַנדערע שטעט אין פוילן, אָן שום ספּעציעלע שטערונגען. ערגער איז געווען מיט די יידן פון די געוועזענע פוילישע געביטן, וואָס זענען פאַראייניקט געוואָרן מיטן דייטשן רייך. דער ערשטער ייד, וואָס האָט פון די אָסט־אָבערשלעזישע געביטן פאַרלאָזט פוילן, איז געווען דער איינוווינער פון בענדין — אַלפרעד שוואַרצבאָום מיט זיין משפחה.

זיינער אַ פריינד, מאַרק שיין, וועלכער איז אַוועקגעפאָרן פון פוילן נאָך פאַר דער מלחמה, אין יאָר 1939, און זיך אויפגעהאַלטן אין דער שווייץ, האָט באַוויזן אויסצואַרבעטן אַן אַריינפאָר־דערלויבעניש פאַר שוואַרצבאָומען און זיין משפחה — צוזאַמען פיר פּערזאָן. שיין האָט געמוזט איינלייגן פאַר די שוואַרצבאָומס אַ קויציע פון צען טויזנט שווייצאַרישע פראַנק.

די אַריינפאַר־וויזע איז פאַר דער משפחה שוואַרצבאָום אַרויסגעשיקט געוואָרן פון דער שווייץ, דורך דער פאַרמיטלונג פון דער שווייצאַרישער אַמבאַסאַדע אין בערלין, צום שווייצאַרישן ערן־קאָנסול אין דאָמבראָווע — אַנרי מאָנטאַנדאַ. דער לעצטער האָט מודיע געווען שוואַרצבאָומען, אַז עס איז אָנגעקומען פאַר אים און זיין משפחה די אַריינפאַר־דערלויבעניש קיין שווייץ. די וויזע איז אָנגעקומען נאָך ביים סוף פון יאָר 1939. איצט האָט שוואַרצבאָום געדאַרפט אַרויסבאַקומען אַן אַרויספאַר־דערלויבעניש פון דער דייטשישער מאַכט, און דאָס איז שוין געווען פאַרבונדן מיט קאָמפּליקאַציעס. נאָכן פאַרנעמען בענדין איז שוואַרצבאָום אַרעסטירט געוואָרן דורך די דייטשן ווי אַן ערובניק און איז פאַרשפאַרט געוואָרן אין דער תפיסה פון מיסלאָוויץ. ערשט דעם 4טן דעצעמבער 1939 איז ער באַפרייט געוואָרן. עס איז אים דעריבער נישט לייכט געווען צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד. און

דערביי איז ער נאָך געווען בײַ די דײַטשן אויף דער שוואַרצער ליסטע. עס האָט אים געדראָט אַ געפאַר, אַז אויף דער גרענעץ וועט מען אים פאַרהאַלטן און צוריקשיקן. צום גליק איז זײַן נאָמען געווען אָנגעגעבן אין דער שוואַרצער ליסטע, לויט דעם דײַטשישן אויסלייג (Schwarzbaum) און נישט לויט דעם פּוילישן (Szwacbaum).

בעת דער פּאַס־קאָנטראָל אויף דער דײַטשישער טעריטאָריע, פאַרן אָפּפאָרן קיין באַזעל, האָבן די גרענעץ־באַאַמטע געזוכט אין דער ליסטע דעם נאָמען שוואַרצבאַום לויט זייער אויסלייג און, פאַרשטייט זיך, אַז זיי האָבן אים דאָרט נישט געפונען. אין דײַטשישן צאָלאַמט האָט מען בײַ אים דורכגעפירט אַ שטרענגע רעוויזיע. מען האָט געזוכט, צי ער פירט נישט מיט זיך קיין גאָלד, שמוקזאַכן אָדער ווערטפּאַפּירן. די שווייצאַרישע קאָנטראָל איז באַשטאַנען בלויז פון אַ מעדיצינישער אונטערזוכונג און פּאַס־קאָנטראָל. עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז די דײַטשן האָבן אים נישט דערלויבט מיטצונעמען מיט זיך קיין באַגאַזש. כדי אַרויסצופירן פון לאַנד נאָך איין אָנצוג, חוץ דעם, וואָס ער האָט געהאַט אויף זיך, האָט ער געמוזט האָבן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש.

די דערלויבעניש פאַר דער משפחה שוואַרצבאַום אויפצוהאַלטן זיך אין דער שווייץ איז אַרויסגעגעבן געוואָרן בלויז אויף איין חודש. זי איז אָבער כסדר פאַרלענגערט געוואָרן. די משפחה שוואַרצבאַום האָט זיך גע־מוזט מתחייב זײַן נישט צו אַרבעטן אין דער שווייץ די גאַנצע צײַט פון זייער אויפהאַלט דאָרט, נאָר לעבן פונעם קאַפּיטאַל. זיי האָבן זיך אויך געמוזט מתחייב זײַן נישט צו פירן קיין פּאָליטישע טעטיקייט אין דער שווייץ. אגב האָט די משפחה שוואַרצבאַום געהערט צו די ווייניקע, גע־ציילטע פּליטים, וואָס האָבן בעת דער גאַנצער מלחמה געלעבט אין דער שווייץ פרײַ און נישט געווען אינטערנירט.



קיין בענדין זענען שפּעטער אָנגעקומען ווײַטערדיקע דערלויבענישן (לאַטײַן־אַמעריקאַנער דאָקומענטן און פּאַלעסטינער סערטיפיקאַטן). די

פּאַפּירן זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן דורך די יידישע אָרגאַניזאַציעס אין דער שווייץ. אויך דער בענדינער אַלפרעד שוואַרצבאַום, וועלכער האָט זיך שוין געפונען אין דער שווייץ, האָט איבערגעשיקט פאַר אַ געוויסער צאָל מענטשן פון זאַגלעמביער ראַיאָן, לאַטיין־אַמעריקאַנער דאָקומענטן.

אַ טייל פון די מענטשן, וועלכע האָבן באַקומען די אויסלענדישע פּאַפּירן, זענען פון בענדין אַוועקגעשיקט געוואָרן צום אויסטויש קיין ווין, אַנדערע — דורך דייטשלאַנד — אין די אינטערנירונג־לאַגערס. נישט אַלע יידן, וועלכע זענען אַוועק מיט די טראַנספּאָרטן „אויסלענדער", האָבן מצליח געווען. מען האָט קיין מאָל נישט געוווּסט וועלכע פּאַפּירן זענען בעסערע און וועלכע מענטשן וועלן אויסגעטוישט ווערן.

אין חודש יוני 1943 זענען 34 בענדינער יידן, מיט אויסלענדישע פּאַפּירן, אַוועקגעשיקט געוואָרן מיט אויטאָבוסן קיין קאַטאָוויץ, און פון דאָרט — דירעקט קיין אוישוויץ. צווישן די קרבנות האָבן זיך געפונען מ. מערין, דער „עלטסטער" פון די זאַגלעמביער יידן און י. באַרנשטיין, דער מיטדירעקטאָר פון דזשאָינט אין וואַרשעווער געטאָ, וועלכער האָט זיך צו יענער צייט געפונען אין בענדין.

נאָך דעם, ווי עס איז אָפיציעל אָפּגעשטעלט געוואָרן די אויסוואַנ־דערונג פון פוילן פאַר יידן מיט אויסלענדישע פּעסער (דעם 25סטן אָק־טאָבער 1940), האָט מען — ווי שוין פריער געשריבן — ביז יולי 1942, געהערט בלויז וועגן געציילטע פאַלן פון אַרויסלאָזן יידן קיין אויסלאַנד. די יידן, אויסלענדישע בירגער, וועלכע זענען נאָך פאַרבליבן אין פוילן, האָבן די גאַנצע צייט געהאַט די מעגלעכקייט צו לעבן מחוץ דעם געטאָ, אויף דער אַרישער זייט. זיי זענען נישט געווען געצוווּנגען צו טראָגן דעם יידן־קענצייכן (אַרעמבאַנד מיטן מגן־דוד) — לויט דער פאַראָרדע־נונג פונעם 25סטן פעברואַר 1940, און זיי האָבן אויך גענאָסן פון אַלע אַנדערע פּריווילעגיעס, וואָס זענען געווען באַשטימט פאַר אויסלענדער.

דעם 14טן אַפּריל 1942 איז פאָרגעקומען אַ נייע רעגיסטראַציע פון אויסלענדער, דאָס מאָל בלויז פון אַמעריקאַנער און ענגלישע בירגער, אַריינגערעכנט אויך פּאַלעסטינער, וועלכע האָבן זיך געפונען אין וואַרשע.

דעם 17טן יולי 1942, קורץ פאַרן אָנהייב פון די „אויסזידלונגען" אין

וואַרשעווער געטאָ, זענען אַלע אויסלענדער, וועלכע האָבן זיך געפונען אויף דער אַרישער זייט, ווי אויך אין געטאָ, באַקומען אַן אויפפאָדערונג צוצושטעלן זיך, מיט זייער גאַנצן באַגאַזש, אין דער „פּאַוויאַק"־תפיסה, כדי דאָרט דורכצומאַכן — ווי עס האָט געהייסן — אַ קאַראַנטין, פאַרן אָפּפאָרן קיין אויסלאַנד.

אין דער צייט פון די „אויסזידלונגען" אין וואַרשעווער געטאָ איז פון הויפּט־זיכערהייטסאַמט אין בערלין אָנגעקומען אין וואַרשעווער געשטאַפּאָ אַ גאַנצער פּאַק אויסלענדישע פּעסער פון אַ צאָל צענטראַל־ און דרום־אַמעריקאַנער לענדער. עס איז אויך אָנגעקומען אַ רשימה מיט נעמען פון מענטשן, וועלכע דאַרפן ווערן אויסגעטוישט אין טערקיי אויף פּאַלעסטי־נער דייטשן.

די דערלויבענישן אַריינצוקומען קיין ארץ־ישראל האָט די יידישע אַגענץ אַרויסבאַקומען פון דער ענגלישער מאַנדאַט־רעגירונג און זיי איי־בערגעשיקט צום ענגלישן קאָנסול אין טערקיי. פון דאָרט האָבן די פאָרשטייער פון דער יידישער אַגענץ געשיקט זיי ווייטער, דורך דער שווייץ, קיין בערלין — צום הויפּט־זיכערהייטסאַמט. ווען די רשימה מיט די נעמען, ווי אויך די פּעסער פון די אַנדערע לענדער, זענען אָנגעקומען קיין וואַרשע, האָבן די מערהייט מענטשן, פאַר וועלכע די פּעסער און די פּאַלעסטינער „פּראָמעסעס" זענען געווען באַשטימט, שוין נישט געלעבט. זיי זענען נאָך פריִער געוואָרן דעפּאָרטירט צו די גאַזקאַמערן פון טרעבלינקע.

די דייטשן זענען, קודם כל, געווען פאַראינטערעסירט אַרויסצובאַקו־מען פון ארץ־ישראל וואָס מער פון זייערע לאַנדסלייט און אויך דייטשישע בירגער פון אַנדערע לענדער, וואָס זענען געשטאַנען מיט זיי אין קריג. זיי האָבן זיך דעריבער באַמיט, מיט דער הילף פון זייערע יידישע קאָ־לאַבאָראַטאָרן, אָנצוזאַמלען וואָס מער מענטשן, כדי זיי אַרויסצושיקן קיין אויסלאַנד צום אויסטויש. ביי דער געלעגנהייט האָבן זיי עס שוין פאַר־וואַנדלט אין אַ לוינבאַר פאַר זיך געשעפט. זיי האָבן אָנגעהויבן צו פאַר־קויפן (מסתמא אָן דעם וויסן פון דער צענטראַלער מאַכט) אויסלענדישע פּאַפּירן און פּראָמעסעס פאַר יידן, וועלכע האָבן שוין נישט געלעבט. פאַר די דאָקומענטן האָט מען זיך, פאַרשטייט זיך, געהייסן גוט באַצאָלן. דער

פרייז פאַר אַן אויסלענדישן פּאַס איז דערגאַנגען ביז צו 5.000 זלאָטעס. די וואָס האָבן געקויפט די פּעסער, זענען איבער נאַכט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין מענטשן מיט אַנדערע נעמען, — נעמען פון די, פאַר וועלכע די אַנגע־קומענע פּאַפּירן זענען געווען אויסגעשטעלט. די אַלע, וועלכע מען האָט פאַרקויפט אויסלענדישע פּעסער אויף פרעמדע נעמען, האָט מען אַרייַנ־גענומען אין אַ האָטעל, וואָס די דייטשישע קאָלאַבאָראַטאָרן האָבן איבער־גענומען אין וואַרשע. פונעם האָטעל האָבן די יידן געדאַרפט איבערגעשיקט ווערן — צוזאַמען מיט די איבעריקע מענטשן, וועלכע האָבן זיך שוין געפונען אויף קאַראַנטין אין דער פּאַוויאַק־תּפיסה — אין אַן אויסטויש־לאַגער, און פון דאָרט — אין דער שווייץ. די פּאַלעסטינער — קיין טערקיי.

ביידע קאַטעגאָריעס אויסלענדער זענען דורך די דייטשן קאָנ־צענטרירט געוואָרן אין האָטעל „ראָיאַל", אויף כמיעלנאַ גאַס. ווען די צאָל פון די נייע „אויסלענדער" האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרגרעסערן און אין „ראָיאַל" האָט שוין אויסגעפעלט פּלאַץ פאַר זיי, האָט מען דעם זאַמלפּונקט פאַר אויסלענדער אַריבערגעטראָגן פון „ראָיאַל" אין אַ גרעסערן האָטעל, „פּאָלסקי", אויף דער דלוגאַ גאַס 31. אַ קלענעם טייל יידן האָט מען געהאַלטן, פּונקט ווי די קריסטלעכע אויסלענדישע בירגער, אין פּאַוויאַק.

נאָך אין געטאָ זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען[42], אַז עס איז דאָ אַ מעגלעכקייט אויסגעטוישט צו ווערן אויף דייטשן, וואָס געפינען זיך אין אויסלאַנד. עס האָט זיך צוליב דעם געשאַפן אַ מאַסן־פּסיכאָז ביי די געטאָ־מענטשן: אויסגעטוישט צו ווערן.

ווען די יידן, וועלכע האָבן זיך באַוויזן צו ראַטעווען פון וואַרשעווער געטאָ און אויסצובאַהאַלטן זיך אויף דער אַרישער זייט, האָבן זיך דער־וווּסט, אַז פאַר געלט קאָן מען זיך אַריינקריגן אין האָטעל „פּאָלסקי" און ווערן אויסגעטוישט, האָבן זיי זיך מאַסנווייז אָנגעהויבן מעלדן אין דעם האָטעל, כדי צו זיין צווישן די „גליקלעכע", וועלכע האָבן אַ שאַנס אַרויס־צוראַטעווען זיך פון פוילן.

די אויסבאַהאַלטענע יידן אויף דער אַרישער זייט האָבן זיך געפונען אין אַן אויסזיכטלאָזער לאַגע. זיי האָבן געלעבט אין כסדרדיקער שפּאַנונג און שרעק איבערגעגעבן צו ווערן אין די הענט פון געשטאַפּאָ. זיי האָבן

שוין מער נישט געהאַט קיין כוח צו די כסדרדיקע שאַנטאַזשן פון די אַזוי גערופענע „שמאַלצאָווניקעס" [43], וועלכע האָבן אויף טריט און שריט גע־לויערט אויף זייער פאַרמעגן און אויף זייערע לעבנס. זיי האָבן דעריבער געוואָלט גלייבן אין דער מעגלעכקייט אויסגעטוישט צו ווערן. עס זענען אָבער אויך געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן נישט געגלייבט אין דעם גאַנצן אויסטויש. און הגם מען האָט גערעדט וועגן בריוו, וואָס זענען אָנגעקומען פון פאַרשידענע אויסטויש־לאַגערס — און אַזעלכע בריוו זענען טאַקע אָנגעקומען — אַז עס לעבט זיך זיי דאָרט זייער גוט, און אַז זיי שטייען אונטער דער אויפזיכט פון אינטערנאַציאָנאַלן רויטן קרייץ, האָבן זיך דאָך געפונען מענטשן, וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז די גאַנצע אויסטויש־אַקציע איז איין גרויסע אַפערע. די דייטשן — האָבן זיי געזאָגט — באַנוצן עס נאָר ווי אַ מאַנעווער, כדי אַזוי אַרום אַריינצוקריגן די אויסבאַהאַלטענע יידן אין אַ פּאַסטקע.

אַ באַקאַנטער וואַרשעווער שיך־פאַבריקאַנט, פּינקוס אַברעמסקי, האָט, זייענדיק אין געטאָ, באַקומען פאַר זיך און זיין משפחה, וואָס איז באַ־שטאַנען פון 5 פּערזאָן, אויסלענדישע פּאַפּירן. געפינענדיק זיך ביי דער אַרבעט אין שאָפּ אויף לעשנאָ 52, האָט ער וועגן דעם דערציילט די אַרו־מיקע מענטשן און דערביי געזאָגט, אַז ער גלייבט נישט אין דעם גאַנצן אויסטויש. ער — האָט ער געזאָגט — וועט נישט גיין אין האָטעל אַריין און ריזיקירן מיטן לעבן פון זיין משפחה. אַברעמסקיס פריינד, אַ געוויסער לעווין, וואָס האָט מיט אים צוזאַמען געאַרבעט אין שאָפּ און געהאַט די זעלביקע צאָל משפחה־מיטגלידער, האָט זיך אָפּגערופן: אויב איר גלייבט נישט אין דעם אויסטויש, טאָ גיט מיר איבער די פּאַפּירן און איך וועל זיך מעלדן אַנשטאָט אייך. אַברעמסקי האָט אים אָוועקגעגעבן זיינע פּאַפּירן.

געענדיקט האָט זיך עס מיט דעם, אַז אַברעמסקי מיט זיין משפחה זענען אומגעקומען (בלויז איינע פון די טעכטער, סטעלאַ, האָט זיך גע־ראַטעוועט, דורכמאַכנדיק אַ ריי קאָנצענטראַציע־לאַגערס), דאַקעגן האָט זיך די גאַנצע משפחה פון לעווין אָפּגעראַטעוועט, אַ דאַנק אַברעמסקיס אויסלענדישע פּאַפּירן.

אין פּאַוויאַק, וואָס האָט געזאָלט דינען ווי אַ קאַראַנטין פאַר די

מענטשן מיט אויסלענדישע פּאַפּירן, וועלכע זענען באַשטימט צום אויסטויש, האָבן זיך אויפגעהאַלטן אַלע די, וואָס האָבן לויט דער פאַראָרדענונג פונעם 17טן יולי 1942, זיך צוגעשטעלט אַהין פרייוויליק פון געטאָ און פון דער אַרישער זייט. דאָרט זענען שוין געווען די קריסטן און יידן מיט אויס־לענדישע פּאַפּירן, וועלכע מען האָט נאָך פריִער אַהין געבראַכט פון אַנ־דערע שטעט אין פוילן.

אויך אין מזרח־גאַליציע האָט אַמטירט אַן עס־עס־אָפיציר (נוימאַן), וועלכער איז אָפיציעל באַשטימט געוואָרן פון בערלינער רעפעראַט IV B-4 צו פאַרנעמען זיך מיט די מענטשן צום אויסטויש. נוימאַן האָט אַמטירט אין דער לעמבערגער געשטאַפּאָ.

די מענטשן, וועלכע האָבן זיך רעגיסטרירט צום אויסטויש, האָט מען אין אַ צייט אַרום אַרויסגערופן אין געשטאַפּאָ און זיי געמאָלדן, אַז עס זענען אָנגעקומען פאַר זיי פּאַפּירן, און אויב זיי האָבן אַ גילטיקן אויס־לענדישן פּאַס, וועלן זיי קריגן די דערלויבעניש אַרויסצופאָרן.

די פּאַפּירן האָט מען איבערגעשיקט קיין בערלין צו די געהעריקע אויסלענדישע שוץ־פאַרטרעטערשאַפטן פון אַלע אַמעריקאַנער לענדער, אומאָפּהענגיק פון דעם צי זיי געפינען זיך אין קריגצושטאַנד מיט דייטש־לאַנד, צי נישט. וואָס שייך די מענטשן, וועלכע האָבן געוואָלט פאָרן קיין ארץ־ישראל צו זייערע משפחה־מיטגלידער, האָט מען צו דעם צוועק אָנ־געהויבן אַ רעגיסטראַציע, וואָס איז אָבער פּלוצלינג איבערגעריסן געוואָרן.

אין לעמבערגער געשטאַפּאָ זענען געלעגן אַ סך פּעסער און וויזעס, וואָס זענען אָנגעקומען פון פּאָרטוגאַל, פאַר יידן. אין ליסבאָן איז גע־לונגען אַרויסצובאַקומען אַזעלכע פּעסער פונעם דאָרטיקן קאָסטאַריקאַנער גענעראַל־קאָנסולאַט, פון אַנדערע לאַטיין־אַמעריקאַנער קאָנסולאַטן, ווי אויך — פּראָמעסעס פון ארץ־ישראל. די פּאַפּירן זענען שוין דאָרט געלעגן, אָנהייבנדיק פון די חדשים פעברואַר — מאַרץ 1941, אָבער צוליב דעם וואָס די שטאָט איז פאַרנומען געוואָרן דורך די סאָוויעטן, האָט מען שוין נישט געקאָנט אויסנוצן די באַקומענע אויסלענדישע דאָקומענטן. אמת, אויך בעת דער סאָוויעטישער אָקופּאַציע פון לעמבערג, זענען געווען פאַלן, ווען מענטשן האָבן באַוויזן צו באַקומען אַ דערלויבעניש פון מאָסקווע

אַוועקצופאָרן קיין אויסלאַנד. מען איז געפאָרן איבער רוסלאַנד, דורך יאַפּאַן אאַז״וו. די מענטשן, וועלכע האָבן פאַרלאָזט פּוילן איידער די דייטשן האָבן פאַרנומען די פּוילישע טעריטאָריעס און באַוויזן זיך אַריינ־צובאַקומען קיין ליטע, איז דאָרט געלונגען צו באַקומען ארץ־ישראל־פּראַמעסעס. זיי זענען דורך שוועדן, פּערסיע, פראַנקרייך און אַפילו דורך דייטשלאַנד אַוועק קיין ארץ־ישראל.

דער בריטישער קאָנסול אין קאָוונע (ליטע) האָט אַרויסגעגעבן אַ באַשטעטיקונג, אַז פאַר דער געגעבענער פּערזאָן איז אָנגעקומען אַ סער־טיפיקאַט פון ארץ־ישראל. די סערטיפיקאַטן האָט אַרויסגעשיקט די יידישע אַגענץ. נאָך די סערטיפיקאַטן האָט מען אָבער געדאַרפט פאָרן קיין מאָסקווע, כדי זיי דאָרט אָפּצונעמען אין בריטישן קאָנסולאַט. אויפן סמך פון באַקו־מענעם סערטיפיקאַט האָט מען אַרויסגעקראָגן אַ טראַנזיט־וויזע פון טער־קישן קאָנסול אין מאָסקווע.

אין יאָר 1941 זענען אויך אָנגעקומען אַ געוויסע צאָל סערטיפיקאַטן פון פּערסיע (איראַן), צוזאַמען מיט דער טערקישער טראַנזיט־וויזע.

אין ווילנע, ווי אויך אין קאָוונע, האָט מען אַ געוויסע צייט אַליין „אויסגעפאַרטיקט" ארץ־ישראל־סערטיפיקאַטן, וועלכע האָבן זיך ווייניק וואָס אונטערשיידט פון די אויטענטישע סערטיפיקאַטן. אויך אויף זיי האָט מען אַרויסבאַקומען טערקישע טראַנזיט־וויזעס. דאָס האָט געדויערט אַזוי לאַנג, ביז מען האָט אין ענגלישן קאָנסולאַט אין מאָסקווע אַנטדעקט די געפעלשטע דאָקומענטן. דעמאָלט האָט דער ענגלישער קאָנסול אין מאָסקווע זיך אָפּגעזאָגט אַרויסצוגעבן וויזעס קיין ארץ־ישראל, און דער טערקישער קאָנסול — טראַנזיט־וויזעס.

אַן ערך אַכציק רעקאָמענדאַציעס אַרויסצובאַקומען אין מאָסקווע אַמע־ריקאַנער וויזעס האָט אויסגעאַרבעט דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק. די וויזעס זענען געווען באַשטימט פאַר שרייבער, גע־זעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע טוער. זיי זענען פון ווילנע אַוועקגעפאָרן קיין מאָסקווע און דאָרט אָפּגענומען די וויזעס. געציילטע מענטשן האָבן געקריגן צוגעשיקט רעקאָמענדאַציעס אויך פון דער שווייץ צום ענגלישן אַמבאַסאַדאָר אין מאָסקווע.

דער יאַפּאַנישער קאָנסול אין קאָווגע האָט אַרויסגעגעבן טראַנזיט־וויזעס. עס דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז ביז יאַפּאַן איז אַריינגעטראָטן אין דער מלחמה מיט אַמעריקע (דעם 8טן דעצעמבער 1941), האָט מען אין יאַפּאַנישן קאָנסולאַט אַרויסבאַקומען די יאַפּאַנישע וויזעס אומגע־שטערט. אַזעלכע טראַנזיט־וויזעס האָט דער יאַפּאַנישער קאָנסול אַרויס־געגעבן אין די הונדערטער, וועלנדיק דערמיט העלפן די יידן.

דער ערן־קאָנסול פון קיראַסאָ אין קאָוונע האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ צאָל קיראַסאָ־וויזעס, אויפן סמך פון וועלכע דער יאַפּאַנישער קאָנסול האָט אַרויסגעגעבן די טראַנזיט־וויזע.

פון קאָוונע און פון ווילנע האָבן זיך אַזוי אַרום אַרויסבאַקומען צווישן דריי און פיר טויזנט מענטשן. בלויז קיין ארץ־ישראל זענען אָפּגעפאָרן פון ליטע 2.250 יידן.

דעם 22סטן אַפּריל 1942 איז די אין לעמבערג פאַרבליבענע גרופּע „אויסלענדער״, וואָס איז באַשטאַנען פון קנאַפּע 40 פּערזאָן, אַריבערגע־פירט געוואָרן קיין וואַרשע. פון דער באַן האָט מען זיי געבראַכט מיט לאַסטאויטאָס אין פּאַוויאַק אַריין, באַזונדער די מענטשן און באַזונדער דעם באַגאַזש. צווישן די אָנגעקומענע פון לעמבערג האָבן זיך געפונען 15 יידן מיט זייערע פרויען — כמעט אַלע מיט פּאַפּירן פון דער צענטראַל־אַמעריקאַנער רעפּובליק קאָסטאַריקאַ.

די מענער (יידן און קריסטן) האָט מען איינגעאָרדנט אין דער גרוי־סער קאַפּליצע פון פּאַוויאַק, ווו עס האָבן זיך שוין פון פריער געפונען עטלעכע און צוואַנציק פּאָליאַקן (קריסטן) — אַלע בירגער פון די פאַר־אייניקטע שטאַטן, וועלכע זענען פאַר דער מלחמה געקומען אויף אַ באַ־זוך קיין פוילן. אָפּזיצנדיק אין פּאַוויאַק אַ חודש צייט, האָט מען בלויז די מענער אַוועקגעשיקט אין אינטערנירונג־לאַגער פאַר אויסלענדער: טיט־מאַנינג. די יידישע פרויען, וועלכע זענען געזעסן אין אַ קאַפּליצע צוזאַ־מען מיט די קריסטלעכע פרויען, זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן אַנשטאָט אין אינטערנירונג־לאַגער ליבענאַו, וווהין זיי האָבן לכתחילה געדאַרפט פאָרן — קיין וויטעל, אין פראַנקרייך. עס האָט געהייסן, אַז אין ליבענאַו איז שוין מער נישטאָ קיין פּלאַץ.

אין האָטעל „פּאָלסקי", דאָקעגן, זענען אויפגענומען געוואָרן בלויז יידן. זיי האָבן געדאַרפט אַוועקגעשיקט ווערן אין די אינטערנירונג־לאַ־גערס אין דייטשלאַנד: טיטמאָנינג, ליבענאַו, לאַופען און אין דעם ניי־געגרינדעטן לאַגער בערגען־בעלזען, אַ טייל — אויך קיין וויטעל.

מיט די ערשטע טראַנספּאָרטן זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן פון וואַר־שע 1.000 יידן מיט זייער גאַנצן באַגאַזש. מען האָט זיי צוגעפירט צום דאַנציגער וואָקזאַל און זיי אַריינגעזעצט אין באַקוועמע פולמאַן־וואַגאָנען. אונטער וועגס זענען צו דעם טראַנספּאָרט נאָך צוגעקומען די 30 פּערזאָן פון קראָקע און 80 — פון באָכניע.



אָנהייב יוני 1942 איז דער וואַרשעווער יודנעלטסטער, אינזשיניער אַדאַם טשערניאַקאָוו, אַרויסגערופן געוואָרן אין געשטאַפּאָ. דער שעף פון דער קרימינאַל־פּאָליציי, עס־עס־אונטערשטורמפירער ניקאָלאַוס, האָט אים איבערגעגעבן, אַז יידן — אויסלענדישע בירגער, וועלן קאָנען אַרויספאָרן קיין אויסלאַנד, ווו זיי וועלן ווערן אויסגעטוישט אויף דייטשן, וועלכע געפינען זיך אין די קריגפירנדיקע לענדער. עס האָט זיך דאָ געהאַנדלט וועגן בירגער פון די פאַראייניקטע שטאַטן און פון די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער, חוץ אַרגענטינע און טשילי. עס וועלן אויך קאָנען ווערן אויס־געטוישט — האָט ער געזאָגט — בירגער פון פּאַלעסטינע [44].

ניקאָלאַוס האָט באַפולמעכטיקט דעם יודענראַט זיך צו פאַרנעמען מיט די עמיגראַציע־ענינים. דעם 17טן יוני 1942 האָט דער יודענראַט אַרויסגעלאָזט אַ מעלדונג צו די הויז־קאָמיטעטן אין געטאָ וועגן די עמי־גראַציע־מעגלעכקייטן. דער יודענראַט האָט צו דעם צוועק באַשטימט אַ ספּעציעלן באַאַמטן — אינזשיניער הענריק גאַרבינסקי, וועלכער האָט גע־דאַרפט דורכפירן די רעגיסטראַציע פון אויסלענדישע בירגער.

עס האָט זיך אַזוי אַרום געשאַפן אַ טאָפּלטע בוכהאַלטעריע: פון איין זייט האָט ניקאָלאַוס נאָך פריִער געהאַט באַשטימט אין געטאָ זיינעם אַ יידישן מיטאַרבעטער, דעם אינספּעקטאָר פון דער יידישער פּאָליציי אין

געטאָ — י. ערליך, אָדער, ווי מען האָט אים גערופן „יאָסל קאַפּאָטע", צו באַשעפטיקן זיך מיטן דאָזיקן ענין, און פון דער אַנדערער זייט האָט ער איבערגעגעבן דעם יודענראַט צו פאַרנעמען זיך מיט די עמיגראַציע־ענינים.

אינספּעקטאָר ערליך האָט אַמטירט ביי זיך אין דער היים, אויף נאָװאָליפּקי 24. זיין וווינונג איז געווען אָנגעפּאַקט מיט גרויסע רייזע־קופערטס און טשעמאָדאַנעס, פולע מיט זאַכן פון זיינע אויסלענדישע קרבנות, וועלכע ער האָט געדאַרפט צושטעלן אין פּאַוויאַק אַריין צו דער „קאַראַנטין".

ערליך איז געווען אַ ביז גאָר אָריגינעלער טיפּ. פאַרן קריג האָט ער אַפילו געלערנט אין אַ וואַרשעווער ישיבה. אָבער ער איז גיך „אַראָפּ פון גלייכן וועג" און זיך אָנגעהויבן צו חברן מיט אונטערוועלט־מענטשן. אַ לאַנגע צייט האָט ער נאָך געטראָגן אַ לאַנגע קאַפּאָטע — און דערפאַר האָט מען אים אין די אונטערוועלט־קרייזן געגעבן אַ צונאָמען „יאָסל קאַ־פּאָטע". צו אַרבעט האָט ער קיין מאָל נישט געהאַט קיין חשק. ער האָט געעפנט אַ „טאַנץ־קלאַס" ביי זיין שווער, דעם טרעגער יעקב ריינער אין שטוב, וווּ ער האָט אויך געוווינט צוזאַמען מיט זיין פרוי און קינדער. דעם הויפּט־מקור פון פּרנסה האָט ער געהאַט פון „דין־תורות" ביי דער אונ־טערוועלט. ער האָט זיך אין די דאָזיקע קרייזן דערוואָרבן גרויס פּאָפּולאַ־ריטעט, אַ דאַנק זיין חכמה און פיפיקייט.

ווען עס איז געשלאָסן געוואָרן דער דייטש־רוסישער פריינדשאַפט־אָפּמאַך און עס האָט זיך אָנגעהויבן די „פעלקער־וואַנדערונג" איבער דער רוסישער גרענעץ, האָט זיך יאָסל קאַפּאָטע פאַרנומען מיט שמוגלען מענטשן און סחורות אויף דער סאָוויעטישער גרענעץ. דאָרט טאַקע האָט ער גע־שלאָסן באַקאַנטשאַפט מיט דער דייטשישער גרענעץ־וואַך, צווישן וועלכער עס האָט זיך געפונען דער עס־עס־אָפיציר ניקאָלאַוס, וואָס האָט פון ערליכן (יאָסל קאַפּאָטע) געהאַט פיל נוצן.

נאָך דעם ווי עס איז אויסגעבראָכן די דייטשיש־סאָוויעטישע מלחמה, איז ניקאָלאַוס אַריבערגעפירט געוואָרן קיין וואַרשע, וווּ ער איז באַשטימט געוואָרן ווי דער שעף פון דער קרימינאַל־פּאָליציי. דאָרט האָט ער צוגע־צויגן ערליכן צו קאָנפידענציאָנעלער אַרבעט. אַ דאַנק ניקאָלאַוסן איז ערליך

געוואָרן אינספעקטאָר פון דער יידישער פּאָליציי אין געטאָ. ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער אויסטויש פון יידן מיט אויסלענדישע דאָקומענטן, האָט ניקאָלאַוס באַשטימט ערליכן ווי זיין באַפּולמעכטיקטן אין געטאָ פאַר די עמיגראַציע־ענינים.

אַ ביסל שפּעטער האָט דער זעלביקער ניקאָלאַוס אָנגעהויבן מיטצו־אַרבעטן מיטן עס־עס־אָבערשטורמפירער פון דער עס־דע (זיכערהייטס־דינסט) ד״ר סטאַבענאָוו, וועלכער האָט פון זיין זייט, ווידער, געהאַט זיין אייגענעם פאַרשטייער פאַר די ענינים — דעם יידישן אַגענט אַדאַם זשו־ראַווין, וועלכער איז שוין דערמאָנט געוואָרן אין קאַפּיטל „אויסלענדישע דאָקומענטן״. אַזוי אַרום האָט זיך צווישן די צוויי גרופּעס אָנגעהויבן אַן אמתע קאָנקורענץ ביים אויסכאַפּן קרבנות צום „אויסטויש״.

חוץ דעם, האָט דער פאַרשטייער פון בירלין, עס־עס־אָבערשטורמ־פירער גרישאַ, אויך געהאַנדלט אויף זיין אייגענער האַנט ביים פונאַנ־דערטיילן אויסלענדישע פּאַפּירן, לרוב פון דער ארץ־ישראל־ליסטע.

די משפּחות פון אַ סך יידן, וואָס האָבן געלעבט בעת דער מלחמה אין ארץ־ישראל, האָבן געמאַכט גרויסע באַמיִונגען אַראָפּצובריענגען זייערע קרובים פון פוילן און פון די אַנדערע אָקופּירטע לענדער. מערערע פאַמי־ליעס איז געלונגען אַרויסצובאַקומען אַזעלכע דערלויבענישן פון דער פּאַ־לעסטינער מאַנדאַטן־מאַכט און אַראָפּצוברענגען זיי דורך טערקיי אָדער דער שווייץ. זיי האָבן געדאַרפט אויסגעטוישט ווערן אויף דייטשן פון ארץ־ישראל.

ווי אַ מוסטער פון אַזאַ אויסטויש, איז כדאי צו ברענגען פאָלגנדיקן פאַל: צווישן די קאַנדידאַטן אויף דער ארץ־ישראל־ליסטע צום אויסטויש, האָט זיך געפונען די משפּחה ענגעל פון לאָדזש, וואָס האָט זיך, בעת דער מלחמה, אויפגעהאַלטן אין וואַרשעווער געטאָ. די פרוי ענגעל, פון דער היים אַלט, האָט דערהאַלטן אַ ידיעה פון אירע קרובים אין ארץ־ישראל, אַז זיי האָבן פאַר איר משפּחה באַקומען אַ דערלויבעניש פון דער מאַנדאַטן־מאַכט אויסגעטוישט צו ווערן און עס זענען שוין פאַר זיי איבערגעשיקט געוואָרן די געהעריקע פּאַפּירן.

ענגעל האָט אויף דער אַרישער זייט אין וואַרשע געהאַט אַ באַקאַנטע,

אַ שווייצאַרישע בירגערין, וואָס איז געזוען די גוווערנאַנטקע אין הויז פון דער משפחה ראַטוואַנד (פון פּאַליטעכניקום פון וואָוועלבערג און ראַט־וואַנד). די דאָזיקע משפחה איז געווען אַ קריסטלעכע. די גוווערנאַנט־קע — גערופן האָט מען זי איוואַנאַ — איז געווען אַ פריינדין פונעם גע־שטאַפּאָ־אָפיציר, דעם עס־עס־אָבערשטורמפירער גרישאַ. זי איז אַוועק מיט ענגעלן צו אים אין געשטאַפּאָ, ווו ער האָט דורכגעקוקט די ארץ־ישראל־ליסטע און דאָרט געפונען די נעמען פון ענגעלן, זיין פרוי און טעכטערל. דער אָבערשטורמפירער האָט אים אויפן אָרט געגעבן אַ באַ־שטעטיקונג, אַז ענגעל און זיין משפחה קאָנען זיך פריי באַוועגן אויף דער אַרישער זייט — ביז צו זייער אָפּפאָרן קיין טערקיי, ווו עס וועט — ווי עס האָט געהייסן — פאָרקומען דער אויסטויש.

אויף דער ארץ־ישראל־רשימה איז אויך געווען דער נאָמען פון פרוי ענגעלס ברודער, וועלכער האָט אָבער שוין נישט געלעבט. בעת אַן אַקציע אין געטאָ איז ער אַוועקגעפירט געוואָרן אין די גאַזקאַמערן פון טרעבלינקע. ענגעל האָט געפרעגט דעם אָבערשטורמפירער, צי מען קאָן נישט אויף זיין שוואָגערס אָרט און אויף זיין נאָמען נעמען אַן אַנדערן ייד. דער עס־עס־מאַן איז אויף דעם איינגעגאַנגען. און אַזוי אַרום האָט עס זיך אָנגע־הויבן. דער אָבערשטורמפירער האָט שוין שפּעטער אַליין פאָרגעלייגט ענ־געלן אויסצוגעפינען אויסבאַהאַלטענע יידן, וועלכע וועלן קאָנען אָפּפאָרן אויפן אָרט פון די מענטשן, וועלכע געפינען זיך אויף דער ארץ־ישראל־ליסטע און זיי לעבן שוין מער נישט. אַזוי אַרום האָט זיך אָנגעזאַמלט אַ גרופּע פון 100 (הונדערט) יידן. פאַר דער טרחה האָט דער אָבערשטורמ־פירער באַקומען גאָלדענע זייגערס, ברילּיאַנטן און אַנדערע ווערטזאַכן. זיין פריינדין, די שווייצאַרין, האָט באַקומען פון ענגעלן הונדערט אַמעריקאַנער דאָלאַר און פיל מתנות.

ווען ענגעל האָט שוין געהאַט פון געשטאַפּאָ אַ פּאַפּיר, אַז ער קאָן זיך פריי באַוועגן אויף דער אַרישער זייט, האָט ער זיך געפילט אַזוי זיכער, אַז ער האָט באַשלאָסן צו באַזוכן זיינע פריינד אין געטאָ. גראָד דעמאָלט, ווען ער איז דאָרט געווען, איז פאָרגעקומען אַ יידן־אַקציע און אויך ענגעל איז צוגענומען געוואָרן אויפן אומשלאַגפּלאַץ (זיין פרוי און קינד זענען

געווען אויף דער אַרישער זייט). עס האָבן נישט געהאָלפן ענגעלס אויס־לאַנד־פּאַפּירן, מיט וועלכע ער האָט זיך אויסלעגיטימירט. בעתן לעצטן עטאַפּ פון די אַקציעס אין געטאָ, האָבן די עס־עס־לייט שוין נישט געלייגט קיין אַכט אויף קיין שום פּאַפּירן, און זיי האָבן אַלע יידן, אָן אויסנאַם, צוגענומען.

דער טראַנספּאָרט מיט די געכאַפּטע יידן איז אָפּגעגאַנגען פון אומ־שלאַגפּלאַץ אין דער ריכטונג פון לובלין — מיידאַנעק. ענגעל האָט, שוין זייענדיק אין וואַגאָן, מיט אַ קליין זעגעלע, וואָס ער האָט תמיד געהאַט מיט זיך, איבערגעזעגט די אייזערנע קראַטע פון פענצטערל, און צוזאַמען מיט זיינעם אַ פריינד, טאָמקעוויטש, איז ער, פאַרבייפאָרנדיק די סטאַציע סאָ־באָלעוו, אַרויסגעשפּרונגען פון וואַגאָן. די וואַך האָט זיי נאָכגעשאָסן. טאָמ־קעוויטש איז דערהרגעט געוואָרן אויפן אָרט, אָבער ענגעלן איז געלונגען צו אַנטלויפן אומבאַשעדיקט. ער איז צוריק געקומען קיין וואַרשע, אָנ־שטויסנדיק זיך אויפן וועג אויף פּוילישע שאַנטאַזשיסטן (אַזוי גערופענע „שמאַלצאָווניקעס״), פון וועלכע עס איז אים אויך געלונגען זיך אַרויס־צוקריגן. ענדלעך איז ער צוריק געקומען צום אָרט, אויף דער אַרישער זייט, ווו ער האָט געוווינט צוזאַמען מיט זיין פרוי און קינד.

צוויי טעג פאַר דער געטאָ־אויסזידלונג, בעת וועלכער מען האָט אים ווידער געכאַפּט און געוואָלט אַוועקשיקן אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער, האָט ענגעל דורכגעמאַכט נאָך אַן אַקציע. דעמאָלט האָט ער אָבער געהאַט מער מזל: דער עס־עס־מאַן, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער אַקציע, האָט אים באַפרייט, נאָך דעם ווי ער האָט אויף ענגעלס בקשה טעלעפאָניש זיך פאַרשטענדיקט מיט דער געשטאַפּאָ. דאָרט האָט מען נאָכקאָנטראָלירט צי עס איז אמת, אַז ענגעל געפינט זיך אויף דער רשימה פון אויסלענדישע בירגער, וואָס דאַרפן אויסגעטוישט ווערן.

לויט דער עצה פון דעם אָבערשטורמפירער גרישאָ, זענען די ענגעלס אַריבער אין האָטעל „ראָיאַל״ און שפּעטער — אין האָטעל „פּאָלסקי״.

אויך אין די אַנדערע שטעט פון גענעראַל־גוווערנעמענט (פּוילן), אַחוץ לעמבערג, קראָקע, בענדין און באָכניע, וואָס זענען שוין דערמאָנט געוואָרן, האָט מען געמאָלדן וועגן דער מעגלעכקייט פון אויסטויש. קיין

בעלנים אויסגעטוישט צו ווערן האָבן, פאַרשטייט זיך, נישט געפעלט. ווי אַן אילוסטראַציע צו דעם ווי אַזוי עס איז צוגעגאַנגען דער אויסטויש אין די פוילישע פּראָווינץ־שטעט, קאָן דינען די שטאָט ראַדאָם.

אָנגעהויבן האָט זיך עס אַזוי: אין חודש נאָוועמבער 1942 האָט די ראַדאָמער געשטאַפּאָ מודיע געווען אַ גאַנצע ריי יידן, אַז עס זענען פאַר זיי אָנגעקומען פּאַפּירן פון זייערע קרובים אין פּאַלעסטינע און זיי דאַרפן זיין גרייט אָפּצופאָרן אַהין. אַ טייל פון די אַרויסגעפּאַדערטע יידן האָבן שוין אָבער נישט געלעבט, אַזוי אַז אויף זייער אָרט זענען געפאָרן אַנדערע (גאַנץ פרעמדע) מענטשן, וואָס האָבן געהאַט די זעלביקע נעמען.

באַלד נאָך דעם ווי די אַרויסגעפּאָדערטע ראַדאָמער יידן האָט אָפּגע־גליקט אַרויסגעשיקט צו ווערן קיין ארץ־ישראל, האָט מען אין שטאָט אָנגעהויבן צו מאַכן באַמיזונגען וועגן אַ ווייטערדיקער רעגיסטראַציע. דער עס־עס־אונטערשטורמפירער שעגעל האָט באַפוילן דעם יודענראַט צו רע־גיסטרירן 1.500 יידן, וועלכע האָבן קרובים אין ארץ־ישראל, כדי זיי אויס־צוטוישן — ווי עס האָט געהייסן — אויף דייטשישע מיליטערלייט, וועלכע האָבן זיך געפונען אין ענגלישער געפאַנגענשאַפט.

ווען מען האָט זיך דערוווסט וועגן דער בייער פאַראָרדענונג, האָט כמעט די גאַנצע איבערגעבליבענע יידישע באַפעלקערונג פון ראַדאָם, וואָס האָט שוין דעמאָלט געציילט נישט מער ווי קנאַפּע 3.500 איינוווינער, אָנגעהויבן צו באַלאַגערן דעם יודענראַט, כדי זיך צו רעגיסטרירן צום אויסטויש. דער יודענראַט האָט באַשטימט אַ ספּעציעלן באַאַמטן, הירש זאַמיענטשקאָווסקי, אָנצופירן מיט דער רעגיסטראַציע. דאָס האָט געדויערט גאַנצע צוויי טעג. כמעט אַלע ראַדאָמער יידן האָבן זיך רעגיסטרירט, אָנ־געבנדיק זייערע ריכטיקע אָדער אויסגעטראַכטע קרובים, וועלכע האָבן זיך געפונען אין ארץ־ישראל. צווישן די רעגיסטרירטע זענען געווען 18 מענטשן, וועלכע האָבן זיך אָנגעגעבן ווי לייבלעכע ברידער פון אַ באַקאַנטן ציוניסטישן עסקן אין ארץ־ישראל. די דאָזיקע רשימה האָבן די דייטשן אויסגענוצט פאַר דעם גרויסן גירוש, וואָס איז פאָרגעקומען אין ראַדאָם דעם 13טן יאַנואַר 1943 [45].

ביים אָנהייב פון חודש מאַרץ 1943 איז דאָרט דערשינען אַ נייע

פאַראָרדענונג, אַז יידן, וועלכע האָבן אויסלענדישע פּעסער, דאַרפן ווערן אינטערנירט, כדי אויסגעטוישט צו ווערן אויף דייטשישע קריגס־געפאַנגענע. מענטשן, וועלכע האָבן איבערגעלעבט די פריערדיקע דעפּאָרטאַציעס, אגב אַ גאַנץ קליינע צאָל, זענען אָוועקגעשיקט געוואָרן צום טראַנספּאָרט פון האָטעל „פּאָלסקי" אין וואַרשע. די מערהייט פון דער גרופּע איז שפּעטער אומגעקומען.

נאָך דעם ווי די ראַדאָמער גרופּע „אויסלענדער" איז אָפּגעשיקט געוואָרן קיין וואַרשע, האָט דער יודענראַט באַקומען פון געשטאַפּאָ אַ באַפעל צוצושטעלן אַ ספּעציעלע רשימה פון מענטשן, וועלכע געהערן צו דער פּראָפעסיאָנעלער אינטעליגענץ. זיי דאַרפן, צוזאַמען מיט זייערע משפחות, זיין גרייט פאַר אַ ווייטער נסיעה. מען האָט עס אויסגעטייטשט, אַז דאָ האַנדלט עס זיך וועגן אַ נייער גרופּע צום אויסטויש. אַנשטאָט דרייסיק יידן האָבן זיך רעגיסטרירט צום אַרויספאָר 180 מענטשן. די ראַדאָמער יידן האָבן זיך ממש געריסן צו זיין צווישן די גליקלעכע, וועלכע דאַרפן ווערן אויסגעטוישט אויף דייטשישע קריגס־געפאַנגענע. אין דער רשימה האָט מען, צווישן אַנדערע, אַריינגעשטעלט די נעמען פון 50 קינדער, צווישן זיי — גאַנץ פרעמדע קינדער, וועלכע מען האָט געוואָלט אַזוי אַרום אַרויסראַטעווען קיין אויסלאַנד.

און איצט קומען מיר צום סוף: דעם 21סטן מאַרץ 1943 זענען אָנגעקומען לאַסטאויטאָס און אויפגענומען אויף זיי די גרופּע רעגיסטרירטע יידן צום אויסטויש. צווישן זיי האָבן זיך געפונען אויך נישט רעגיסטרירטע, וועלכע עס איז געלונגען אַרויפצוכאַפּן זיך אויף איינעם פון די לאַסטאויטאָס. די אַלע מענטשן זענען אָוועקגעפירט געוואָרן אין שטעטל שידלאָוויעץ און דאָרט דערשאָסן געוואָרן אויפן בית־עולם. פאַרן דורכפירן די מאַסן־עקזעקוציע, האָבן די עס־עס־לייט גענוי דורכקאָנטראָלירט די רשימה, און די אַלע, וואָס זענען נישט געווען רעגיסטרירט — אַרום 30 מענטשן — האָבן זיי צוריקגעפירט קיין ראַדאָם.

אַן ענלעכער פאַל איז געשען אויך אין באָכניע. ווען די געשטאַפּאָ האָט געמאָלדן, אַז יידן, וועלכע האָבן קרובים אין ארץ־ישראל, קאָנען אויסגעטוישט ווערן אויף דייטשן, האָט קיינער זיך נישט געמאָלדן, ווייל

מען האָט עס געהאַלטן פאַר אַ דייטשישן טריק אַריינצוקריגן די יידן אין אַ פּאַסטקע. ווען אָבער אַ גרופּע יידן פון באַכניע, וואָס האָבן באַקומען מעלדונגען, אַז פאַר זיי זענען אַנגעקומען פּאַפּירן צום אויסטויש, זענען באמת אַוועקגעשיקט געוואָרן אין אַן אינטערנירונג־לאַגער פאַר אויסלענדער, האָט דער עולם שוין אַנדערש רעאַגירט אויף אַ נייער מעלדונג, וואָס האָט זיך אין אַ צייט אַרום ווידער באַוויזן וועגן אויסטויש. מען איז אַוועק זיך רעגיסטרירן. זיי זענען אָבער אַלע דערשאָסן געוואָרן. צום סוף איז אַ גרופּע פון 80 יידן דאָך אויפגענומען געוואָרן צום אויסטויש. זיי זענען איבערגעשיקט געוואָרן צום גרויסן טראַנספּאָרט אויסלענדער, וואָס איז געגאַנגען פון וואַרשע צו די אויסטויש־לאַגערס. פון דעם גרויסן טראַנספּאָרט האָבן זיך גאַנץ ווייניק מענטשן געראַטעוועט.



צי איז דער „אויסטויש" אין וואַרשע געווען אַ גוט אויסגעפּלאַנטער, פון פריִער צוגעגרייטער פּראָיעקט, אַריינצונאַרן אין אַ נעץ די רעשטלעך איבערגעבליבענע יידן פון די געטאָס, און אויך די אויסבאַהאַלטענע יידן פון דער אַרישער זייט, אָדער זענען טאַקע די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער גאַנצער האָטעל־אָפּערע אין וואַרשע געווען איבערציינגט אין דער לעגאַלקייט פונעם אויסטויש ?

עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז פון אָנהייב האָבן זיי גענומען ערנסט די גאַנצע קאָנצעפּציע און געגלייבט, אַז דער ענין פון אויסטויש איז אַ ממשותדיקער און האָט אַלע שאַנסן צו ווערן רעאַליזירט. עדות אויף דעם קאָן דינען דער פאַקט, וואָס די יידישע קאָלאַבאָראַטאָרן, וועלכע זענען געשטאַנען בראש פון דער וואַרשעווער האָטעל־אָפּערע, זענען געווען איבערצייגט אין דערפאָלג פונעם אויסטויש, ווייל זיי אַליין האָבן באַשלאָסן מיטצופאָרן צום אויסטויש אין אַן אינטערנירונג־לאַגער און אויך מיטנעמען אהין זייערע משפחות.

די איניציאַטאָרן פון דער גאַנצער האָטעל־אַקציע אין וואַרשע זענען, ווי געזאָגט, געווען: דער עס־עס־אָבערשטורמפירער פון עס־דע און זיכערהייטס־פּאָליציי ד"ר סטאַבענאָוו און דער שעף פון דער קרימינאַל־פּאָליציי, עס־עס־אונטערשטורמפירער ניקאָלאָוס. זייערע יידישע מיטאַרבע־

מער זענען געווען: אַדאַם זשוראַווין, לעאָן סקאָסאָווסקי, קעניגעל, וולאָ־דאָווסקי א״אַ.

די נשמה פון דער גאַנצער אונטערנעמונג איז געווען אַדאַם זשו־ראַווין.

כדי צו געווינען צוטרוי ביי די יידן פון וואַרשע, וועלכע האָבן גוט געקענט די מעשים פון אַזאַ אַדאַם זשוראַווין און זיינע שותפים, האָבן זיי אין דער האָטעל־אונטערנעמונג אַריינגעצויגן איינעם פון די חשובסטע און פאַרדיסנטפולע יידישע פערזענלעכקייטן פון וואַרשעווער געטאָ — דעם דירעקטאָר פון דזשאָינט, דוד גוזשיק[46]. דער נאָמען גוזשיק האָט צו־געגעבן פרעסטיזש דער גאַנצער אונטערנעמונג און געוווּנען פאַרטרויען ביי די יידן, וועלכע האָבן זיך אָנטשלאָסן אָנצוקומען אין האָטעל „פּאָלסקי״.

עס אונטערליגט נישט קיין שום ספק, אַז דוד גוזשיק, וואָס איז אַליין געווען פאַרזען מיט אַן אויסלענדישן פּאַס פון אַ דרום־אַמעריקאַנער מדינה (אַרגענטינע) האָט גאַנץ גוט געוווּסט, אַז די גאַנצע אימפּרעזע מיטן „אויסטויש״ ליגט נישט אין ריינע הענט. ער האָט אָבער געגלייבט, אַז מיט דעם „אויסטויש״ ווילן די יידישע געשטאַפּאָ־מיטאַרבעטער אָפּווישן פון זיך דעם שאַנדפלעק פון זייערע פריִערדיקע שיפלותדיקע מעשים, זיי זאָלן קאָנען אין דער צוקונפט זיך רעהאַביליטירן דורך אַזאַ העראָיִש קאַפּיטל, ווי דאָס אָפּראַטעווען פון אומקום אַ פּאָר טויזנט יידן.

כדי נאָך מער צו שטאַרקן זייער פּרעסטיזש, האָבן די יידישע נאַצי־קאָלאַבאָראַטאָרן אַריינגענומען אין האָטעל, אָן שום פאַרגיטיקונג, אַ ריי יידישע פערזענלעכקייטן, ווי דעם מיטגליד פון דער ציוניסטישער יוגנט־באַוועגונג אין פּוילן „גורדוניה״ — אליעזר געלער (וועלכער האָט אָבער שוין דעם 10טן יולי 1943 געשריבן קיין אויסלאַנד און געוואָרנט די יידישע וועלט פאַר דעם פריִער דערמאָנטן אַדאַם זשוראַווין), די געטאָ־קעמפער ישראל קאַנאַל, אריה גזשיבאָווסקי און לוקסענבורג פון „זשאַב״ און לאַפּאַטאַ — פון די רעוויזיאָניסטן, דעם ציוניסטישן מנהיג מנחם קירשנ־בוים מיט זיין משפחה. דעם לעצטן האָבן זיי שפּעטער אַליין איבערגעגעבן אין די דייטשישע הענט און ער איז, צוזאַמען מיט זיין משפחה, דערשאָסן געוואָרן אין פּאַוויאַק. אליעזר געלער, איינער פון די דרייסטסטע קעמפער

אין וואַרשעווער געטאָ, דער קאָמענדאַנט פון דעם ראַיאָן טעבענס־שולץ, בעתן געטאָ־אויפשטאַנד; קאַנאַל, אריה גזשיבאָווסקי און לוקסענבורג, וועלכע זענען דעם 29סטן אַפּריל 1943 אַריבער דורך די קאַנאַליזאַציע־קאַנאַלן פון געטאָ אויף דער אַרישער זייט, זענען, אַנשטאָט צום אויס־טויש, אָוועקגעשיקט געוואָרן קיין בערגען־בעלזען און פון דאָרט — אין די גאַזקאַמערן קיין אוישוויץ.

גוזשיק האָט, אַמטירנדיק אין האָטעל „פּאָלסקי", זיך שטילשווייגנ־דיק צוגעקוקט צו דעם, ווי די גרופּע יידישע קאָלאַבאָראַטאָרן מאַכן ביי דעם „אויסטויש" ריזיקע פּאַרמעגנס, רייסנדיק פּשוט די הויט פון די אַלע, וואָס זענען געווען באַקאַנט ווי גרויסע גבירים און וועלכע האָבן זיך געוואָלט אַריינקריגן אין האָטעל „פּאָלסקי" — צום אויסטויש. ווי אַ באַ־שטעטיקונג אויף דעם איז געגעבן אַנצווייזן אויפן פאַל מיט אַדאַם זשו־ראַווינס שליח, וואָס איז אָנגעקומען קיין שווייץ (דאָרטן פיגורירט ווי „פּאַול") און האָט, אויפן סמך פון די פולמאַכטן, וועלכע ער האָט געהאַט פון אַ ריי וואַרשעווער גבירים, אַרויסבאַקומען פון די שווייצאַרישע בענק פיל צענדליקער טויזנטער דאָלאַרן. מיט דעם געלט האָבן זיך די יידישע קאָלאַבאָראַטאָרן, משמעות, געדאַרפט טיילן מיט זייערע עס־עס־באַלעבאָ־טים סטאַבענאַוו, ניקאָלאַוס און אַנדערע, וועלכע האָבן געדעקט דעם גאַנצן וואַרשעווער אויסטויש־פּראָיעקט.

מעגלעך, אַז די אָרגאַניזאַטאָרן פונעם וואַרשעווער „אויסטויש" האָבן נישט פאָרויסגעזען דעם ווייטערדיקן גאַנג פון די געשעענישן: אַז דער אויסטויש וועט נישט דורכגעפירט ווערן, און כמעט אַלע פון די טויזנטער יידן וועלן, שוין זייענדיק אין די אינטערנירונג־לאַגערס, אָוועקגעשיקט ווערן אין די גאַזקאַמערן אַריין. און אויב אַ קליינע צאָל פון די דאָזיקע יידן האָט זיך געראַטעוועט פונעם אומקום, איז עס פּשוט אַ גליקלעכער צופאַל.

וואָס עס וואַרפט זיך אָבער בולט אין די אויגן, איז דער פאַקט, וואָס באַלד נאָך דעם ווי די נאַציס האָבן אַרויסגעקריגן פון די שווייצאַ־רישע בענק די גרעסערע סומעס געלט, וואָס זענען אויסגעפּרעסט געוואָרן פון די רייכע יידן, האָט מען אַרומגערינגלט דעם האָטעל „פּאָלסקי" און

פון דאָרט אַרויסגעפירט די נאָך פאַרבליבענע יידן. מען האָט זיי אַריינ־געשטופּט אין די לאַסט־וואַגאָנען און אָפּגעפירט — אַ טייל צום דאַנצי־גער וואָקזאַל און אַ טייל צום פּאַוויאַק, ווו זיי זענען דערשאָסן געוואָרן. דער המשך פון דער האָטעל־אָפּערע ציט זיך אָבער ווייטער דורך וויטעל — בערגען־בעלזען — דראַנסי — אוישוויץ.

דער עס־עס־אָבערשטורמפירער ד״ר סטאַבענאָוו, איינער פון די הויפּט־מחותנים אין האָטעל „פּאָלסקי", האָט אין דער זיכערהייטס־דינסט (עס־דע) פאַרנומען דעם אַמט פון ווירטשאַפטס־לייטער ביי דער זיכערהייטס־פּאָ־ליציי און עס־דע. פון אים איז געווען אָפּהענגיק צו באַקומען אַ דערלוי־בעניש אויפצועפענען אַ שאָפּ אין וואַרשעווער געטאָ, צו אייניקע פון זיי איז ער אַפילו אַליין געווען אַ שותף. ער איז, צווישן אַנדערן, געווען דער פּאַטראָן פון דעם באַרימטן „13־טל" אין וואַרשעווער געטאָ [47], בראש פון וועלכן עס איז געשטאַנען אברהם גאַנצווייך [48]. אַ דאַנק זיינע גרויסע אויפ־טוען פאַרן דריטן רייך, האָט סטאַבענאָוו שנעל אַוואַנסירט פון אונטער־שטורמפירער אויף אָבערשטורמפירער און לסוף פון זיין דינסט איז ער דערגאַנגען צום ראַנג פון עס־עס־האָופּטשטורמפירער.

סטאַבענאָווס נאָענסטער מיטאַרבעטער איז — ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט קלינגען — געווען אַדאָם זשוראַווין, אַ יידישער יונגערמאַן פון וואַרשע, וואָס איז פאַרן קריג געווען אַ האַנדלס־אַנגעשטעלטער און האָט פאַרקערט אין די לינקע יוגנט־קרייזן.

זשוראַווין האָט, לויט אַ שריפטלעכער דערקלערונג, וואָס ד״ר סטאַ־בענאָוו האָט אָפּגעגעבן פאַר דער האַמבורגער פּראָקוראַטור [49], אין שייכות מיט דער אויספאָרשונג, וואָס איז געפירט געוואָרן קעגן שעף פון וואַר־שעווער געשטאַפּאָ, ד״ר לודוויג האַן, אָנגעהויבן זיין טעטיקייט לטובת די נאַציס באַלד אין די ערשטע טעג פון דער דייטשישער אָקופּאַציע. ער האָט געדינט ביי זיי ווי אַן אינפאָרמאַטאָר (צוטראָגער, מסור) אָדער, ווי עס האָט ביי די דייטשן געהייסן „V־Mann". ער פלעגט אויך פאַרן קיין לאָדזש, טאָמאַשאָוו טריבונאַלסקי און אַנדערע שטעט און דאָרט „אויסשמעקן" אויס־באַהאַלטענע סחורות און זיי איבערגעבן די דייטשן. צו דער זעלביקער צייט האָט ער אונטערגעהאַנדלט אויף אייגענער האַנט מיט פרעמדער וואָ־

לוטע, גאָלד, ביזשוטעריע, ווי אויך מיט איבערפירן מענטשן פון איין אָרט אין צווייטן.

צוליב זיין אויסגעצייכנטער אַרבעט און איבערגעגעבענער דינסט פאַר די נאַציס, האָט אים סטאַבענאָוו פאַררעכנט פאַר אַ שטענדיקן מיטאַרבע־טער פון דער עס־דע (זיכערהייטס־דינסט). מיט דער צייט איז זשוראַווין געוואָרן סטאַבענאָווס פאַרטרויונגס־מאַן, און ער האָט אַפילו פיגורירט אונטער זיין אייגענעם נאָמען (זשוראַווין), וואָס האָט ביי די נאַציס גע־הערט צו די אויסנאַמפאַלן. וועגן זיין יידישן אָפּשטאַם האָט געוווּסט נאָר זיין שעף סטאַבענאָוו. זשוראַווין האָט אויך געטאָן אַרבעט פאַרן שעף פון „קריפאָ" (קרימינאַל־פּאָליציי) אונטערשטורמפירער ניקאָלאָוס. די ערשטע צייט אָבער איז ניקאָלאָוס געווען פאַרבונדן מיט זיין אייגענעם יידישן פּראָטעזשירטן — י. ערליך (יאָסל קאַפּאָטע) [50].

די באַציִונגען צווישן זשוראַווינען און ערליכן זענען נישט געווען קיין גוטע. איינער האָט געזוכט דעם צווייטן אונטערצושטעלן אַ פיסל — ביז זשוראַווין איז אַרויס דער זיגער. יאָסל קאַפּאָטע איז לסוף דערשאָסן גע־וואָרן דורך די דייטשן, צוזאַמען מיט זיין גאַנצער משפּחה, אין פּאַוויאַק, וווּהין זיי האָבן זיך צוגעשטעלט אויסגעטוישט צו ווערן.

אַ דאַנק סטאַבענאָוון האָט זשוראַווין און זיין קליקע באַקומען אין געטאָ פאַרשידענע קאָנצעסיעס. דורך זשוראַווינען זענען אָרגאַניזירט גע־וואָרן די גרעסטע שעפער אין וואַרשע — די „בערשטן־שעפער", און ער האָט דערפאַר געהאַט אַ שטענדיקע פּענסיע פון דעם אַזוי גערופענעם „קעניג פון די בערשטנמאַכער" — עמיל ווייץ. צווישן די פיל זייטיקע, אומאָפּהענגיק פון זיינע אָפיציעלע, אַמטלעכע, פאַרדינסטן, וואָס זשוראַווין האָט געקריגן פון זיין עס־עס־פּאַטראָן און פריינד סטאַבענאָוו, האָט ער געעפנט אין וואַרשעווער געטאָ אַן אייגענעם שאָפּ אויף לעשנאָ־גאַס 42. דאָרט האָט ער אויפגענומען זיין גאַנצע משפּחה און זיינע גוטע־פריינד. זיין שאָפּ איז אָנגעגאַנגען פאַר איינעם פון די זיכערסטע. זשוראַווין האָט זיך אַ מאָל געהאַט אויסגעדריקט אין אַ שמועס מיט רעמסן, וואָס האָט אויך געאַרבעט אין דעם שאָפּ, אַז „אַלע יידן וועלן אומקומען, נאָר די, פון אונדזער שאָפּ וועלן בלייבן" — אַזוי זיכער איז ער געווען אין זיין כוח.

סטאַבענאָוו איז תמיד געשטאַנען הינטער זשוראַווינען און אים געדעקט אין זיינע עסקים. ווען עס איז געווען נייטיק, האָט ער אַפילו פּערזענלעך אינטערווענירט פאַר אים [51].

אַ טאָג פאַרן „בלוטיקן פרייטיק" אין וואַרשעווער געטאָ, דעם 17טן אַפּריל 1942, ווען עס זענען דערשאָסן געוואָרן 52 יידן, צווישן זיי — מיטגלידער פון דער אונטערערדישער באַוועגונג, מיט מג"ר מנחם לינדער בראש, האָט זשוראַווין טעלעפאָנירט צו זיינע פריינד און זיי געוואָרנט, זיי זאָלן נישט נעכטיקן אין דער היים, ווייל עס דראָט זיי אַ סכנה.

זשוראַווין האָט געהאַט אַ פרייען צוטריט צו דער פאַוויאַק־תפיסה, וווהין ער פלעגט אָפט קומען. בעת די „אַקציעס" אין געטאָ און די „אויס־זידלונגען" האָט מען אים אויך געזען אויפן אומשלאַגפּלאַץ [52], פון וואַנען ער האָט אַפילו באַפרייט וועמען ער האָט געוואָלט.

ווען עס איז ביי סטאַבענאָוון און ניקאָלאָוסן — אָדער אפשר גאָר ביי זשוראַווינען — געבוירן געוואָרן דער געדאַנק צו אָרגאַניזירן אין וואַרשע דעם „אויסטויש"־האָטעל „ראָיאַל" און שפּעטער — האָטעל „פּאָלסקי", האָבן זיי באַשטימט זשוראַווינען צוזאַמען מיטן צווייטן אַגענט ל. סקאָ־סאָווסקי [53], פאַר די אָנפירער פון דעם גאַנצן פּראָיעקט. זיי האָבן אַפילו באַפולמעכטיקט זשוראַווינען אָנצובינדן קאָנטאַקטן מיט אויסלאַנד (קאַ־פּיטל: אויסלענדישע דאָקומענטן), ווי אויך צו זען אַריינצוקריגן וואָס מער מענטשן אין האָטעל אַריין און אַרויסבאַקומען פון זיי וואָס מער געלט און צירונג. זשוראַווין האָט געקריגן פון זיינע שעפן די דערלויבעניש אַרויסצופאָרן קיין אויסלאַנד, איינצוקאַסירן אין דער שווייץ גרע־סערע סומעס געלט, וואָס די יידן האָבן געהאַט דעפּאָנירט אין די דאָר־טיקע בענק.

נאָך דעם דורכפאַל פון דער וואַרשעווער אויסטויש־אַקציע, איז זשו־ראַווין אַליין געוואָרן אינטערנירט אין לאַגער וויטעל, פון וואַנען ער האָט שוין מער נישט געקאָנט זיך אַרויסקריגן. ער האָט זיך אָבער באַוויזן צו ראַטעווען אַרויסשפּרינגענדיק פון צוג, בעת מען האָט אים געפירט קיין אוישוויץ. נאָך פאַרשידענע פּעריפּעטיעס, האָט אים זיין פריינד און שותף צו די געלט־טראַנזאַקציעס, ד"ר סטאַבענאָוו, געבראַכט צו זיך

אַהיים, אין דייטשלאַנד. ווען סטאַבענאָוו, וואָס האָט אַוואַנסירט צום ראַנג פון הויפּטשטורמפירער, איז דורך הימלערן באַשטימט געוואָרן ווי זיינס אַ פאָרשטייער אין שטאַב פון וולאַסאָווס אַרמיי[54] אין קאַרלסבאַד, האָט אים סטאַבענאָוו מיטגענומען מיט זיך אַהין.

פאַר וואָס דער איבערגעגעבענער נאַצי און עס־עס־מאַן האָט אַזוי אָפּגעהיטן דעם ייד זשוראַווין, איז נישט שווער צו פאַרשטיין. זיי האָט געבונדן געמיינזאַמע געלט־מאַניפּולאַציעס און מסתמא אויך געמיינזאַמע אויסלענדישע באַנק־קאָנטאָס.

*

די לעצטע גרופּע יידן, פונעם הויפּט־זאַמלאָרט פון פּוילן — האָטעל „פּאָלסקי״ אין וואַרשע, איז אַוועק צום אויסטויש דעם 13טן יולי 1943. דער טראַנספּאָרט איז באַשטאַנען פון 400 פּערזאָן. מען האָט די מערהייט אָפּגעפירט מיט לאַסטאויטאָס צום דאַנציגער וואָקזאַל, אַריינגעזעצט זיי אין די וואַגאָנען און אונטער אַ שטרענגער וואַך זענען זיי אָפּגעפאָרן — נישט קיין טערקיי און נישט אין דער שווייץ — ווי מען האָט זיי פאַרזי־כערט, נאָר קיין בערגען־בעלזען. די איבעריקע — דערשאָסן אין פּאַוויאַק.

דאָס איז געווען דער לעצטער טראַנספּאָרט מיט „אויסלענדישע יידן״ פון וואַרשע און פון פּוילן בכלל.

אין האָטעל „פּאָלסקי״ און אין הויף פון דלוגאַ־גאַס 31, וווּ דער האָטעל האָט זיך געפונען, זענען פאַרבליבן ביי 50 מענטשן. דאָס זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן נאָך נישט באַוויזן זיך צו פאַרשרייבן, אָדער אַזעלכע, וואָס זענען געקומען אַהין זיך געזעגענען מיט די אָפּפאָרנדיקע און שוין נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו פאַרלאָזן דעם האָטעל. די דאָזיקע מענטשן האָט די „קריפּאָ״ (פון ניקאָלאָוס) און „עס־דע״ (פון סטאַבענאָוו), וועלכע האָבן אַרומגערינגלט דעם האָטעל, אַוועקגעפירט אין פּאַוויאַק אַריין און דאָרט אַלע דערשאָסן.

# די יידן אין בענעלוקס

אין די לענדער פון בענעלוקס (בעלגיע, נידערלאַנד און לוקסעמ־בורג), ווו עס האָבן געלעבט אַרום און אַרום 310.000 יידן, זענען די אַנטי־יידישע געזעצן גישט דורכגעפירט געוואָרן באַלד נאָך דער דייטשי־שער אינוואַזיע, אין מאַי 1940. דאָרט איז דער פאַרניכטונג־סיסטעם לגבי יידן אָנגעווענדט געוואָרן מיט גאַנץ אַנדערע מעטאָדן, ווי אין די מזרח־אייראָפּעיִשע לענדער.

אין בענעלוקס האָט עס גענומען אַ לענגערע צייט פון פּלאַנירונג און זאָרגפעליקער צוגרייטונג מצד דער דייטשישער ציוויליער מאַכט, איינ־שליסנדיק די געהיימע שטאַטספּאָליצײַ, סיי די מיליטערישע אָקופּאַציע־אינסטאַנצן (ווערמאַכט), איידער זיי זענען צוגעטראָטן דורכצופירן די אַנטי־יידישע רעגולאַציעס.

שוין אפילו נאָכן איינפירן די אַנטי־יידישע מאַסמיטלען אין די לענ־דער פון בענעלוקס, אין וועלכע עס האָבן, אין קעגנזאַץ צו פּוילן, אַ גאָר וואָגיקע ראָל געשפּילט די דייטשישע ווערמאַכט־איינהייטן, זענען זיי דאָרט דורכגעפירט געוואָרן מיט גרויס פאַרזיכטיקייט און זיי זענען געווען אַ סך מילדער ווי אין די אַנדערע דורך די דייטשן אָקופּירטע לענדער פון מזרח־אייראָפּע. אַ פּנים, אַז דאָס איז געטאָן געוואָרן מחמת דער מענטשלעכער באַציִונג און הומאַניטאַרער איינשטעלונג לגבי זייערע יידישע מיטבירגער מצד דער גרעסטער מערהייט פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג.

אין בעלגיע, למשל, — עס רעדט זיך, פאַרשטייט זיך, וועגן בריסעל און אומגעגנט — מיט דער וואַלאַנישער באַפעלקערונג, און נישט וועגן דעם טייל בעלגיע מיט דער שטאָט אַנטווערפּן, וואָס איז געווען באַוווינט דורך פלעמער — האָבן די דעפּאָרטאַציעס פון יידן אַרויסגערופן אַ שטורעם

פון פראָטעסטן ביי אַלע שיכטן פון דער דאָרטיקער קריסטלעכער באַ־פעלקערונג.

די בעלגישע קעניגין־מוטער האָט זיך איינגעשטעלט פאַר די בעל־גישע יידן און אַ סך פון זיי האָבן טאַקע געהאַט איר צו פאַרדאַנקען זייער לעבן.

צווישן אַנדערע, האָבן זיך געווענדט מיט דער בקשה אַפּצושאַפן די אויסנאַם־געזעץ קעגן יידן — צום הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער דייטשישער אַרמיי אין בעלגיע, גענעראַל פאָן פאַלקענהאַוזען — די העכסטע פאַר־שטייער פון דער בעלגישער יוסטיץ־וועלט, ווי, למשל: דער ערשטער פּרעזידענט פון קאַסאַציע־געריכט, דער גענעראַל־פּראָקוראָר פון קאַסאַ־ציע־געריכט און דער פּרעזידענט פון דער אַדוואָקאַטן־קאַמער פון אַפּע־לאַציע־געריכט אין בריסעל.

ווען די אַנטי־יידישע געזעצן זענען אָבער דאָך אַריין אין קראַפט, האָבן די רעגירונג־פאַרשטייער און מוניציפּאַליטעט־באַאַמטע אָנגעהויבן אויסצואַרבעטן פאַר די יידן אַרישע דאָקומענטן, אָנגרייטן פאַר זיי באַ־העלטענישן און שטיצן זיי פינאַנסיעל.

# בעלגיע

בעלגיע איז דורך די דייטשישע אַרמייען אָקופּירט געוואָרן דעם 10טן מאַי 1940.ביים אויסברוך פון דער מלחמה האָט בעלגיע געהאַט אַ באַפעלקערונג פון אַכט מיליאָן מיט דרייהונדערט און זעכציק טויזנט נפשות, פון דעם סך־הכל 95 טויזנט יידן.

דעם 12טן מאַי האָט זיך פון בעלגיע אָנגעהויבן אַ מאַסן־עקזאָדוס. די בעלגיער האָבן נאָך גוט געדענקט די דייטשישע אכזריותן פון דעם ערשטן וועלט־קריג און דעריבער האָבן זיי מאַסנווייז אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן זייערע איינגעפונדעוועטע היימען און זיך אַוועקגעלאָזט קיין פראַנקרייך. געלאָפן זענען קריסטן און יידן. פון דער יידישער באַפעלקערונג איז כמעט 90 פּראָצענט אַוועק קיין פראַנקרייך און אַ קליינע צאָל — קיין ענגלאַנד. געבליבן זענען אין בעלגיע בלויז קראַנקע, אַלטע לייט און אינוואַלידן.

צווישן די 95 טויזנט יידן, וואָס האָבן אָנהייב מלחמה זיך געפונען אין בעלגיע, זענען געווען ביי דרייסיק טויזנט דייטשישע יידן, וואָס זענען אַנטלאָפן פון זייער היימלאַנד, בעיקר אין די יאָרן 1937—1938. די דאָזיקע יידן זענען גלייך נאָכן אַריבערגיין די בעלגישע גרענעץ אינטערנירט געוואָרן. ווען עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה האָט מען די אינטערנירטע דייטשישע יידן עוואַקוירט קיין פראַנקרייך. מען האָט זיי אויך דאָרט אינטערנירט. להיפך צו דער גוטער באַהאַנדלונג, פון וועלכער זיי האָבן גענאָסן אין די בעלגישע אינטערנירונג־לאַגערס, זענען זיי אין פראַנקרייך געהאַלטן געוואָרן אין זייער שווערע און, טייל מאָל אַפילו — אין אוממענטשלעכע באַדינגונגען.

ווען אין פראַנקרייך האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען ידיעות פון בעלגיע,

אַז דאָס לעבן האָט זיך דאָרט נאָרמאַליזירט און די אויפפירונג פון די דייטשן איז דאָס מאָל, להיפך צו זייער אויפפירונג בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, אַ גוטע, און אַז אַפילו יידן ווערן באַהאַנדלט קאָרעקט — האָבן די מערהייט קריסטן און יידן אַנגעהויבן צוריק אומצוקערן זיך קיין בעלגיע. משמעות, אַז דאָס איז געווען אַ ראַפינירט שפּיצל פון די דייטשן, כדי צוריקצוקריגן די בעלגישע באַפעלקערונג און בתוכם אויך די יידן. אַזוי אַרום זענען קאַרגע 40.000 יידן אַריינגעצויגן געוואָרן אין אַ נעץ. די דייטשישע יידן זענען אָבער ווייטער פאַרבליבן אינטערנירט אין פראַנק־רייך. שפּעטער האָט דער ווייט גרעסטער טייל פון זיי געטיילט דעם גורל פון אַלע יידן אין פראַנקרייך.

דעם 28סטן אָקטאָבער 1940 האָבן זיך אין בעלגיע אָנגעהויבן די אַנטי־יידישע אָרויסטרעטונגען. די יידן פון בעלגיע, וועלכע זענען פאַר־בליבן אין פראַנקרייך (לרוב אין דרומדיקן טייל פון לאַנד), זענען שפּע־טער דעפּאָרטירט געוואָרן קיין אוישוויץ צוזאַמען מיט די פראַנצויזישע יידן. וועגן די בעלגישע יידן אין פראַנקרייך ווערט געשריבן אינעם קאַ־פּיטל : פראַנקרייך.

עס דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז ביים דורכפירן די אַנטי־יידישע געזעצן אין בעלגיע האָט די דייטשישע מיליטערישע מאַכט מיטגעאַרבעט מיט דער געשטאַפּאָ און זיכערהייטס־דינסט.

לויט אַ פאַראָרדענונג פון דער דייטשישער מיליטער־פאַרוואַלטונג אין בריסעל, פונעם 28סטן אָקטאָבער 1940, האָבן אַלע יידן אין בעלגיע זיך געדאַרפט רעגיסטרירן. צו דער רעגיסטראַציע האָבן זיך צוגעשטעלט 42.000 יידן (מענער, פרויען און קינדער, אָנהייבנדיק פון 16 יאָר אָן). אמת, דעמאָלט האָט מען זיך נאָך נישט אָריענטירט צו וואָס די רעגיסטראַ־ציע דאַרף דינען. עס מוז צוגעגעבן ווערן, אַז רעגיסטרירט האָבן זיך לרוב די פרעמדע יידן, נישט בעלגישע בירגער (קרוב צו 38.000).

עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז די דייטשישע מיליטער־פאַרוואַלטונג אין בריסעל, וואָס האָט, ווי שוין באַמערקט, מיטגעאַרבעט מיט דער עס־עס און געשטאַפּאָ ביים דורכפירן די יידן־דעפּאָרטאַציעס, האָט זיך באַקלאָגט אויף די גרויסע שוועריקייטן, וואָס אַנטשטייען ביי דער פּראַקטישער דורכ־

פירונג פון דעפּאָרטאַציעס פון די דאָרטיקע יידן. זיי האָבן דעריבער גע־ראָטן די עס־עס־זיכערהייטס־אָרגאַנען נישט אָנצוהייבן מיט דער דעפּאָר־טירונג פון בעלגישע יידן, נאָר קודם כל זיך נעמען צו די פרעמדע יידן, וואָס געפינען זיך אין בעלגיע.

דער ערשטער טראַנספּאָרט, וואָס איז אַזוי אַרום דעפּאָרטירט געוואָרן אויף מזרח, איז באַשטאַנען פון 15.000 מענער, פרויען און קינדער. דער טראַנספּאָרט האָט אַרומגענומען אַלע שטאַטלאָזע, ווי אויך יידן פון דייטש־לאַנד, פּוילן, האָלאַנד, רוסלאַנד, גריכנלאַנד, סלאָוואַקיע, נאָרוועגיע, לוק־סעמבורג און קראָאַציע, און אויך יידן פון די באַלטישע לענדער. צוזאַמען מיט דעם דאָזיקן טראַנספּאָרט זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן אויך אייניקע בעלגישע יידן, וואָס האָבן זיך באַוויזן אויף די גאַסן אָן די יידן־אָפּציי־כענונגען (געלע לאַטע).

דעם 19טן סעפּטעמבער 1943 זענען, בעת זוכונגען איבער די הייזער, געכאַפּט געוואָרן 793 בעלגישע יידן, וועלכע מען האָט דעפּאָרטירט. די געכאַפּטע יידן האָט מען קודם כל געשיקט אין בעלגישן דורכגאַנג־לאַגער מאַלין און פון דאָרט — אין די פאַרניכטונג־לאַגערס.

פון די 42.000 יידן, וואָס האָבן זיך רעגיסטרירט לויט דער דייטשי־שער פאַראָרדענונג, זענען אָנהייבנדיק פונעם 4טן אויגוסט 1942 ביז דעם 31סטן יולי 1944 דורך מאַלין דעפּאָרטירט געוואָרן צו די דייטשישע פאַרניכטונג־לאַגערס 24 טויזנט הונדערט איין און זעכציק יידן. די אי־בעריקע יידן איז געלונגען זיך אויסצובאַהאַלטן. אַ דאַנק דער הילף פון די בעלגיער האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט אַרום 25 טויזנט יידן, צווישן זיי, 3.000 יידישע קינדער. עס דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז די וואַלאָ־נער האָבן זיך זייער גוט באַצויגן צו די יידן, דאַקעגן די פלעמער — זייער שלעכט.

נישט געקוקט אויף דעם וואָס דער גאַנצער יידישער קולטור־געזעל־שאַפטלעכער אַקטיוו אין בעלגיע איז, בעת דער אָקופּאַציע, אַוועק אין אונטערגרונט און געלעבט אין שטענדיקער געפאַר, איז דאָרט אָרגאַניזירט געוואָרן און עס איז אָנגעגאַנגען אַ ברייט־פאַרצווייגטע קולטור־געזעל־שאַפטלעכע אַרבעט. עס זענען אַרויסגעלאָזט געוואָרן צוויי חודש־אויס־

גאָבן (העקטאָגראַפירט): „אונדזער וואָרט" אין יידיש און „לע פלאַמבאָ" אין פראַנצויזיש.

אין יאָר 1943 איז פון דער שווייץ אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז מען גרייט זיך דאָרט דורכצופירן אַן אויסטויש פון יידן פון בעלגיע אויף דייטשישע קריגס־געפאַנגענע, וועלכע געפינען זיך אין די הענט פון אַליִירטע מדינות. דורך די קאָנטאַקטן, וואָס מען האָט אָנגעהאַלטן מיט דער ארץ־ישראלדיקער יידישער פאָרשטייערשאַפט אין דער שווייץ, האָט מען זיך דערוווּסט, אַז מען האָט קיין בעלגיע אַרויסגעשיקט אַן אויסטויש־ליסטע מיט אינדיווידועלע דאָקומענטן, אויסגעשטעלט דורכן רויטן קרייץ. אויף דער דאָזיקער ליסטע האָבן זיך געפונען אייניקע הונדערט בעלגישע יידן, וועלכע דאַרפן ווערן אויסגעטוישט.

די מענטשן, וועלכע זענען געווען פאַרשריבן אויף דער ליסטע (לרוב מיטגלידער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע) האָבן נישט געהאַט קיין שום לעגאַלע דעקונג, ווייל די דאָקומענטן זענען נישט געווען אמתע און אויטאָריזירטע. אָבער אַ דאַנק זיי האָבן זיך הונדערטער יידן געראַטעוועט פון דעפּאָרטאַציע, — און דאָס איז דאָך געווען דער ציל פון דער אַקציע. אַלע די, וואָס האָבן באַזיצט די אַזוי גערופענע „רויטער־קרייץ"־דאָקומענטן, זענען אין בעלגיע, להיפך צו פּוילן, נישט באַפרייט געוואָרן פון טראָגן דעם יידן־אָפּצייכן (געלע לאַטע), הגם זיי זענען געווען פאַררעכנט פאַר אויסלענדער.

עס איז כדאי איבערצוגעבן אַן אינטערעסאַנטן עפּיזאָד, וואָס האָט פּאַסירט מיט אַ באַקאַנטן געזעלשאַפטלעכן און אונטערערדישן טוער אין בעלגיע, וועלכער האָט זיך געפונען אויף דער אויסטויש־ליסטע. זיין נאָמען איז אַבוש ווערבער. אין אַ געוויסן טאָג איז ער אַ מאָל פאַרהאַלטן געוואָרן אויף דער גאַס אין בריסעל. נישט טראַגנדיק, ווי געווייגלעך, די יידן־אָפּצייכענונג, האָט ער זיך פאַר די דייטשישע אַגענטן אויסלעגיטימירט מיט דעם פאַלשן אַרישן דאָקומענט, וועלכן ער האָט געהאַט מיט זיך. די אַגענטן האָבן אָבער געוואָלט ער זאָל זיי אָפּפירן צו זיך אין דער וווינונג. זייענדיק שוין נאָענט פון דער דאָזיקער וווינונג, האָט ער באַשלאָסן זיך מודה צו זיין, אַז ער איז אין דער אמתן אַ ייד און געפינט

זיך אויף דער אויסטויש־ליסטע. ער האָט עס געטאָן דערפאַר, ווייל אויף דעם דורך אים אָנגעוויזענעם אַדרעס האָט געוווינט דער מענטש, אויף וועמעס נאָמען ווערבער האָט געהאָט אויסגעשטעלט זיין אַרישן פּאַס. וואָלט זיך אַזוי אַרום אַרויסגעוויזן, אַז זיין פּאַס איז אַ פאַלשער. די אַגענטן האָבן אים דעריבער אָוועקגעפירט אין דער מיליטערישער קאָמענדאַנטור.

היות אָבער די דייטשישע מיליטערישע קאָמענדאַנטור האָט זיך אין דעם פאַל אינטערעסירט בלויז מיט בעלגיער־קריסטן, וועלכע זיי האָבן אָוועקגעשיקט קיין דייטשלאַנד אויף צוואַנגס־אַרבעט, האָבן זיי ווערבערן אײַבערגעשיקט אין דער געשטאַפּאָ, וואָס האָט געלויערט אויף יידן. דאָרט האָט מען נאָכקאָנטראָלירט צי ווערבער איז טאָקע אויף דער אויסטויש־ליסטע. געפינענדיק אין דער רשימה זיין נאָמען, האָט מען אים תיכף באַפרייט. ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז קיין איין מענטש, וועלכער האָט זיך געפונען אויף דער אויסטויש־ליסטע פון יידן, נישט אויסגעטוישט געוואָרן, אָבער אַלע האָבן זיך אַ דאַנק דער דאָזיקער ליסטע געראַטעוועט.

# האָלאַנד

די באַפעלקערונג פון האָלאַנד (נידערלאַנד) האָט געציילט איבער ניין מיליאָן איינוווינער, צווישן זיי 214.000 יידן. אין אַמסטערדאַם אַליין האָבן געוווינט איבער 70.000 יידן.

נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד, און מיטן אייג־פירן די אַנטי־יידישע געזעצן, איז די יידישע באַפעלקערונג פון האָלאַנד שטאַרק פאַרגרעסערט געוואָרן. יידישע פליטים פון דייטשלאַנד, ווי אויך פון אַנדערע אייראָפּעיִשע לענדער, וואָס היטלער האָט אָקופּירט, האָבן מאַסנווייז אָנגעהויבן צו שטראָמען איבער די גרענעצן פון האָלאַנד.

די יידן־פליטים זענען דאָרט אויפגענומען געוואָרן אָן שום שוועריקייטן. אַ גרעסערע צאָל יידישע פליטים זענען אָנגעקומען אַהין אויך פון דער פריישטאָט דאַנציג — נאָך פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. די פיל טויזנטער צוגעוואַנדערטע יידן האָבן געהאָפט איבערצו־לעבן אין האָלאַנד די מלחמה־זאַווערוכע. די מערהייט פליטים, וועלכע האָבן זיך געפונען אין האָלאַנד האָבן געדאַרפט עמיגרירן קיין אַמעריקע. זיי האָבן שוין אַפילו געהאַט די אַזוי גערופענע אַמעריקאַנער קוואָטע־נומערן, די איבעריקע האָבן געוואַרט אויף פאַפּירן פון אַנדערע לענדער — ווייט פון דער קריגפירנדיקער אייראָפּע.

די פיל וויניק רעלאַטיוו־רויִקע צייט אין גאַסטפריינדלעכן האָלאַנד איז אָבער די יידן־פליטים, פּונקט ווי די איינגעבוירענע האָלענדישע יידן און אויך דער גאַנצער האָלענדישער באַפעלקערונג, לאַנג נישט געווען באַשערט.

דעם 10טן מאַי 1940 איז האָלאַנד באַפאַלן געוואָרן דורך די דייטשישע אַרמייען, און נישט געקוקט אויף דעם העלדישן ווידערשטאַנד, וואָס די האָלענדער האָבן געשטעלט, איז דאָס לאַנד אַרונטערגעפאַלן אונטער דער ברוטאַלער נאַצישער אָקופּאַציע. די לאַגע פון דער האָלענדישער באַפעל־קערונג, בפרט פון דער יידישער, איז געוואָרן אומדערטרעגלעך. די דאָר־טיקע יידן האָבן געטיילט דעם גורל פון די יידן אין דייטשלאַנד און פון אַלע די דורך די דייטשן אָקופּירטע לענדער.

ביזן אויסברוך פון דער מלחמה האָבן, ווי געזאָגט, אין האָלאַנד גע־לעבט פיל טויזנטער פּליטים, וועלכע זענען אַהין אָנגעקומען פון אַנדערע לענדער, ווי אויך די פּליטים פון דער שיף „St. Louis" די דאָזיקע שיף איז, ווי באַוווסט, נישט אַריינגעלאָזט געוואָרן קיין קובאַ און אירע פּאַ־סאַזשירן האָבן נישט געקאָנט באַקומען אַזילרעכט אין די פאַראייניקטע שטאַטן, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס כמעט אַלע פּאַסאַזשירן פון דער שיף האָבן שוין געהאַט אַמעריקאַנער קוואָטע־נומערן.

צוליב דעם שטאַרקן ווידערשטאַנד, וואָס די האָלענדער האָבן גע־שטעלט די דייטשישע אָקופּאַנטן, און צוליב די כסדרדיקע סאַבאָטאַזש־אַקטן, וואָס זיי האָבן דורכגעפירט, האָט היטלער איבערגעגעבן הימלערן די אויפגאַבע „איבערצוזידלען" דריי מיליאָן האָלענדער קיין פּוילן — ווי אַ שטראָף פאַר זייער אַנטי־דייטשישער איינשטעלונג. די האָלענדער האָבן געזאָלט אַוועקגעשיקט ווערן אין לובלינער ראַיאָן פון פּוילן. לויטן אָנגעצייכנטן פּלאַן האָט דער גאַנצער לובלינער ראַיאָן געזאָלט אויסגע־ריייניקט ווערן פון דער דאָרטיקער פּוילישער באַפעלקערונג[55].

די דריי מיליאָן האָלענדער האָבן געדאַרפט איבערגעפירט ווערן לויט דעם פאָלגנדיקן פּלאַן: מענער און יונגע פרויען — צו פוס, די אַלטע לייט און קינדער — מיט דער באַן, אין פי־וואַגאָנען.

לויט דעם באַשלוס, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן דעם 1טן מאַרץ 1940, האָט הימלער געוואָלט דורכפירן דעם דאָזיקן פּראָיעקט ביז צום 20סטן אַפּריל 1941. דאָס האָט געזאָלט זיין אַ מתנה צו היטלערס גע־בוירן־טאָג.

דער „איבערזידלונג"־פּראָיעקט האָט געהאַט אַ טאָפּלטן ציל: ווי אַ

שטראָף־אַקציע פאַר די האָלענדער, וואָס היטלער און זיינע אַרויסהעלפער האָבן באַטראַכט ווי פאַררעטער פון דער גערמאַנישער ראַסע, ווי אויך — צו באַשטראָפן די פּאַליאַקן — דייטשלאַנדס אייביקע שונאים.

אויפן אַרט פון די אַרויסגעטריבענע האָלענדער האָט מען געזאָלט אַראָפּברענגען קיין נידערלאַנד (האָלאַנד) דייטשן און פאָלקס־דייטשן פון די אָקופּירטע לענדער; פון דער צווייטער זייט האָבן די היטלערלייט גע־וואָלט אַזוי אַרום אַרויסוואַרפן פון זייערע היימען דריי מיליאָן פּאַליאַקן און אויף זייער אַרט אַראָפּברענגען אַ פרעמדן עלעמענט, מיט אַ פרעמדער פאַר זיי שפּראַך און קולטור, און מיט דעם שאַפן צווישן די ביידע פעלקער אַנטאַגאָניזמען, וואָס זאָלן דערפירן צו צוזאַמענשטויסן.

די היטלערלייט האָבן געהאָלטן, אַז די פּאַליאַקן וועלן נישט מוחל זיין די האָלענדער דאָס אַרויסשטויסן זיי פון זייערע איינגעפונדעוועטע היימען און דאָס וועט דערפירן צו אַ שטענדיקן קאָנפליקט צווישן די צוויי פעלקער־גרופּעס. די פּאַליאַקן וועלן אָנהייבן אַ קאַמף קעגן די האָלענ־דישע איינוואַנדערער, און באין ברירה וועלן די האָלענדער, געפינענדיק זיך אויף אַ פרעמדן פאַר זיי באָדן, מוזן אָנקומען צו דער דייטשישער מאַכט און בעטן ביי זיי שוץ און הילף קעגן די אָנגרייפערישע פּאַליאַקן. מיט דעם האָבן די דייטשן געהאָפט „איבערצודערציִען" די האָלענדער און מאַכן פון זיי גוטע דייטשישע פּאַטריאָטן[56].

דער דיאַבאָלישער פּלאַן פון „איבערגרופּירן" די האָלענדער איז אָבער נישט צו שטאַנד געקומען אַ דאַנק גאַנץ אומדערוואַרטע פאַר די דייטשן געשעענישן, וואָס זענען אין דער זעלביקער צייט אַרויסגעשוווּמען מיט זייער אָנגרייפן יוגאָסלאַוויע. דער גאַנצער פּלאַן איז אָפּגערופן געוואָרן געציילטע טעג פאַר דעם 20סטן אַפּריל 1941, הגם די באַן־וואַגאָנען און דער נייטיקער עס־עס־אַפּאַראַט איז שוין געווען פולשטענדיק גרייט דורכ־צופירן די ברייט פאַרמאָסטענע איבערזידלונג־אַקציע.

כדי צו וויסן, וואָס פאַראַ מיינונג די דייטשן האָבן געהאַט וועגן די האָלענדער, איז כדאי צו ציטירן אייניקע זאַצן פון אַ רעדע, וואָס הערמאַן גערינג האָט געהאַלטן אין אַ שפּעטערדיקן פּעריאָד, בעת אַ צוזאַמענטרעף מיט די מיליטער־באַפעלמעכטיקטע פון די בענעלוקס־לענדער (דעם 6טן

אויגוסט 1942). גערינג האָט, צווישן אַנדערן, געזאָגט: „די האָלענדער זענען די איינציקע פאַררעטער פון אונדזער הייליקער זאַך... צי זיי געהערן צו דער גערמאַנישער ראַסע צי נישט, גייט מיך ווייניק וואָס אָן".

וואָס שייך די יידן אין האָלאַנד, האָבן זיי געדאַרפט דורכמאַכן אַ גאַנץ אַנדערן פּראָצעס פון אַ ספּעציעל פאַר זיי צוגעגרייטער „אויסוואַנדערונג". פאַר דעם דאָזיקן פּלאַן האָבן שוין געזאָרגט די נאַצישע פריינד, בראָש מיט דעם ד"ר אַרטור סעיס־אינקוואַרט, וועלכן מיר האָבן געהאַט דערמאָנט אין שייכות מיט די פּערציק טויזנט יידן פון עסטרייך, וועלכע ער האָט, דורך דער פאַרמיטלונג פון זיינע יידישע שליחים אין עוויאַן (דעם 6טן יולי 1938), געוואָלט פאַרקויפן קיין אויסלאַנד. סעיס־אינקוואַרט האָט געהאַט גענוג דערפאַרונג פון די דורך אים דורכגעפירטע יידן־אַקציעס אין ווין. נאָכן אַקופּירן האָלאַנד, איז ער דורך היטלערן באַשטימט געוואָרן אויפן אַמט פון רייכסקאָמיסאַר פון האָלאַנד. ער איז טאַקע געווען דער, וואָס האָט אויסגעפּלאַנירט די דעפּאָרטאַציעס פון די האָלענדישע יידן[57].

די ערשטע אַנטי־יידישע מאָסמיטלען אין האָלאַנד האָבן זיך אָנגעהויבן אין חודש אָקטאָבער 1940. קודם כל זענען דורך דעם האָלענדישן נאַצי־פירער א. א. מוסערט באַזייטיקט געוואָרן פון דער נאַצי־פּאַרטיי די האָלענדישע יידן, וועלכע זענען צוגעשטאַנען צו דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין האָלאַנד, אָנהייבנדיק פון יאָר 1935. אָבער דאָך זענען די דאָזיקע געוועזענע „נאַצי־יידן" געווען פּריווילעגירט און מען האָט זיי גערופן „מוסערט־יידן". כמעט אַלע פון זיי האָבן איבערגעלעבט די מלחמה אין פאַרשידענע לאַגערס. דער רוב פון די רענעגאָטן האָט געשטאַמט פון אַמסטערדאַם.

דעם 27סטן אויגוסט 1941 איז דורך די דייטשן פאַראָרדנט געוואָרן אַ רעגיסטראַציע פון אַלע האָלענדישע יידן. צו דער רעגיסטראַציע האָבן זיך געמאָלדן 160.820 יידן. אין דער דאָזיקער צאָל גייען שוין אַריין 20.268 האַלב־ און פערטל־יידן. אינטערעסאַנט, אַז דעם נאַצי־פירער מוסערטס נאָענטסטער מיטאַרבעטער, און ווי מען האָט אים גערופן „געבעלס פון האָלאַנד" — מאַקס בלאָקזיל, איז אַליין געווען אַ פערטל־ייד, דורך

זיין יידישער באָבע, חנה היימאַנס. ער האָט זיך, פאַרשטייט זיך, נישט רעגיסטרירט...

עס זענען אין האָלאַנד אויפגעשטעלט געוואָרן פאַר יידן אייניקע אַר־בעט־לאַגערס, פון וועלכע עס האָט זיך „באַרימט" געמאַכט דער לאַגער עלעקאָם, אָדער, ווי מען האָט אים גערופן „פּאַלעסטינע". דאָרט איז געווען אַן עס־עס־באַזע און פּאָליציישול, וווּ מען האָט געלערנט די האָלענדישע עס־עס־לייט די מלאכה ווי אַזוי זיך צו באַגיין מיטן יידן. פון דאָרט האָט מען די נאָך ביים לעבן איבערגעבליבענע יידן, אָוועקגעשיקט קיין וועס־טערבאָרק. דער דאָזיקער קאָנצענטראַציע־לאַגער איז אויפגעשטעלט געוואָרן צוזאַמען מיט די אַנדערע קאָנצענטראַציע־לאַגערס ווּגט, אַמערספאָרט און באַרנעוועלד.

אין וועסטערבאָרק זענען דורכגעגאַנגען אַן ערך 20.000 יידן. יעדע וואָך זענען פון דאָרט דעפּאָרטירט געוואָרן „אויף מזרח" גרעסערע טראַנס־פּאָרטן יידן[58].

אין דעם לאַגער ווּגט זענען געווען אינטערנירט 13.000 יידן. פון דעם דאָזיקן לאַגער, להיפּך צו די אַנדערע, איז קיין איין ייד נישט גע־שיקט געוואָרן צום אויסטויש. די מערהייט יידן פון דעם דאָזיקן לאַגער זענען געווען באַשטימט פאַר סטעריליזאַציע, אָדער „דעפּאָרטאַציע" — ד"ה צו אויסראָטונג. געהייסן האָט עס, אַז די סטעריליזאַציע קומט פאַר אויף אַ פרייוויליקן אופן.

דער רייכסקאָמיסאַר ד"ר סעיס־אינקוואַרט האָט צוגעגרייט אַ פּלאַן צו סטעריליזירן אַלע האָלענדישע יידן. צו דעם צוועק איז ביי דער דייטשי־שער זיכערהייטס־דינסט אין האָלאַנד, בראש פון וועלכן עס איז געשטאַ־נען ה. א. ראַוטער און פ. ה. אַוס־דער־פינטען, געשאַפן געוואָרן אַ ספּע־ציעלע מעדיצינישע קאָמיסיע, בראש מיט דעם עס־עס־שטורמבאַנפירער ע. וו. מאַיער. קודם כל האָט זיך מאַיער געווענדט צום דאָרטיקן יודענראַט מיט אַ פאָרשלאָג דורכצופירן אין יודענראַט די רעגיסטראַציע פון פרייווי־ליקע פאַר דער סטעריליזאַציע.

די דייטשן האָבן געוואָלט, אַז די סטעריליזאַציע זאָלן דורכפירן די

יידן אַליין, ווי אויך האַלענדישע דאָקטוירים. אָבער סיי דער יודענראַט, סיי דאָס יידישע און האַלענדישע דאָקטוירים־פּערסאָנאַל האָבן זיך אָפּגע־זאָגט צו באַטייליקן אין דער פּרשה: „פרייוויליקע סטעריליזאַציע". אָן אויסנאָם איז געווען אַ האַלענדישער דאָקטער, אַ מיטגליד פון דער דאָר־טיקער נאַצי־פּאַרטיי. די סטעריליזאַציע איז דורכגעפירט געוואָרן דורך דייטשישע דאָקטוירים פון דער עס־עס און ווערמאַכט, אין דריי שפּיטע־לער. כדי צו געווינען, בעסער געזאָגט: אַריינצונאַרן זייערע קרבנות, האָבן די דייטשן צוגעזאָגט די סטעריליזירטע יידן גרויסע פּריווילעגיעס. אין דער פּראַקטיק האָט עס אָבער אַנדערש אויסגעזען. אַ סך פון זיי האָט מען דעפּאָרטירט אָדער אומגעבראַכט אויפן אָרט. דער באַשלוס פון סטע־ריליזאַציע איז אָנגענומען געוואָרן דעם 5טן מאַי 1943.

יידן, וועלכע האָבן געהאַט ארץ־ישראל־סערטיפיקאַטן מיט די געהע־ריקע נומערן, זענען (יעדנפאַלס פון אָנהייב) נישט דעפּאָרטירט געוואָרן. דאָקעגן די יידן, וועלכע האָבן געהאַט בלויז פּאַטאַקאַפּיעס פון אויסלענ־דישע דאָקומענטן, האָבן מיט דער צייט פאַרלוירן זייער ווערט. מען האָט זיך נישט גערעכנט מיט זייער סטאַטוס און זיי זענען שפּעטער אויך דע־פּאָרטירט געוואָרן, להיפך צו די, וועלכע האָבן שוין געהאַט דרום־אַמע־ריקאַנער דאָקומענטן. זיי זענען דורך די דייטשן יאָ אָנערקענט געוואָרן.

אין דער ערשטער תקופה פונעם אויסטויש האָבן יידן, וועלכע האָבן געהאַט די מעגלעכקייט אַרויסצופאָרן קיין אויסלאַנד לעגאַל — אגב אַ גאַנץ קליינע צאָל — געמוזט איינצאָלן אַ גענוג הויכן פּרייז, כדי צו באַקומען פון דער דייטשישער מאַכט די אַרויספאָר־דערלויבעניש. פאַר אַזאַ דערלויבעניש האָבן זיי גענומען אויסקויפגעלט אין דער פאָרעם פון ווערטזאַכן און בריליאַנטן, אויף אָן אַלגעמיינער סומע פון איבער 25.000 שווייצער פראַנקן. ווער עס האָט זיך געקאָנט דערלויבן צו באַצאָלן אַזאַ סומע האָט געהאַט די מעגלעכקייט אַרויסצופאָרן לעגאַל קיין אויסלאַנד, באַקומענדיק דעם אַזוי גערופענעם „גערינג־שטעמפּל" אָדער אַ „סעיס־איג־קוואַרט־שטעמפּל".

דער עווענטועלער אויסטויש פון האָלענדישע יידן אויף דייטשישע קריגס־ און ציוויל־געפאַנגענע, וועלכע האָבן זיך געפונען אין אַ דייטש־

פײַנטלעך לאַנד, האָט, לויט אַ דײַטשישער פאַראָרדענונג, געקאָנט פאַרקומען אויף דער באַזע פון פּערציק דײַטשן פאַר איין ייִד.

אַן אויסנאַם איז נאָר געמאַכט געוואָרן פאַר 370 ספרדישע, אַזוי גערופענע פּאָרטוגעזישע ייִדן, פון שפּאַנישן אָפּשטאַם, וועלכע זענען גע־בוירן געוואָרן אין האָלאַנד. זיי זענען באַפרײַט געוואָרן פון צוואַנג־סטע־ריליזאַציע, פון דעפּאָרטאַציע און פונעם אָפּצאָל ביים אַרויספאָר פון לאַנד — לויט דעם הסכם, וואָס איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן צווישן דער שפּאַנישער פראַנקאָ־רעגירונג און היטלער־דײַטשלאַנד. אַ קליינע גרופּע ספרדישע ייִדן, וועלכע האָבן נישט באַוויזן אַרויסצופאָרן צום אויסטויש, זענען אין יאָר 1944 אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין אוישוויץ.

אַ גרופּע האָלענדישע ייִדן האָט מען אַוועקגעשיקט אין דעם פּריי־ווילעגירטן לאַגער, אין דער אַזוי גערופענער ייִדנשטאָט, טערעזיענשטאָט. לרוב זענען דאָס געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך געפונען אין לאַגער וועסטערבאָרק. אַ טייל פון די דאָזיקע ייִדן האָבן אָנהייב 1944 באַקומען צוגעשיקט פון ארץ־ישראל וועטעראַן־סערטיפיקאַטן.

די איבעריקע האָלענדישע ייִדן (ביי 4.000), וואָס זענען נישט דע־פּאָרטירט געוואָרן אויף „מזרח״, האָט מען אַוועקגעשיקט „צום אויסטויש״ קיין בערגען־בעלזען, ווּ עס איז אײַנגעאָרדנט געוואָרן אַ ספּעציעלע האָ־לענדיש־ייִדישע אָפּטיילונג. צווישן די געבראַכטע אַהין זענען געווען מענטשן, וועלכע האָבן געהאַט פּאַפּירן פון פּערו, פּאַראַגוויי, האָנדוראַס, סאַן־סאַלוואַדאָר און עקוואַדאָר. אין דעם דאָזיקן „האָלענדישן״ לאַגער זענען אויסגעשטאָרבן פון הונגער און אויסשעפּונג ביז 70 פּראָצענט ייִדן.

אומקערנדיק זיך צו די נישט האָלענדישע ייִדן, וועלכע האָבן ביז צו דער אָקופּאַציע געפונען אַ וואַרעמען מקום־מקלט אין גאַסטפרײַנדלעכן האָלאַנד, איז כדאי צו פאַרצייכענען דעם פאַקט, אַז דאָרט האָבן אַ גרע־סערע צאָל ייִדן, וועלכע זענען געקומען פון דער פרײַשטאָט דאַנציג, זיך באַמיט צו באַקומען אויסלענדישע דאָקומענטן און אויך פּאַלעסטינער סער־טיפיקאַטן.

דעם 20סטן מאַרץ 1943 האָט דער רעפעראַט פאַר ייִדישע ענינים ביי דער געשטאַפּאָ אין האַג אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג וועגן 8.000 האָ־

לענדישע יידן, וועלכע האָבן געהאַט קריסטלעכע פרויען. מען האָט זיי געגעבן די ברירה אויסצוקלייבן: לאָזן זיך סטעריליזירן אָדער דעפּאָרטירט צו ווערן אויף „מזרח".

דעם 5טן מאַי 1943 האָט דער שעף פון „סיפּאָ" (זיכערהייטס־פּאָליציי) און עס־דע, אין האָלאַנד — ד"ר ווילהעלם האַרסטער, מודיע געווען אייכמאַנס פאַרשטייער אין האָלאַנד, עס־עס־שטורמבאַנפירער ווילהעלם צעפּף, אַז עס האָט זיך אָנגעהויבן די צוואַנג־סטעריליזאַציע פון האָלענדישע יידן אין דעם אינטערנירונג־לאַגער וווגט.

דעם 28סטן יוני 1943 האָט דער רייכסקאָמיסאַר פאַר האָלאַנד, סעיס־אינקוואַרט, אַרויסגעגעבן ווייטערדיקע פאַרשריפטן אין שייכות מיט דער סטעריליזאַציע פון האָלענדישע יידן.

דעם 1טן אָקטאָבער 1943 האָט דער שוועדישער אַמבאַסאַדאָר אין בערלין אינטערווענירט אין שייכות מיט דער צוואַנג־סטעריליזאַציע, אין דער אָפּטיילונג פאַר סקאַנדינאַווישע לענדער, אינעם דייטשישן אויסערן־מיניסטעריום. די אינטערווענץ האָט נישט געגעבן קיין שום רעזולטאַט. די סטעריליזאַציע איז ווייטער אָנגעגאַנגען.

די אוממענטשלעכע באַציִונג פון דער דייטשישער אָקופּאַציע־מאַכט צו די האָלענדישע יידן האָט, ווי מיר וועלן עס זען אויך ווייטער, געפונען אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג ביי דער שוועדישער אַמבאַסאַדע אין בערלין, וואָס האָט פאַרטראָטן די האָלענדישע אינטערעסן אין דייטשלאַנד.

שוין אין יאָר 1941, אָנהייב נאָוועמבער, האָט ל. ר. ראַדעמאַכער פון דייטשישן אויסערן־מיניסטעריום אָוועקגעשיקט אַ שטרענג־געהיימען בריוו צום עס־עס־אָבערגרופּענפירער מילער, פון רייכס־הויפּטזיכערהייטס־אַמט, אין וועלכן ער בעט אים באַלד צו ענטפערן אויף די נאָטעס פון דער שוועדישער געזאַנדשאַפט [59].

אין מילערס ענטפער, פונעם 5טן נאָוועמבער 1941, לייענען מיר, אַז אין די חדשים פון פעברואַר ביז יוני 1941 זענען אָוועקגעפירט געוואָרן אין דייטשישע קאָנצענטראַציע־לאַגערס 660 האָלענדישע יידן. מען האָט מודיע געווען דעם יודענראַט אין אַמסטערדאַם, אַז „פון דער דאָזיקער צאָל זענען ביז צום חודש נאָוועמבער געשטאָרבן איבער 400 יידן. זיי זענען

געשטאָרבן אין פאַרשידענע דאַטעס. עס האַנדלט זיך דאָ לרוב וועגן יונגע מענער".

די שוועדישע געזאַנדשאַפט האָט זיך אייניקע מאָל געווענדט צום דייטשישן אויסערן־מיניסטעריום מיט דער בקשה צו דערלויבן זייערס אַ פאַרשטייער צו באַזוכן די לאַגערס פון די האָלענדישע יידן. אַזאַ דערלויבעניש האָבן זיי נישט באַקומען.

„...היות אָבער שוועדן פאַרטרעט די אינטערעסן פון דייטשלאַנד אין פיינטלעכן אויסלאַנד — האָט ראַדעמאַכער ווייטער געשריבן אין זיין בריוו צו מילערן — איז די באַהאַנדלונג פון דעם ענין נישט באַקוועם און גאַנץ אומאַנגענעם פאַר דייטשלאַנד. עס איז פאַראַן אַ געפאַר, אַז דאָס קאָן זיך אָפּשלאָגן זייער נישט געוווּנטשן אויף די דייטשישע אינטערעסן אין אויסלאַנד, וואָס ווערן פאַרטראָטן דורך שוועדן.

„כדי אין דער צוקונפט צו פאַרמיידן אַזעלכע צווישנפאַלן, איז נייטיק, אַז די פאַרהאַלטענע [האָלענדישע יידן — י. ט.], וועלכע געפינען זיך אין די דורך די דייטשן אָקופּירטע געביטן, זאָלן נישט אָוועקגעשיקט ווערן קיין דייטשלאַנד. אַזוי אַרום וועלן זיי נישט אַרונטערפאַלן אונטערן שוץ פון דער שוועדישער געזאַנדשאַפט. עס איז געוווּנטשן, אַז ביים אָנגעבן וועגן די טויטפאַלן פון האָלענדישע יידן, זאָל מען נישט דערמאָנען די דאַטעס". — אַזוי האָט געעצהט דאָס דייטשישע אויסערן־מיניסטעריום.

אין גרונט גענומען האָט דאָס דייטשישע אויסערן־מיניסטעריום געטיילט דעם זעלביקן שטאַנדפּונקט ווי דאָס רייכס־זיכערהייטס־הויפּטאַמט [געשטאַפּאָ — י. ט.]. מיט דעם האָט דאָס דייטשישע אויסלאַנד־מיניסטעריום סאַנקציאָנירט די רעפּרעסיע־מאָסמיטלען קעגן די יידן, וועלכע זענען, לויט זייער מיינונג, געווען די הויפּטשולדיקע פון די אומרוען אין האָלאַנד.

די אינטעלעקטועלע וועלט אין האָלאַנד איז שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן די אַנטי־יידישע מאָסמיטלען, וואָס זענען אָנגענומען געוואָרן דורך די דייטשן. די גרעסטע קירכעס אין האָלאַנד האָבן פּראָטעסטירט קעגן די אַנטי־יידישע אַרויסטרעטונגען.

די האָלענדישע אַרבעטערשאַפט האָט אויך שאַרף פּראָטעסטירט קעגן דער אוממענטשלעכער באַהאַנדלונג פון זייערע יידישע מיטבירגער, און

לסוף, ווי אַ צייכן פון סאָלידאַריטעט, דערקלערט דעם 15טן פעברואַר 1941 אַ גענעראַל־שטרייק אין אַמסטערדאַם. בעת אַ דייטשישער אַקציע קעגן יידן איז אַפילו דערגאַנגען צו אַ קאַמף צווישן די אַרבעטער און די דייטשן. אַ גרויסער טייל פון דער האָלענדישער באַפעלקערונג האָט, סאָלידאַרי־זירנדיק זיך מיט די יידן, אויך אָנגעטאָן די געלע לאַטע, וואָס איז באַ־שטימט געוואָרן פאַר יידן.

דער אויפברויז קעגן דער דייטשישער אָקופּאַציע־מאַכט מצד דער האָלענדישער קריסטלעכער באַפעלקערונג, וועלכע האָט אַרויסגעוויזן סאָ־לידאַריטעט מיט די יידן, האָט באַוויגן דעם רייכסקאָמיסאַר סעיס־אינ־קוואַרט אַרויסצוטרעטן מיט אַ וואָרענונג צום האָלענדישן פאָלק. ער האָט, צווישן אַנדערן, געזאָגט: „מיר באַטראַכטן נישט די יידן ווי אַ באַשטאַנד־טייל פון האָלענדישן פאָלק. די יידן זענען די שונאים פון נאַציאָנאַל־סאָ־ציאַליסטישן רייך.

„...מיר וועלן שלאָגן די יידן ווו נאָר מיר וועלן זיי טרעפן, און ווער עס וועט זיי שטיצן, וועט טראָגן די קאָנסעקווענצן. דער פירער האָט דער־קלערט, אַז די יידן אין אייראָפּע האָבן זייער ראָל אויסגעשפּילט... דאָס האָלענדישע פאָלק שטייט פאַר אַן אויסוואַל: אָדער גיין צוזאַמען מיט דעם דייטשישן פאָלק אָדער שטעלן זייער גורל אין שפּיל, צוליב די יידן[60].

די אַלגעמיינע צאָל דעפּאָרטירטע יידן איז געווען 94.000, פון וועלכע עס זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן אין די גאַזקאַמערן פון סאָביבאָר 34.000 און קיין אוישוויץ — 60.000 יידן. פון די איבערגעבליבענע האָלענדישע יידן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן 20.000, פון וועלכע עס זענען אַנטדעקט און אומגעבראַכט געוואָרן בערך 10.000 יידן.

אַרום און אַרום זענען אומגעקומען 75 פּראָצענט פון אַלע יידן אין האָלאַנד.

# לוקסעמבורג

לוקסעמבורג איז די דריטע און קלענסטע פון די בענעלוקס־מדינות, אויך זי איז נישט געשוינט געוואָרן פון די נאַציס און זי איז פאַרנומען געוואָרן אין דער זעלביקער צייט, וואָס די איבעריקע צוויי בענעלוקס־לענדער (דעם 10טן מאַי 1940).

אויף אַ באַפעלקערונג פון 290 טויזנט איינוווינער, האָט לוקסעמבורג געהאַט די קלענסטע צאָל יידן: אַרום 1.000. די גרעסטע מערהייט פון זיי האָבן געוווינט אין דער הויפּטשטאָט לוקסעמבורג. ערשט אין יאָר 1935 האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען אַהין יידישע פּליטים פון דייטשלאַנד און די יידישע באַפעלקערונג איז אַזוי אַרום פאַרגרעסערט געוואָרן ביז 3.144 נפשות.

סוף נאָוועמבער 1940 האָבן די דייטשן געוואָלט אַריבערפירן 287 יידן פון לוקסעמבורג אין דער נישט אָקופּירטער זאָנע פון פראַנקרייך. דער ציל זייערער איז געווען אַ קלאָרער: פון דאָרט וועט זיי זיין לייכטער דורכצופירן די דעפּאָרטאַציע. די לוקסעמבורגער מאַכט האָט זיך אָבער שטאַרק אַנטקעגנגעשטעלט דעם דאָזיקן פּלאַן און עס איז זיי געלונגען אויף אַ געוויסער צייט אָפּצוהאַלטן די דעפּאָרטאַציע פון די לוקסעמבורגער יידן. די דאָרטיקע רעגירונג האָט זיך אויך באַמיט, ווי ווייט מעגלעך, אָפּצושוואַכן די גזירות קעגן זייערע יידישע מיטבירגער, וואָס עס איז זיי נאָר געלונגען אין משך פון אַ קורצער צייט פון דער אָקופּאַציע. דעריבער זענען די פאַרלוסטן פון די לוקסעמבורגער יידן, אין דער ערשטער תקופה, געווען פּראָצענטועל אַ קלענערע.

דער סך־הכל איז געווען אַזאַ: אין די יאָרן 1940—1941 האָבן די דייטשן דעפּאָרטירט פון לאַנד 700 לוקסעמבורגער יידן, דער עיקר —

קיין דראַנסי (פראַנקרייך). אין די יאָרן 1941—1942 איז אוועקגעשיקט געוואָרן אַ ווייטערדיקער טראַנספּאָרט, וואָס איז באַשטאַנען פון 723 לוקסעמבורגער יידן — דאָס מאָל דירעקט קיין אוישוויץ און אַנדערע קאָנצענטראַציע־לאַגערס. פון דער דאָזיקער צאָל האָבן זיך געראַטעוועט און איבערגעלעבט די מלחמה בלויז 35 יידן.

אַ סך פון די יידן אין לוקסעמבורג איז פון אָנהייב געלונגען אויסצוּוואַנדערן אין די נישט־אָקופּירטע געביטן פון פראַנקרייך אָדער מעבר־לים. אין שפּעטערדיקן פּעריאָד, ווען די דייטשן האָבן אָנגעהויבן זייערע ברוטאַלע אַקציעס קעגן יידן, האָט די דאָרטיקע קריסטלעכע באַפעלקערונג אַרויסגעוויזן זייערע יידישע לאַנדסלייט גרויסע הילף, ביים אויסבאַהאַלטן זיי און ביים אַריבערפירן זיי איבער די גרענעצן פון לאַנד.

לויט דער סטאַטיסטיק, וואָס יעקב לעשטשינסקי האָט דורכגעפירט אין זיין אויספירלעכער אַרבעט „בילאַנס פון דער עקסטערמינאַציע״[61], איז דער פּראָצענט פון די דעפּאָרטירטע און אומגעבראַכטע יידן פון די לענדער אין בענעלוקס געווען אַ סך קלענער ווי, למשל, אין פוילן, לעטלאַנד, ליטע און יוגאָסלאַוויע.

אין פוילן זענען בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע דערמאָרדעט געוואָרן 87,7 פּראָצענט יידן; אין לעטלאַנד — 84,2%; אין ליטע — 86,6%; אין יוגאָסלאַוויע — 73,3% פון דער יידישער באַפעלקערונג.

# דענעמאַרק

אין אַ צייט ווען ברוטאַלער כוח און רשעות האָט דאָמינירט, ווען פרייע פעלקער האָבן פאַרלוירן זייער מענטשלעכן פּרצוף און גלייכגילטיק זיך צוגעקוקט, ווי דאָס יידישע פאָלק אין אייראָפּע גייט אָפּ אין בלוט, מוז אַרויסגעשטעלט ווערן ווי אַ מוסטער פון גרויסער מאָראַלישער דערהויבנ־קייט די איינציקאַרטיקע האַלטונג פון דעם קליינעם, אָבער העלדישן דענישן פאָלק — אַ פאָלק, וואָס האָט אַליין געמוזט קעמפן פאַר זיין אומאָפּהענ־גיקייט און קיום. דאָס דענישע פאָלק האָט זיך פאַרמאָסטן אין קאַמף קעגן דער גיגאַנטישער טעוטאָנישער קריגסמאַשין.

נישט געקוקט אויף דעם נישט־אַגרעסיע־פּאַקט, וואָס היטלער־דייטש־לאַנד האָט געשלאָסן מיט דענעמאַרק, איז זי, דעם 9טן אַפּריל 1940, באַ־פאַלן דאָס פרידלעכע דענישע פאָלק. הגם פאַקטיש אונטער דער דייטשי־שער אָקופּאַציע, האָט די מדינה דענעמאַרק נאָך איבער דריי יאָר (ביז אויגוסט 1943) געהאַט די מעגלעכקייט צו געניסן פון געוויסע פרייהייטן אינעם אינערלעכן לעבן פון לאַנד און האָט נאָך נישט אין גאַנצן פאַרלוירן די זעלבשטענדיקייט פון אַ סוווערענער מדינה. אָבער שוין אין נאָוועמבער 1941 איז דענעמאַרק געצוווּנגען געוואָרן דורך אירע היטלעריסטישע אַפּוטרופּסים צוצושטיין צו דעם אַזוי גערופענעם אַנטי־קאָמינטערן־פּאַקט, וואָס זיי האָבן געשאַפן.

די באַפעלקערונג פון דעם קעניגרייך דענעמאַרק האָט ביים אויסברוך פון דער מלחמה, אין יאָר 1939, געציילט אַן ערך פיר מיליאָן איינוווינער. אין דער דאָזיקער צאָל זענען שוין אַריינגערעכנט די 7.700 יידן, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען 1.376 פּליטים פון דייטשלאַנד, וועלכע זענען אָנגעקומען קיין דענעמאַרק נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט, ווי אויך — פּליטים פון אַנדערע לענדער.

אין דענעמאַרק זענען אויך געווען 500 יידישע פּליטים — יוגנט־גרופּעס פון טשעכאָסלאָוואַקיע — וועלכע האָבן דאָרט געאַרבעט ביי פּאַר־מעריי. די דאָזיקע חלוצים האָבן געוואַרט אויף סערטיפיקאַטן, כדי צו קאָנען אָפּפאָרן קיין ארץ־ישראל.

די מערהייט יידן אין דענעמאַרק האָבן געוווינט אין קאָפּענהאַגען, אָדער, ווי מען האָט די שטאָט גערופן: קאָפּענהאַווען.

דענעמאַרק האָט געהערט צו די געציילטע מלוכות, וועלכע האָבן זיך נישט אונטערגעגעבן דעם ברוטאַלן כוח און כסדר באַקעמפט די אָקופּאַנ־טישע פאַראָרדענונגען.

ווען די דייטשן האָבן געוואָלט איינפירן אין קאָפּענהאַגען אַ געטאָ פאַר יידן און צווינגען זיי אָנצוטאָן די געלע לאַטע, האָט דער דענישער קעניג כריסטיאַן דער Xטער איינגעשטעלט זיך פאַר זיי און מודיע געווען די דייטשן, אַז אויב עס וועט פאַר די יידן איינגעפירט ווערן אַ געטאָ, וועט ער און זיין גאַנצע משפחה פאַרלאָזן דעם קעניגלעכן שלאָס און אַוועק אין געטאָ, כדי צו זיין צוזאַמען מיט די יידן. ער וועט אויך זיין דער ערשטער — האָט ער געמאָלדן — וואָס וועט אָנטאָן די געלע לאַטע, ווי אַן אויסדרוק פון סאָלידאַרישקייט און העכסטער אויסצייכענונג. די דאָזיקע אָנצוהערעניש האָט, משמעות, געווירקט אויף די דייטשן, און דער פּלאַן איינצופירן אין דענעמאַרק אַ געטאָ פאַר די יידן איז אָפּגערופן געוואָרן.

פון אָנהייב האָבן די דייטשן נאָך נישט געפאָדערט פון דער דענישער רעגירונג אַרויסצוגעבן זיי די יידישע פּליטים פון דייטשלאַנד און פון די אַנדערע דורך זיי אָקופּירטע מדינות. צו דעם און צו די אַנדערע אַנטי־יידישע אַרויסטרעטונגען איז געקומען שפּעטער.

פון די דאָקומענטן, וואָס זענען פאַרבליבן פון יענער תקופה, זעט מען, אַז אין דענעמאַרק האָבן זיך אין דער לייזונג פון דער יידן־פראַגע באַטיי־ליקט גאַנץ אַקטיוו נישט נאָר די עס־עס־לייט, נאָר אויך דאָס דייטשישע אויסערן־מיניסטעריום און די דייטשישע ווערמאַכט.

דעם 17טן סעפּטעמבער 1943 האָט דאָס דייטשישע אויסערן־מיניס־טעריום באַשלאָסן, אַז די יידן פון דענעמאַרק מוזן דעפּאָרטירט ווערן[62].

אין אַ שטרענג געהיימען בריוו האָבן זיי אַנגעפרעגט וועגן דעם ביי זייער פאָרשטייער און באַפולמעכטיקטן אין דענעמאַרק — ד"ר ווערנער בעסט (ספּעציאַליסט אין אויסערן־מיניסטעריום פאַר יידישע ענינים), וואָס איז פאַקטיש געווען דער איניציאַטאָר פון דעפּאָרטירן פון דענעמאַרק די יידן. ער האָט באַקומען די הסכמה אויף דעם דירעקט פון אַדאָלף היטלער. בעסט איז געווען אַן עס־עס־בריגאַדע־פירער און מיניסטעריאַל־דירעקטאָר. ער האָט געהערט צו דער עליטע פון עס־עס־אָפיצירן.

כדי אָנצופירן מיט דער דעפּאָרטאַציע איז באַשטימט געוואָרן הימלערס פּערזענלעכער פאַרבינדונגס־אָפיציר — דער עס־עס־אָבערגרופּענפירער גאָטלאָב בערגער.

אין אַ טעלעגראַמע פון 23סטן סעפּטעמבער 1943 האָט דער פעלד־מאַרשאַל ווילהעלם קייטעל, הויפּטקאָמאַנדיר פון דער דייטשישער ווער־מאַכט, געמאָלדן וועגן דער דעפּאָרטאַציע פון די יידן דעם קאָמאַנדיר פון דער רייכסווער אין דענעמאַרק, גענעראַל פאָן האַנעקען. אַ טאָג פריער האָט דער שעף פון דייטשישן גענעראַל־שטאַב, אַלפרעד יאָדל, געמאָלדן אים וועגן דער דעפּאָרטאַציע פון די דענישע יידן און געהייסן צושטעלן צו דעם צוועק צוויי באַטאַליאָנען פעלד־פּאָליציי [63].

און דאָ דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז דער קאָמאַנדיר פון די דייטשישע כוחות אין דענעמאַרק, גענעראַל הערמאַן האַנעקען, האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט צוצושטעלן די דורך ווערנער בעסט געפאָדערטע פעלדפּאָליציי און זשאַנדאַרמען, וועלכע האָבן געדאַרפט העלפן די עס־עס־לייט דורכצופירן די יידן־אַקציע. דער דאָזיקער בונט פון דייטשישן גע־נעראַל האָט אַרויסגערופן אַ ווילדן כעס אין די הויכע נאַצישע קרייזן. עס איז דעלעגירט געוואָרן קיין קאָפּענהאַגען אייכמאַנס פאַרטרעטער פון פּרינץ אַלברעכט־שטראַסע אין בערלין (אָפּטיילונג IV־4B) — האַנס גינ־טער, ער זאָל זען, אַז די דעפּאָרטאַציע זאָל זיך אָנהייבן אין דער באַ־שטימטער צייט.

כדי צו באַזייטיקן די שוועריקייטן, וואָס זענען אַנטשטאַנען צוליב דעם אָפּזאָג פון גענעראַל פאָן האַנעקען, האָט הימלער ספּעציעל אַראָפּ־געשיקט קיין קאָפּענהאַגען אייכמאַנען. עס איז געקומען צו אַ שאַרפן

ווערטער־אויסטויש צווישן אים און גענעראַל האַנעקען. אייכמאַן האָט זיך געווענדט צו הימלערן מיט אַן אָנקלאַגע קעגן האַנעקען און געפּאָדערט צו באַזייטיקן דעם גענעראַל פון דענעמאַרק און צו באַשטראָפן אים פאַר סאַבאָטאַזש.

ווען דער קעניג כריסטיאַן דער Xטער האָט זיך דערוווּסט, אַז די דייטשן גרייטן צו אויפן 1טן אָקטאָבער 1943 אַ יידן־אַקציע, האָט ער איבערגעשיקט צום דייטשישן באַפולמעכטיקטן אין דענעמאַרק — ד״ר ווער־נער בעסט — אַ שאַרפע פּראָטעסט־נאָטע.

אין שייכות מיט דעם, זענען אין אייניקע שטעט פון לאַנד אויסגע־בראָכן אומרוען, אַנטי־דייטשישע דעמאָנסטראַציעס און אָנפאַלן אויף דייי־טשישע מיליטערלייט.

די דייטשן האָבן געשיקט אַן אולטימאַטום צו דער דענישער רעגירונג, וואָס איז אָבער אָפּגעוואָרפן געוואָרן דורך איר. ווי אַן ענטפער אויף דעם, האָבן די היטלערישע אָקופּאַנטן דערקלערט אויסנאַם־צושטאַנד און פאַ־נאַנדערגעלאָזט די רעגירונג און דעם פּאַרלאַמענט. אַזוי אַרום איז די גאַנצע הערשאַפט אין לאַנד איבערגעגאַנגען צו די דייטשן. דער קעניג איז אינ־טערנירט געוואָרן אין זיין פּאַלאַץ און דאָרט געהאַלטן געוואָרן ווי אַ קריגס־געפאַנגענער, נישט טאָרנדיק מער פאַרלאָזן דעם שלאָס.

באַלד נאָך דעם זענען די דייטשן צוגעטראָטן צו דער „לייזונג" פון דער יידן־פראַגע

ווען אין חודש סעפּטעמבער 1943 איז אָנגעקומען דער געהיימער באַפעל צום דייטשישן ממונה איבער דעם גאַנצן שיפוועזן אין דענעמאַרק, געאָרג פערדינאַנד פאָן דוקוויץ, ער זאָל צוגרייטן שיפן צו דעפּאָרטירן די יידן פון דענעמאַרק, האָט ער וועגן דעם גלייך מודיע געווען די פאַר־שטייער פון דער דענישער אונטערגרונד־באַוועגונג און זיי געוואָרנט קעגן דער געפאַר, וואָס עס דראָט די יידן אין דענעמאַרק. פאָן דוקוויץ האָט זיי אַפילו איבערגעגעבן די גענויע דאַטע ווען עס דאַרף פאָרקומען די דעפּאָרטאַציע.

אַזוי אַרום זענען, אַ דאַנק דוקוויצן, כמעט אַלע יידן פון דענעמאַרק אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון אַ זיכערן טויט. אין משך פון אַ גאַנץ קורצער

צייט זענען זיי דורך די דענער אַריבערגעפירט געוואָרן מיט שיפלעך קיין שוועדן, פון וואַנען עס איז אָנגעקומען די הסכמה אויפצונעמען די גראַ־טעוועטע יידן.

דער אָרגאַן פון דער דענישער אונטערגרונד־באַוועגונג האָט אין חודש אָקטאָבער 1943 אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף צום דענישן פאָלק און אויפ־געפאָדערט צו שטעלן די דייטשן אַ ווידערשטאַנד, צו ראַטעווען די יידן און אויסבאַהאַלטן די, וועלכע האָבן נישט באַוויזן צו אַנטלויפן קיין שוועדן.

דעם ערשטן אָקטאָבער 1943 איז געעפנט געוואָרן דער אינטערנירונג־לאַגער האָרעסרויד. די דייטשן האָבן אַראָפּגעבראַכט קיין דענעמאַרק אַן אָפּטיילונג קראַאַטישע עס־עס־סאָלדאַטן און עס האָט זיך אָנגעהויבן די יידן־אַקציע. די, וועלכע האָבן נישט באַוויזן זיך אויסצובאַהאַלטן פון דער דעפּאָרטאַציע אָדער אַוועק מיט די פישער־שיפלעך קיין שוועדן, זענען, בעת די זוכונגען, געבראַכט געוואָרן קיין האָרעסרויד. פון דעם דאָזיקן לאַגער זענען זיי אָפּגעשיקט געוואָרן אין דער אַזוי גערופענער יידנשטאָט טערעזיענשטאָט, וווּ עס האָבן זיך צו יענער צייט שוין געפונען אַן ערך 50.000 יידן פון דייטשלאַנד, האָלאַנד, עסטרייך און טשעכאָסלאָוואַקיע. די „יידנשטאָט" איז געשאַפן געוואָרן אין חודש נאָוועמבער 1941. דער דאָזיקער אינטערנירונג־לאַגער איז געווען באַשטימט אויסשליסלעך פאַר פּריווילעגירטע יידן.

פון דענעמאַרק האָט מען געבראַכט קיין טערעזיענשטאָט סך־הכל 466 יידן. זיי האָבן די גאַנצע צייט באַקומען צוגעשיקט פון דענעמאַרק שפּייזפּעקלעך און קליידער פון פאַרשידענע דענישע משפחות, נישט אויס־שליסנדיק די קעניגלעכע משפחה. פון אָנהייב זענען די פּעקלעך נישט דערגאַנגען צו זיי קיין טערעזיענשטאָט, אָבער אין אַ קורצער צייט אַרום זענען שוין אָנגעקומען די פּעקלעך, געשיקט דורכן רויטן קרייץ. אַ סך פּעקלעך זענען געשיקט געוואָרן אויך פון דענעמאַרק פאַר די טשעכישע און דייטשישע יידן.

דער פאָרשטייער פון די דענישע יידן אין טערעזיענשטאָט איז געווען דער ראַבינער ד"ר מ. פרידיגער.

בעת דער יידן־אַקציע, וואָס איז דורך די דייטשן דורכגעפירט געוואָרן

אין דענעמאַרק, איז זיי געלונגען צו כאַפּן בלויז 484 יידן, פון דעם: פון קאָפּענהאַגען — 202 יידן, און פון אַנדערע ערטער — 282 יידן.

מיט די שיפלעך, וואָס זענען דורכן דענישן פאָלק צוגעשטעלט געוואָרן פאַר דער רעטונגס־אַקציע, זענען אַריבערגעפירט געוואָרן קיין שוועדן 5.919 יידן, 1.301 האַלב־יידן און 686 קריסטן, וועלכע האָבן געהאַט יידישע פרויען און זיך נישט געוואָלט שיידן מיט זיי.

דעם 23סטן יוני 1944 האָט נאָך לאַנגע באַמיִונגען אַ דענישע קאָמיסיע באַזוכט דעם אינטערנירונג־לאַגער טערעזיענשטאַט.

52 דענישע יידן זענען געשטאָרבן אין טערעזיענשטאַט. די איבעריקע יידן זענען אויסגעטוישט געוואָרן קיין שווייץ. אַ דאַנק די באַמיִונגען פון שוועדישע דיפּלאָמאַטן איז געלונגען נאָך פאַרן פאַרענדיקן פון דער מלחמה, אַריבערצופירן די איבערגעבליבענע יידן פון טערעזיענשטאַט קיין שוועדן. צו דעם צוועק זענען אָנגעקומען קיין טערעזיענשטאַט גרויסע שוועדישע אויטאָבוסן פון רויטן קרייץ, געפירט דורך שוועדישע שאָפערן און זיי האָבן אַרויסגעפירט פון דאָרט די דענישע יידן.

## פראַנקרייך

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן אין יאָר 1939 האָבן אין פראַנקרייך געלעבט אַן ערך 400.000 יידן. אין דער דאָזיקער צאָל זענען שוין אַריינגערעכנט די טויזנטער יידישע פּליטים, וועלכע זענען אַהין געקומען, אָנהייבנדיק פונעם 1933 יאָר — נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד.

אין דער ערשטער תקופה פון דער דייטשישער אָקופּאַציע פון פראַנקרייך, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן דעם 10טן מאַי 1940, זענען דאָרט נישט אָנגענומען געוואָרן קיין דראַסטישע מיטלען קעגן יידן. דאָס האָט באַוויגן די יידן פון בעלגיע מאַסנווייז אַריבערצוגיין די גרענעץ קיין פראַנקרייך. די אַנטי־יידישע געזעצן האָבן זיך אָנגעהויבן אין פראַנקרייך אַ סך שפּעטער.

די בעלגישע קאָנסולן אין פראַנקרייך, לרוב אין פּאַריז, האָבן געהאָלפן זייערע בעלגישע יידן אין אַלע הינזיכטן. זיי האָבן אויסגעאַרבעט פאַר זיי פּעסער, צוגעטיילט זיי וויזעס קיין בעלגיש קאָנגאָ, שאַנכיי, סיאַם (טיילאַנד), ווענעזועלאַ, ניקאַראַגואַ, און פּאָרטוגאַל. קיין פּאָרטוגאַל האָט מען אָבער געקאָנט אַריינקומען נאָר דורך שפּאַניע, און דאָס איז אין יענער צייט נישט אָנגעקומען אַזוי לייכט. די שפּאַנישע רעגירונג האָט נאָך דעמאָלט נישט געהאַט אַרויסגעגעבן די בייטיקע אינסטרוקציעס זייערע קאָנסולן צו דערטיילן אַזעלכע וויזעס. דאָס איז געקומען אַ ביסל שפּעטער. האָט מען דערווייל געמוזט זיך אַריינשמוגלען אַהין אומלעגאַל, וואָס עס איז, אגב, געווען דער איינציקער מעגלעכער וועג אַריינצובאַקומען זיך קיין שפּאַניע. ערשט סוף אַפּריל 1941 איז געלונגען פאַר אַ גרעסערן

אַפּצאַל, וואָס די פאַרמיטלערס האָבן גענומען, אַרויסצובאַקומען די שפּאַ־נישע טראַנזיט־וויזע. טויזנטער מענטשן איז אַזוי אַרום דערמעגלעכט געוואָרן אויף אַזאַ אופן אַרויסצובאַקומען זיך פון פראַנקרייך.

פון דער שפּאַנישער מאַכט האָט מען נאָך געדאַרפט קריגן אַ רייזע־סערטיפיקאַט, כדי זיך אַרויפצובאַקומען אויף אַ שיף, פאַר דער ווייטער־דיקער נסיעה. אָן אַזאַ סערטיפיקאַט האָבן די ענגלענדער אַראָפּגענומען פון דער שיף אַלע מענער אין מיליטער־עלטער און זיי פאַרשפאַרט אין אַ לאַגער פאַר קריגס־געפאַנגענע.

דער הויפּטצענטער, ווו מען האָט זיך געקאָנט פאַרשאַפן אין פראַנק־רייך אַן אויסלענדישן פּאַס און אַ וויזע, איז געווען פּאַריז. עס האָבן, ווי שוין דערמאָנט, נישט געפעלט קיין פאַרמיטלערס, וואָס האָבן זיך עוסק געווען דערמיט. פון אָנהייב האָבן זיי פאַר אויסאַרבעטן אַ וויזע, זאָגן מיר, קיין קיראַסאָ, גענומען 2.000 פראַנק. דער פּרייז האָט אָבער געהאַלטן אין איין שטייגן און איז, מיט דער צייט, דערגאַנגען ביז 8.000 פראַנק. לרוב איז מען געלאָפן קיין שפּאַניע, איבער די פּירענייען.

אַ גאַנץ קליינע צאָל יידן האָבן געקריגן אַ דערלויבעניש אַוועקצופאָרן קיין ענגלאַנד, נאָך ווייניקער — קיין שווייץ.

פאַר אַריבערגיין די פראַנצויזישע גרענעץ האָבן די פאַרמיטלערס גע־נומען 5.000 פראַנק פון אַ מענטשן, כאָטש מען האָט געהאַט אָן אַרויס־פאַר־דערלויבעניש פון דער דייטשישער מאַכט [64].

אַ וויזע קיין דרום־אַמעריקע האָט מען געקאָנט קויפן אין פּאַריז פאַר 1.000 אַמעריקאַנער דאָלאַר. אַ וויזע אין די פאַראייניקטע שטאַטן, ווי אויך אַ שיף־קאַרטע — פאַר 10.000 דאָלאַר.

אַ סך יידן זענען אַנטלאָפן פון פראַנקרייך אין די דורך די דייטשן נישט אָקופּירטער זאָנע, וועלכע האָט זיך געפונען אונטער דער אַדמי־ניסטראַציע פון מאַרשאַל פּעטענס ווישי־רעגירונג, וואָס האָט קאָלאַבאָרירט מיט היטלער־דייטשלאַנד. דאָרט האָבן נאָך די יידן דערווייל געלעבט פריי און נישט אַרונטערגעפאַלן אונטער די אַנטי־יידישע געזעצן. דאָס איז גע־קומען אין אַ צייט אַרום.

מען איז אויך געלאָפן אין די דורך די איטאַליענער אָקופּירטע געביטן.

אין פראַנקרייך איז פאָרגעקומען אַן אויסטויש פון יידן מיט ארץ־ישראלדיקע פּאַפּירן אויף דייטשן פון ארץ־ישראל. אויך — יידן מיט דאָקומענטן פון אַנדערע לענדער. לרוב זענען די קאַנדידאַטן אויסגעטוישט צו ווערן געהאַלטן געוואָרן אין ערשטקלאַסיקע האָטעלן אין קוראָרט ווישעל. דאָרט האָבן זיך קאָנצענטרירט די מערהייט „אויסלענדער" — יידן און נישט־יידן. די, וועלכע זענען געווען באַשטימט צום אויסטויש, זענען געשטאַנען אונטער דער אויפזיכט פון אינטערנאַציאָנאַלן רויטן קרייץ, יעדן פאַלס — אינעם ערשטן פּעריאָד.

אויף דעם האָט זיך דער דייטשישער אַרמיי־קאָמאַנדיר אין פראַנקרייך באַקלאָגט אין אַ ווענדונג צו מאַרשאַל פּעטען[65].

ביזן חודש יולי 1942 איז כמעט אַלץ צוגעגאַנגען מער־ווייניקער נאָרמאַל, דאַן זענען אַריינגעטראָטן גרויסע ענדערונגען צום שלעכטן. אָבער שוין אין אויגוסט 1941 האָט אייכמאַנס פאָרשטייער אין פראַנקרייך און בעלגיע, דער עס־עס־אָבערשטורמפירער טעאָדאָר דאַנעקער אָנגעהויבן אויסצואיבן אַ דרוק אויף דער ווישי־רעגירונג איינצופירן אויך דאָרט אַנטי־יידישע געזעצן קעגן די אויסלענדער. די פראַנצויזישע יידן האָבן נאָך אַלץ גענאָסן פון דער שוץ פון די ווישי־אויטאָריטעטן.

אויב פון אָנהייב האָט די ווישי־רעגירונג נישט געמאַכט קיין שוועריקייטן פאַר יידן מיט אויסלענדישע דאָקומענטן אַריינצוקומען אין די נישט באַזעצטע דורך די דייטשן געביטן, און זיי האָבן דאָרט געפונען אַ מקום־מקלט קעגן דער דייטשישער פאַרפאָלגונג, האָט זיך די לאַגע ראַדיקאַל געענדערט זומערצייט 1942. אונטערן דרוק פון די דייטשן האָבן די ווישי־לייט אָנגעהויבן איינצופירן קעגן די אויסלענדישע יידן שאַרפע מאָסמיטלען. זיי האָבן דורכגעפירט יידן־אַקציעס און איבערגעגעבן אין רשות פון די דייטשן 5.000 יידן, נישט־פראַנצויזישע בירגער, וועלכע זענען איבערגעשיקט געוואָרן אין די גאַזקאַמערן פון אוישוויץ.

וואָס שייך דעם אויסטויש, האָט עס אויך אָנגעהויבן קאַליע צו ווערן. דער עס־עס־אָבערשטורמפירער טעאָדאָר דאַנעקער האָט, אין חודש יולי 1943, אין זיין באַריכט צו דער העכערער מאַכט אין בערלין, פאָרגעלייגט אָפּצושטעלן די עמיגראַציע פון די אייראָפּעישע יידן קיין פּאַלעסטינע,

מיט דעם אויסטויש פון די יידן האָט זיך פאַרנומען דער ספּעציעלער יידן־רעפעראַט, בראש פון וועלכן עס איז געשטאַנען דער עס־עס־אָבער־שטורמפירער האָפּעריכטער. ער איז געווען די גראָע עמינענץ פון געש־טאַפּאָ, פון דער אָפּטיילונג 4־VI B. ער האָט אַמטירט אין פּאַריז, אַוועני פאָש 74, און ער האָט דעצידירט וועגן לעבן און טויט פון די מענטשן, וועלכע זענען געווען באַשטימט צום אויסטויש. אויספירלעכער וועגן אים ווערט געשריבן אין קאַפּיטל וויטעל, אין שייכות מיט דער אויסטויש־אַקציע, וואָס איז דאָרט פאָרגעקומען.

די יידישע אונטערערדישע באַוועגונג אין פראַנקרייך האָט, צווישן אַנדערן, אַליין געראַטעוועט ביי 3.000 יידן און איבער 1.000 קינדער, וועלכע זענען דורך זיי אַריבערגעפירט געוואָרן איבער די גרענעצן פון שפּאַניע און שווייץ.

פון פראַנקרייך זענען אַרויסגעפירט און אומגעבראַכט געוואָרן כמעט 30 פּראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג. די איבעריקע יידן האָבן זיך געראַטעוועט צוליב דעם, וואָס זיי איז געלונגען צו אַנטלויפן קיין אויסלאַנד, ווי אויך אַ דאַנק דער הילף, וואָס זיי האָבן באַקומען פון דער פראַנצויזישער קריסטלעכער באַפעלקערונג און פון דער אונטערערדישער באַוועגונג[66].

צווישן די דעפּאָרטירטע האָבן זיך געפונען 4.051 יידישע קינדער, וואָס זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן אין דעם זאַמל־לאַגער דראַנסי, ווו מען האָט זיי געהאַלטן אַ געוויסע צייט. פון דאָרט זענען זיי אַוועק מיטן קינדער־טראַנספּאָרט אין די גאַזקאַמערן פון אוישוויץ.

# שפּאַניע

אין דער צייט ווען יידן פון די דורך די נאַציס אָקופּירטע לאַנדער זענען, בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, סיסטעמאַטיש אויסגעמאָרדעט געוואָרן און גאַנצע יידישע קהילות זענען אומברחמנותדיק ליקווידירט געוואָרן, האָט די מערבדיקע דעמאָקראַטישע וועלט, מיט גאַנץ קליינע אויסנאַמען, שטילשווייגנדיק זיך צוגעקוקט צו דעם אכזריותדיקן פאַרברעכן, וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן קעגן יידישן פאָלק. צווי לענדער אין אייראָפּע, מיט אַ טאָטאַליטאַרן רעגירונג־סיסטעם, האָבן זיך דווקא יאָ אָנגענומען פאַר די דורך די נאַציס פאַרפאָלגטע יידן.

די דאָזיקע צוויי לענדער זענען געווען: דאָס פאַלאַנגיסטישע שפּאַניע און דאָס פאַשיסטישע איטאַליע, וועלכע האָבן בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה געשטיצט היטלערן אין זיין קאַמף מיט די אַליִירטע מדינות — פאַקטיש — קעגן סאָוויעט־רוסלאַנד.

שפּאַניע, וואָס ליגט אין דעם דרום־מערבדיקן טייל פון אייראָפּע און גרענעצט זיך, אין צפון פון לאַנד, מיט פראַנקרייך, און אין מערב — מיט פּאָרטוגאַל, האָט נישט געשטערט יידישע פּליטים, וועלכע זענען פאַרפאָלגט געוואָרן און אַנטלאָפן פון אירע פאַרבינדעטע היטלער־דייטשן, אַריינצוקומען צו זיך אין לאַנד. ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט קלינגען, איז עס אָבער אַ פאַקט, אַז די שפּאַנישע רעגירונג האָט נישט געמאַכט קיין שום שוועריקייטן די יידן ביים אַריינקומען און דערנאָך ביים פאַרלאָזן דאָס לאַנד. דער אויפהאַלט פון יידישע פּליטים אין שפּאַניע איז נישט געווען באַגרענעצט אין צייט.

דער גרינדער פון דער פאַלאַנגע, דער דיקטאַטאָר גענעראַל פראַנציסקאָ פראַנקאָ, דער געטרייער פאַרבינדעטער פון היטלערן, וועלכער האָט בעתן

בירגערקריג אין שפּאַניע, אין די יאָרן 1936—1939, בלוטיק דערשטיקט די שפּאַנישע רעוואָלוציע, האָט אַ סך בייגעשטייערט ביים ראַטעווען יידן. ער, פראַנקאָ, האָט זיך פאַררופן אויף אַ דעקרעט פון פרימאָ דע ריווערא. פונעם חודש דעצעמבער 1924, אַז אַלע יידן, אָפּשטאַמיקע פון שפּאַנישן גירוש (פון יאָר 1492), זענען באַרעכטיקט צו באַקומען שפּאַנישע ביר־גערשאַפט, און אַזוי אַרום פאַלן זיי אַרונטער אונטערן שוץ פון דער שפּאַ־נישער רעגירונג. פראַנקאָ האָט אויך פאַראָרדנט די שפּאַנישע קאָנסולן אין אייראָפּע, אַרויסצוגעבן די דאָזיקע יידן שפּאַנישע בירגער־פּאַפּירן. פון דעם געזעץ האָבן גענאָסן, קודם כל, די ספרדישע יידן פון האָלאַנד, גריכנלאַנד און פון די אַנדערע לענדער פון באַלקאַן, וועלכע האָבן זיך געפונען אונטער היטלער־דייטשלאַנדס אָקופּאַציע. פון דעם דאָזיקן טאָ־לעראַנטן געזעץ האָבן גענאָסן אויך אַנדערע יידן, נישט דווקא פון ספרדישן אָפּשטאַם, וועלכע האָבן זיך געפונען אין פראַנקרייך און זענען דורך די פּירענייען אַריבער די שפּאַנישע גרענעץ. די שפּאַנישע גרענעץ־באַאַמטע האָבן זיי נישט געשטערט אין דעם און האָבן נישט געלייגט קיין אַכט אויף די דאָקומענטן פון די פּליטים, צי עמעצער איז אַ ספרדישער ייד, צי אַן אשכנזישער

אַריבערגייענדיק די גרענעץ, זענען זיי, פּונקט ווי די קריסטלעכע פּליטים, וועלכע זענען אַנטלאָפן פון היטלערן און האָבן נישט געהאַט די נייטיקע דאָקומענטן צו פאָרן ווייטער, אינטערנירט געוואָרן אין צוויי גרויסע לאַגערס: כעראַנאַ און מיראַנדאַ דע עבראָ.

אמת, די באַדינגונגען אין די דאָזיקע לאַגערס זענען נישט געווען קיין גוטע, צוליב דער שלעכטער אָפּראָוויזירונג, אָבער אַזוי האָט די לאַגע דעמאָלט אויסגעזען אין גאַנצן לאַנד. די באַהאַנדלונג פון די פּליטים אין די לאַגערס איז געווען אַ פאַרהעלטנישמעסיק גוטע. אַ גאַנצן טאָג האָבן די אינטערנירטע אין די לאַגערס געקאָנט זיי פאַרלאָזן און זיך פריי באַוועגן איבער דער שטאָט, ביז עס איז צוגעפאַלן די נאַכט. דעמאָלט האָבן זיי געמוזט צוריק זיין אין לאַגער.

אָנהייב 1941 האָט היטלער זיך באַמיט ביי פראַנקאָ אַרויסצוגעבן אים די יידן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין שפּאַניע. ווען דאָס איז אים נישט

געלונגען, האָט ער זיך משתדל געווען, מען זאָל דאָרט איינפירן די נירענ־בערגער געזעצן. אויך דאָס האָט ער נישט געקאָנט פועלן. פראַנקאָ האָט אויך דאָס אָפּגעזאָגט, ווערנדיק אין דעם געשטיצט דורך דער דאָרטיקער קאַטוילישער קירך. וואָס היטלער האָט יאָ געפּועלט ביי פראַנקאָ איז געווען, אַז מענער (יידן און קריסטן) אונטער 45 יאָר זאָלן נישט אַריינגעלאָזט ווערן קיין שפּאַניע, ווייל לויט די דייטשישע געזעצן זענען זיי געווען פּאָטענציעל מיליטער־פּעיִק. אָבער אויך צו דער גזירה האָט מען געפונען אַן אויסוועג: מען האָט פאַר זיי אויסגעאַרבעט דאָקומענטן, אָנגעבנדיק עלטערע געבוירן־דאַטעס. דאָס האָט דערמעגלעכט די מענטשן אַריינצוקומען קיין שפּאַניע.

אַזוי אַרום האָבן זיך געראַטעוועט, אַ דאַנק דעם פאַשיסטישן שפּאַניע, פיל טויזנטער יידן פון אַ זיכערן אומקום, נישט רעכנענדיק די יידן, וואָס האָבן שוין ביז דעמאָלט געלעבט אין שפּאַניע, אָנהייבנדיק פון יאָר 1924 — אויפן סמך פון פרימאָ דע ריוועראַס דעקרעט וועגן בירגערשאַפט פאַר די יידן.

עס דאַרף אויך אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז פראַנקאָ האָט דעם 2טן יאַנואַר 1944 פערזענלעך זיך איינגעשטעלט פאַר 1.242 גריכישע יידן, וועלכע האָבן זיך שוין געפונען אין דעם פאַרניכטונגס־לאַגער בערגען־בעלזען. ער האָט געפּועלט ביי היטלערן, אַז די דאָזיקע יידן זאָלן איבער־געשיקט ווערן, דורך דער שווייץ, קיין שפּאַניע. דאָס איז געשען אין חודש פעברואַר 1944.

אָבער נאָך פריִער — אין יאָר 1943 — האָבן די דייטשן, אויפן סמך פון פראַנקאָס דעקרעט וועגן דערטיילן בירגערשאַפט די ספרדישע יידן, דערלויבט 367 גריכישע יידן, וועלכע האָבן זיך שוין געפונען אין קאָנ־צענטראַציע־לאַגער, אַרויסצופאָרן, ווי „אויסטויש־יידן" קיין באַרצעלאָנאָ. אין מאַי 1943 האָבן די דאָזיקע מענטשן פאַרלאָזט באַרצעלאָנאָ, און, דורך קאַסאַבלאַנקאָ, אָפּגעשוווומען קיין ארץ־ישראל.

און נישט נאָר פראַנקאָ אַליין האָט אינטערווענירט ביי דער דייטשי־שער מאַכט לטובת יידן. דער דייטשישער באַטשאַפטער אין מאַדריד איז פאַרוואָרפן געוואָרן מיט בקשות פון הויכע שפּאַנישע מלוכה־ און מילי־

טער־פּערזענלעכקייטן, וועגן באַפרייען אַ צאָל יידן פון די דייטשישע אָקופּירטע געביטן און דערמעגלעכן זיי אַריבערצוקומען קיין שפּאַניע. אַן אינטערעסאַנטער דאָקומענט פון יענער תקופה געפינט זיך אין דעם דאָקומענטאַציע־צענטער אין פּאַריז. אין אַ בריוו פונעם 7טן דעצעמבער 1942, געשריבן פון דעם דייטשישן אַמבאַסאַדאָר אין מאַדריד צום שטאַט־סעקרעטאַר פון דייטשישן אויסערן־מיניסטעריום — פרייהער פאָן ווייצ־זעקער, ווערט געבעטן צו אונטערשטיצן די דרינגענדיקע בקשה פון דער העכערער מאַכט אין שפּאַניע, וועלכע האָט זיך געווענדט צו אים, צו דער־טיילן די דערלויבעניש דער 77־יאָריקער יידישער פרוי פלאָראַ היידעמאַן, וועלכע לעבט אין דייטשלאַנד, זי זאָל קאָנען אויסוואַנדערן קיין שפּאַניע. פלאָראַ היידעמאַן איז געווען די שוויגער פון אַ שפּאַנישן גענעראַל.

אין אַ באַריכט פון דייטשישן אַמבאַסאַדאָר אין פּאַריז (פונעם 14טן סעפּטעמבער 1941) ווערט אָנגעוויזן, אַז דער שפּאַנישער גענעראַל־קאָנ־סולאַט גיט אָן די צאָל יידן פון שפּאַנישער נאַציאָנאַליטעט, וועלכע געפינען זיך אין די דורך די דייטשן באַזעצטע פראַנצויזישע געביטן, אויף 2.000 נפשות, אָבער לויט דער דורכגעפירטער רעגיסטראַציע פון דער פּאָליצײ געפינען זיך דאָרט בלויז 304 אַזעלכע יידן. כדי אויסצוגלייכן די קעגנזאַצן אין דער יידן־פראַגע, האָט דער פאָרשטייער פון שפּאַנישן גענעראַל־קאָנסולאַט אין פּאַריז, גאָמעץ פּינאַן געמאָלדן דער דייטשישער מאַכט, אַז אין די נאָענטסטע טעג וועט קיין פּאַריז אָנקומען פון מאַדריד אַ ספּע־ציעלער באַפולמעכטיקטער באַטשאַפטער, כדי צו רעגולירן דעם דאָ־זיקן ענין.

די שפּאַנישע מאַכט האָט פאַרגעלייגט די דייטשן, אַז זי וועט אין משך פון איין חודש צייט אַרויסנעמען די יידן פון שפּאַנישער נאַציאָנאַ־ליטעט פון פראַנקרייך און זיי אַריבערפירן קיין שפּאַניש מאַראָקאָ. זי האָט אויך פאַרלאַנגט צו באַפרייען 20 שפּאַנישע יידן, וועלכע זענען בעת דער יידן־אויסזידלונג אין פּאַריז אַוועקגעפירט געוואָרן אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער.

די דאָזיקע איינשטעלונג פאַר די שפּאַנישע יידן איז — לויט דער מיט־טיילונג פונעם פאָרשטייער פון דער דייטשישער אָקופּאַציע־מאַכט אין

פראַנקרייך ד״ר בלאַנקע, דאַטירט דעם 6טן פעברואַר 1941 — געקומען אויף אַ בפירושער פאָדערונג פון גענעראַל פראַנקאָ[67]. דער שפּאַנישער באַפולמעכטיקטער האָט אויך געפועלט ביי די דייטשן, אַז בעת דער אַרי־זירונג פון יידישן פאַרמעגן אין פראַנקרייך, זאָלן אין די געשעפטן, וואָס האָבן געהערט צו די שפּאַנישע יידן, אַריינגעזעצט ווערן קאָמיסאַרן פון שפּאַנישער נאַציאָנאַליטעט.

אין די חדשים מאַי־יוני 1941 זענען פון פּאָרט בילבאַאָ (שפּאַניע) אָפּגעשוווּמען יידן קיין קובאַ, מעקסיקאָ און אין די פאַראייניקטע שטאַטן. עס איז אָבער גישט לייכט אָנגעקומען צו באַקומען אַ פּלאַץ אויף די איבער־געפּולטע שיפן. עס דאַרף דערביי באַמערקט ווערן, אַז די יידישע אָרגאַ־ניזאַציעס: דזשאָינט, וועלט־קאָנגרעס און היאַס האָבן אַ סך מיטגעהאָלפן ביי דערמעגלעכן זיך אַרויפצובאַקומען אויף די אָפּגייענדיקע שיפן.

די באַסקישע באַפעלקערונג אין בילבאַאָ האָט זיך מיט גרויס סימ־פּאַטיע באַצויגן צו די יידישע פּליטים. בילבאַאָ איז צו יענער צייט געווען דער הויפּטהאַפן, פון וואַנען די שיפן זענען אָפּגעגאַנגען. אַן אינטערעסאַנטן פאַל האָט מיר איבערגעגעבן אַ געוועזענער בעלגישער פּליט — נומה אייזענצווייג, וואָס איז אַריבער די גרענעץ פון פראַנקרייך קיין שפּאַניע. ער האָט זיך אויפגעהאַלטן אין בילבאַאָ און דאָרט געוואַרט אויף דער שיף, מיט וועלכער ער האָט געדאַרפט אָפּשווימען קיין קובאַ. ער האָט געהאַט די קובאַנישע וויזע, ווי אויך די אַריינפאָר־דערלויבעניש אַהין. האָט זיך גראָד געמאַכט, אַז די שיף האָט געדאַרפט אָפּגיין אין אַ קריסטלעכן יום־טוב־טאָג, ווען אַלע בענק און געשעפטן אין בילבאַאָ זענען געווען פאַרמאַכט. אייזענצווייג האָט זיין געלט געהאַט דעפּאָנירט אין דאָרטיקן נאַציאָנאַלן באַנק. די שיף האָט, פאַרשטייט זיך, נישט געקאָנט וואַרטן ביז צו מאָרגנס. אין דעם טאָג איז אויסגעפאַלן דער גרויסער קאַטוילישער יום־טוב: דער גרינער דאָנערשטיק, וואָס ווערט אַזוי פאַרהייליקט ביי די קאַטאָליקן. נישט האָבנדיק קיין אַנדערן אויסוועג, איז אייזענצווייג אַוועק צום דירעקטאָר פון באַנק, ווו ער האָט געהאַט דעפּאָנירט זיין געלט און אים אויפגעקלערט די לאַגע, אין וועלכער ער האָט זיך געפונען. דער

דירעקטאָר, אַ פּרומער קאַטאָליק, איז גלייך אַוועק מיט אייזענצווייגן אין באַנק, געעפנט די קאַסע און אים אויסגעצאָלט זיין געלט.

מענטשן, וועלכע האָבן דורכגעמאַכט די צווייטע וועלט־מלחמה אין שפּאַניע, אָדער אַזעלכע, וואָס זיי איז אויסגעקומען זיך אויפצוהאַלטן דאָרט צייטווייליק, שטרייכן אונטער די וואָרעמע באַציִונג, וואָס עס איז זיי אַרויסגעוויזן געוואָרן סיי דורך דער שפּאַנישער באַפעלקערונג, סיי דורך די רעגירונגס־אָרגאַנען פון דעם דאָזיקן לאַנד.

# איטאַליע

דאָס צווייטע לאַנד מיט אַ טאָטאַליטאַרן רעזשים, וואָס האָט זיך קונה־שם געווען מיט אַ שיין בלעטל אין אונדזער חורבן־געשיכטע, איז געווען איטאַליע.

די איטאַליענער האָבן בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה שטענדיק און אומעטום אַרויסגעוויזן אַ נאָבעלע באַציִונג צו די יידן, סיי ביי זיך אין לאַנד, סיי אין די לענדער, וואָס זענען בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה דורך זיי אָקופּירט געוואָרן.

אויב דער דוטשע בעניטאָ מוסאָליני, וועלכער האָט אין אָנהייב מלחמה זיך נאָך עקשנותדיק אָנטקעגנגעשטעלט קעגן די דייטשישע פאָדערונגען איינצופירן אין איטאַליע אַנטי־יידישע געזעצן, האָט לסוף נישט אויס־געהאַלטן דעם שטאַרקן דרוק פון היטלער־דייטשלאַנד, און איז שוין גרייט געווען דורכצופירן די גזירות קעגן יידן — האָבן די אים אונטערגעוואָר־פענע הויכע מלוכה־אינסטאַנצן סאַבאָטירט און נישט אויסגעפירט זיינע אַנטי־יידישע פאַראָרדענונגען. אַפילו דער אויסערן־מיניסטער פון איטאַליע, גראַף גאַלעאַצאָ ציאַנאָ (מוסאָליניס איידעם), האָט סאַבאָטירט די אַנטי־יידישע געזעצן. להיפך צו מוסאָליני, האָט ער אין דעם פאַל צוזאַמענגע־אַרבעט מיט זיינע אויסלענדישע דיפּלאָמאַטן און מיט די איטאַליענישע העכסטע מיליטער־אָנפירער. זיי האָבן ביי זיך אין לאַנד, סיי אין די דורך די איטאַליענער באַזעצטע געביטן, גענומען אונטער זייער שוץ נישט נאָר די איטאַליענישע, נאָר אויך די פרעמדע יידן, וועלכע האָבן זיך דאָרט געפונען.

אַ דאַנק דער דאָזיקער איידעלער איינשטעלונג פון די אויבן דער־מאָנטע אינסטאַנצן, ווי אויך אַ דאַנק דער הומאַניטאַרער באַציִונג פון דער

גרעסטער מערהייט פונעם איטאַליענישן פאָלק בעת די מלחמה־יאָרן — ביז איטאַליע איז אַליין אָקופּירט געוואָרן דורך די היטלער־אַרמייען, איז דערמעגלעכט געוואָרן, אַז די יידן זאָלן געניסן פון שוץ און זיכערקייט. צענדליקער טויזנטער יידן האָבן זיך אַ דאַנק דעם געקאַנט ראַטעווען פון אומקום.

די וווּנדערבאַרע און מענטשלעכע באַציִונג מצד די איטאַליענער לגבי די יידן איז אויך געקומען צום אויסדרוק במשך פון די 9 חדשים, וואָס זיי האָבן געהאַלטן די אָקופּאַציע־זאָנע אין פראַנקרייך, ווי אויך — בעת דעם צוויי־יאָריקן אָקופּאַציע־פּעריאָד פון גריכנלאַנד און יוגאָסלאַוויע.

אין די געביטן פון די מאַריטימער־אַלפּן, ווי אויך פון די איבעריקע טעריטאָריעס, וואָס זענען אָקופּירט געוואָרן דורך די איטאַליענער (די פערטע אַרמיי), האָבן זיי גענומען אונטער זייער שוץ די יידן־אויסלענדער, וועלכע האָבן זיך דאָרט געפונען. זיי האָבן זיך באַמיט, אַז די דעפּאָרטאַציע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער איינשטימונג פון דער ווישי־רעגירונג, זאָל נישט אַרומנעמען די איטאַליענישע און אויך נישט די אויסלענדישע יידן. די איטאַליענישע מיליטערישע אויטאָריטעטן האָבן אַלץ געטאָן צו ראַטעווען די יידן פון די דורך זיי באַזעצטע זאָנעס און אַפילו אָנגענומען מיטלען, כדי צו באַפרייען די שוין פאַרהאַלטענע יידן, וועלכע זענען געווען באַשטימט צו דער דעפּאָרטאַציע. די איטאַליענישע ציווילע מאַכט האָט געהאָלפן אויסשטעלן און פאַרשאַפן געהעריקע דאָקומענטן פאַר יידן־פּליטים, וועלכע האָבן אָנגעהויבן מאַסנווייז צו שטראָמען אין די איטאַליענישע זאָנעס אַריין.

ווען גענעראַל פּיעטראָ באַדאָגליאָ האָט דעם 3טן סעפּטעמבער 1943 אונטערגעשריבן מיט די אַלייִרטע דעם געהיימען אָפּמאַך וועגן וואָפנשטילשטאַנד, האָבן די איטאַליענישע מיליטערישע כוחות באַקומען אַ באַפעל פון רוים צו זיין גרייט צוריקצוציִען זיך פון די אָקופּירטע געביטן אין פראַנקרייך. עס איז דעמאָלט אויסגעבראָכן אַ גרויסע פּאַניק ביי די יידישע פּליטים. מען האָט אָנגעהויבן מיטצולויפן מיט די איטאַליענישע מיליטערישע אָפּטיילונגען, וועלכע האָבן פאַרלאָזט פראַנקרייך און אַריבער אויף דער איטאַליענישער טעריטאָריע.

דאָס איטאַליענישע אויסערן־מיניסטעריום האָט אויף דעם באַפעל פון גראַף ציאַנאָ פאַראָרדנט אַלע אירע מאַכטאָרגאַנען נישט צו שטערן די פּליטים אַריינצוקומען קיין איטאַליע.

דעם 8טן סעפּטעמבער 1943 האָט אָבער דער הויפּט־קאָמאַנדיר פון די אַליִירטע כוחות אין אייראָפּע, גענעראַל דווייט אייזענהאָוער, נישט פאַרשטענדיקנדיק זיך פריִער מיט דער ניי־געשאַפענער איטאַליענישער רעגירונג, פּריצייטיק איבערגעגעבן אין דער עפנטלעכקייט די ידיעה וועגן דעם באַפאַרשטייענדיקן וואַפנשטילשטאַנד צווישן די איטאַליענער און די אַליִירטע. דערמיט האָט ער צו נישט געמאַכט גענעראַל באַדאָגליאָס פּלאַן און ממילא — אויך די מאַסן־רעטונג פון די יידן אין פראַנקרייך קיין איטאַליע, פון וואַנען זיי האָבן געזאָלט אַריבערגעפירט ווערן מיט שיפן קיין צפון־אַפריקע.

אייזענהאָוערס באַדויערלעכער אַרויסטריט, וואָס האָט געבראַכט אַזוי פיל שאָדן דער איטאַליענישער מדינה, האָט אויך דערפירט דערצו, אַז בלויז עטלעכע הונדערט יידן פון דער איטאַליענישער זאָנע אין פראַנקרייך זאָלן באַוויזן מיטצוגיין מיט דער איטאַליענישער אַרמיי קיין איטאַליע. פיל טויזנטער יידן זענען דעמאָלט אַריינגעפאַלן אין די היטלערישע הענט און זענען אומגעקומען, אין אַ סך פאַלן — צוזאַמען מיט זייערע איטאַליענישע רעטער.

ווי ווייט די איטאַליענישע מאַכטאָרגאַנען האָבן זיך באַמיט צו ראַטעווען יידן, איז כדאַי איבערצוגעבן אַ טעלעגראַפישן באַריכט [68], וואָס דער קאָמענדאַנט פון דער דייטשישער זיכערהייט־פּאָליציי און עס־דע אין ליאָן, דער עס־עס־אָבערשטורמפירער קלאַוס באַרבי האָט אַרויסגעשיקט דעם 18טן מאַי 1943 קיין פּאַריז — צו דער געשטאַפּאָ־אָפּטיילונג IVB-4. דער טעקסט, אין דער יידישער איבערזעצונג, לייענט זיך אַזוי: „לויט אַ קאָמוניקאַט פון דעם דעלעגאַט פאַר יידישע ענינים ביי די פראַנצויזישע אויטאָריטעטן אין ליאָן, האָט די איטאַליענישע מאַכט באַזעצט ביז איצט אין די האָטעלן פון מעזשעוו (אָט־סאַוואָ) 400 יידן, פון וועלכע 399 האָבן אויסלענדישע בירגערשאַפט. כמעט אַלע זענען געוועזענע דייטשישע ביר־

גער. די יידן זענען טראַנספּאָרטירט געוואָרן מיט אויטאָבוסן פון מיטלענ־דישן ים־ברעג (ניצע, קאַן אאַז״וו).

„מסתמא וועלן נאָך 1.200 אַנדערע יידן אַריבערגעפירט ווערן פונעם מיטלענדישן ים־ברעג קיין מעזשעוו. איצטער פירן פראַנצויזישע אויטאָ־ריטעטן אונטערהאַנדלונגען מיט די האָטעל־אייגנטימער אין מעזשעוו, ווייל די פראַנצויזישע רעגירונג האָט פאַרגעלייגט דער איטאַליענישער מאַכט אַריבערצושיקן קיין מעזשעוו די קינדער פון פראַנצויזישע שטעט, וואָס ליגן ביים ים־ברעג און זענען באַדראָט פון באָמבאַרדירונגען. צווישן די יידן, וועלכע זענען געבראַכט געוואָרן קיין מעזשעוו געפינען זיך 12, וואָס ווערן שוין לאַנג אַרומגעזוכט דורך דער פראַנצויזישער פּאָליציי, אָבער די איטאַליענער זאָגן זיך אָפּ זיי אַרויסצוגעבן״.

דער כלומרשט הומאַניטאַרער דייטשישער עס־עס־אָבערשטורמפירער קלאַוס באַרבי, וועלכער האָט זיך אַזוי שטאַרק איבערגענומען מיטן גורל פון די פראַנצויזישע קינדער און געזאָרגט פאַר זייער זיכערקייט, האָט לגבי יידישע קינדער געהאַנדלט אויף גאָר אַן אַנדערן אופן. זיין גרעסטע זאָרג איז געווען ווי אַזוי אויסצוזוכן און אומצוברענגען די יידישע קינדער.

ער האָט צווישן אַנדערן אַרויסגעשלעפּט פון דער קינדערהיים אין איזיע, נישט ווייט פון דער שטאָט ליאָן, 41 יידישע קינדער אין עלטער פון דריי ביז דרייצן יאָר און צוזאַמען מיט אַ פּאָר אַנדערע געכאַפּטע יידישע קינדער זיי אָוועקגעשיקט אין די גאַזקאַמערן פון אוישוויץ.

צום סוף וויל איך נאָך ציטירן אויסצוגן פון אַ בריוו (דאַטירט דעם 12טן מאַרץ 1943) פון דעם הויפּט־פאַרשטייער פון דער העכסטער אי־טאַליענישער קאָמענדאַנטור ביי דער ווישי־רעגירונג — בריגאַדע־גענעראַל קאַרלאָ אַוואַרנאַ די גואַלטיערי. דער בריוו איז געשריבן צום מלוכה־סע־קרעטאַר ביים רעגירונגס־שעף פּלאַטאַן:

„הער אַדמיראַל, אין נאָמען פון דער העכסטער איטאַליענישער קאָמענ־דאַנטור, האָב איך דעם כבוד אייך צו אינפאָרמירן, אַז די פּרעפעקטן פון וואַלענס, שאַמבריי און אַנעסי, האָבן לעצטנס דורכגעפירט, לויט אַ באַפעל פון דער פראַנצויזישער רעגירונג, צאָלרייכע אַרעסטן פון יידן פון אויס־לענדישער נאַציאָנאַליטעט.

„...שטיצנדיק זיך אויף די דאָזיקע אינצידענטן, דערקלערט די העכסטע איטאַליענישע קאָמענדאַנטור, אַז די פראַגע פון אַרעסטן, וואָס זענען לעצטנס דורכגעפירט געוואָרן, זענען אַ רעזולטאַט פון די אַנטיסעמיטישע פאַראָרדענונגען מצד דעם פּרעפעקט פון מאַריטימער אַלפּן. ...די העכסטע איטאַליענישע קאָמענדאַנטור קאָן נישט געבן איר הסכמה אויף פאַראָרדענונגען וועגן אַרעסטן און אינטערנירונגען און פאַרלאַנגט, אַז די פראַנצויזישע רעגירונג [פון ווישי — י. ט.] זאָל אַנולירן די ביז איצט פאַראָרדנטע אַרעסטן און אינטערנירונגען פון יידן, וועלכע וווינען אין דער איטאַליענישער אָקופּאַציע־זאָנע אין פראַנקרייך, סיי ווען עס האַנדלט זיך וועגן יידן פון איטאַליענישער, פראַנצויזישער אָדער אויסלענדישער נאַציאָנאַליטעט. ס'דאַרף אויך אַרויסגעגעבן ווערן אַ באַפעל צו די פּרעפעקטן פון אַלע טעריטאָריעס, וואָס ווערן קאָנטראָלירט דורך די איטאַליענישע מיליטערישע כוחות, אַז עס זאָל געמאַכט ווערן אַ סוף צו די דאָזיקע מאָסמיטלען: סיי ווען עס האַנדלט זיך וועגן איטאַליענישע יידן, צי גאָר פראַנצויזישע אָדער אויסלענדישע יידן, וועלכע האָבן זייער רעזידענץ אין די אַנגעוויזענע טעריטאָריעס".

איך האָב געבראַכט בלויז צוויי עפּיזאָדן פון דער איטאַליענישער רעטונגס־אַקציע פון יידן אויף דער פראַנצויזישער טעריטאָריע.

פּונקט ווי אין די אָקופּירטע געביטן פון דרום־מזרח פראַנקרייך, האָבן די איטאַליענער זיך באַמיט צו נעמען אונטער זייער שוץ די פאַרפאָלגטע יידן אין יוגאָסלאַוויע און גריכנלאַנד. אַ סך יידן, וואָס זענען אַנטלאָפן פון יוגאָסלאַוויע, גריכנלאַנד, ווי אויך פון אַנדערע לענדער פונעם אָקופּירטן אייראָפּע, האָבן די איטאַליענער געהאָלפן אויסבאַהאַלטן זיך אין די דורך זיי אָקופּירטע זאָנעס, איינשטעלנדיק דערביי אָפט מאָל זייער אייגן לעבן.

די איטאַליענישע אַרמיי האָט אין יאָר 1941 אָקופּירט טיילן פון יוגאָסלאַוויע, ווי מאָנטענעגראָ, דאַלמאַציע און אַ טייל פון קראָאַציע, וואָס איז געוואָרן אַ זעלבשטענדיקע מדינה, בראש מיט דעם גרינדער פון דער „אוסטאַשים" [69] — פּאַוועליק.

אין יענער צייט איז אין קראָאַציע אָנגעגאַנגען אַ שוידערלעכער טע־

ראַר קעגן יידן. דאָס יאָר 1941 איז פון די דאַרטיקע יידן באַצייכנט געוואָרן ווי אַ שחיטה־יאָר. אין איינעם פון די לאַגערס, וואָס האָט זיך געפונען אויפן אינדזל דע פּאַגאַ, זענען 8.000 יידן פאַרפּייניקט געוואָרן צום טויט. די איטאַליענער האָבן אַלץ געטאָן, כדי די איבערגעבליבענע יידן פון קראָאַציע צו ראַטעווען. זיי האָבן אַ טייל פון זיי אַריבערגעפירט אין די דורך זיי פאַרנומענע זאָנעס, און אַנדערע — אַוועקגעפירט דירעקט קיין איטאַליע.

די איטאַליענישע מיליטער־לייט פון אַלע ראַנגען האָבן גענומען אונ־טער זייער שוץ אויך די פרעמדע, נישט איטאַליענישע בירגער. זיי האָבן זיך באַמיט, ווי ווייט מעגלעך, צו ראַטעווען און אַריבערצובריינגען אין זייער זאָנע אַריין די יידן פון די דורך די דייטשן און בולגאַרן אָקופּירטע געביטן. די איטאַליענישע קאָנסולן האָבן מאַסנווייז אויסגעשטעלט פיק־טיווע דאָקומענטן, כדי צו דערמעגלעכן יידן — גריכישע בירגער, אַרי־בערצוגיין אין דער איטאַליענישער אָקופּאַציע־זאָנע. דאָס זעלביקע איז אויך געטאָן געוואָרן אין יוגאָסלאַוויע. איטאַליענישע מיליטער־לייט האָבן חתונה געהאַט, פיקטיוו, מיט יידישע פרויען פון פאַרשידענע נאַציאָנאַלי־טעטן, כדי זיי אַזוי אַרום צו קאָנען לעגאַל אַריינברענגען אין זייערע זאָנעס און דערנאָך — קיין איטאַליע.

די דאָזיקע מענטשלעכע און הומאַניטאַרע האַנדלונג פון די איטאַ־ליענער איז אָנגעגאַנגען אין משך פון צוויי יאָר צייט אין די אָקופּאַציע־טיילן פון יוגאָסלאַוויע און גריכנלאַנד — ביז דעם 8טן סעפּטעמבער 1943, ווען אייזנהאַוער האָט באַקאַנט געמאַכט וועגן דעם וואָפנשטילשטאַנד פון איטאַליע מיט די אַליִירטע. ביז דעמאָלט זענען פון גאַנץ איטאַליע דעפּאָרטירט געוואָרן געציילטע יידן — און דאָס אויך צוליב זייער אייגע־נער אומפאַרזיכטיקייט און לייכטגלויביקייט.

אין דער הילפאַקציע פאַר די גריכישע און קראָאַטישע יידן, וואָס די איטאַליענער האָבן דורכגעפירט, האָבן זיך אויך באַטייליקט יידן פון דער איטאַליענישער אונטערערדישער באַוועגונג. אייניקע פון זיי, ווי וואַלערי מאַרעז און מאַרקאָ מאַסערי, זענען אין אַ צייט אַרום געכאַפּט געוואָרן דורך די דייטשן אין איטאַליע און צוזאַמען מיט די, וועלכע האָבן געדאַרפט

געניסן פון שפּאַנישער בירגערשאַפט, זענען זיי דערטרונקען געוואָרן דורך די דייטשן אין לאַגאָ מאַדזשאָרע, צווישן די שטעטלעך אַראָנאָ און מעינאָ.

פון גריכנלאַנד זענען דורך די דייטשן אַרויסגעפירט געוואָרן צום אויסטויש קיין שפּאַניע 1.242 יידן, אָבער אַנשטאָט קיין שפּאַניע, זענען זיי אַוועקגעשיקט געוואָרן אין דעם גרויל־לאַגער בערגען־בעלזען. ערשט אַ דאַנק דער פּערזענלעכער אינטערווענץ פון פראַנקאָ, זענען זיי אַרי־בערגעפירט געוואָרן קיין שפּאַניע.

די פאַשיסטישע מוסאָליני־רעגירונג האָט, ווי געזאָגט, כסדר סאַבאָ־טירט די פאַראָרדענונגען פון דער דייטשישער מאַכט אַרויסצוגעבן זיי די יידן פון איטאַליע. ערשט נאָך דעם דורכגעפאַלענעם פּוטש פון דער נייער באַדאַגליאָ־רעגירונג, ווען די נאַציס האָבן פאַרכאַפּט די מאַכט אין איטאַליע, איז זיי געלונגען צו דעפּאָרטירן פון דאָרט אַן ערך 15.000 יידן, דאָס הייסט 26,3% פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג אין איטאַליע. דאָס האָט אָבער געקאָנט געשען ערשט ביים סוף 1943 און אָנהייב 1944.

ביים העלפן יידן איז אָפט געקומען צו צוזאַמענשטויסן צווישן איטאַ־ליענישע מיליטער־לייט און עס־עס. אַזעלכע פאַלן זענען פאַרצייכנט גע־וואָרן אויך אין פּוילן, וווּ איטאַליענישע מיליטערישע אָפּטיילונגען זענען דורכגעגאַנגען צום רוסישן פראָנט. וועגן איינעם אַזאַ צוזאַמענשטויס וויל איך זיך דאָ אָפּשטעלן.

אויף דער באַן־סטאַציע סקאַרזשיסקאָ־קאַמיענגאָ, דורך וועלכער עס פלעגן אַן אויפהער דורכגיין מיליטערישע צוגן פון דייטשלאַנד און צוגן מיט יידן־טראַנספּאָרטן קיין אוישוויץ, איז אויף אַ זייטיקער ליניע גע־שטאַנען אַ באַן מיט איטאַליעניש מיליטער, וואָס האָט געדאַרפט ווייטער אָפּפאָרן צום מזרח־פראָנט. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט זיך דאָרט אָפּגע־שטעלט אַ לאַנגער צוג מיט פראַכט־וואַגאָנען, איבערגעפולט מיט יידן. מען האָט זיי געפירט צו די גאַזקאַמערן אין אוישוויץ. ווען דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָבן זיך פון די איבערגעפולטע וואַגאָנען דערהערט שוואַכע אויסגעשרייען: וואַסער, וואַסער. דעם דאַזיקן מאַקאַברישן צוג האָבן געהיט עס־עס־לייט, באַוואָפנטע פון קאָפּ ביז פיס.

אייניקע איטאַליענישע אָפיצירן, וואָס האָבן גראָד זיך געפונען אויפן

פעראַן פון דער באַן־סטאַציע, דערהערנדיק די אויסרופן, האָבן זיי זיך געוואָלט דערנענטערן צום געשפּענסט־צוג. די עס־עס־לייט האָבן זיי אָבער נישט צוגעלאָזט, דערקלערנדיק, אַז דאָס זענען יידן, וועלכע מען פירט אין אַ לאַגער צו אַרבעט. די איטאַליענער האָבן געוואָלט איבערגעבן די אומגליקלעכע יידן עפּעס עסן, וואָס זיי האָבן געהאַט מיט זיך, און וואַסער צו טרינקען. די עס־עס־לייט האָבן עס נישט דערלאָזט און געדראָט צו שיסן, אויב די אָפיצירן וועלן זיך נישט אָפּטראָגן פון דאָרט. אין דעם מאָמענט האָבן די איטאַליענישע אָפיצירן אַ רוף געטאָן זייערע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן זיך געלאָזט צו די וואַגאָנען. די עס־עס־לייט האָבן געעפנט אויף זיי אַ פייער און עס האָט זיך צעפלאַקערט אַ קאַמף צווישן די איטאַליענער און די נאַציס[70].

דאָס איז געווען נישט דער איינציקער פאַל, ווען איטאַליענער האָבן זיך אַריינגעלאָזט אין אַ קאַמף מיט די דייטשן, וועלנדיק העלפן יידן.

ווי שוין דערמאָנט אין קאַפּיטל שפּאַניע, האָט גענעראַל פראַנקאָ געמאָלדן, אַז די יידן (ספרדים), וואָס שטאַמען פון גירוש שפּאַניע, ווערן אויטאָמאַטיש שפּאַנישע בירגער. דאָס האָבן די דייטשן אויסגענוצט אין איטאַליע, ווי אַ טריק אַריינצונאַרן יידן. זיי האָבן מודיע געווען, אַז די יידן, וואָס געניסן פון שפּאַנישער בירגערשאַפט, קאָנען זיך מעלדן אין דער אַרטשאַפט מעינאַ, וואָס ליגט ביי לאַגאָ מאַדזשאָרע. דאָרט, האָבן די דייטשן פאַרזיכערט, וועלן די יידן ווערן איינגעאָרדנט אין אַן ערשטקלאַסיקן האָטעל, ווו זיי וועלן זיין אויף אַלעם גרייטן און קאָנען רויק איבערוואַרטן ביזן אויסטויש קיין שפּאַניע.

אויף דעם דאָזיקן אויפרוף האָבן זיך אָפּגערופן די ערשטע 15 פּערזאָן און זענען מיט זייער האָב און גוטס אָנגעקומען אין דעם לוקסוס־אַרטיקן האָטעל אין מעינאַ. קיין ווייטערדיקע יידן האָבן זיך אָבער נישט געמאָלדן.

אין דער נאַכט פון 22סטן אויפן 23סטן מאַי 1943 זענען געקומען עס־עס־לייט צום האָטעל, אַרויסגעפירט פון דאָרט די „שפּאַנישע" יידן, צוגעפירט זיי צום ברעג פון טייך מאַדזשאָרע, אַרומגעוויקלט זייערע קעפּ מיט זעק, צוגעבונדן צו זיי שווערע שטיינער, און אַריינגעוואָרפן די

לייכטגלויביקע יידן, וואָס האָבן זיך געלאָזט אַריינקריגן אין דער פּאַסטקע, אין טייך אַריין.

צו באַערן די קרבנות פון דער דייטשישער אכזריות, האָבן די ביר־גערמייסטער פון אַראָנאַ און מעינאַ — אַליין פאַשיסטן — אויפגעשטעלט אַ דענקמאָל אויפן שאָסיי, וואָס פירט פון אַראָנאַ קיין סטרעסאַ, אַ פּאָר טריט פונעם פּלאַץ, ווו דאָס פאַרברעכן איז באַגאַנגען געוואָרן,ביים ברעג פון לאַגאָ מאַדזשאָרע. אויף דעם דענקמאָל זענען געוואָרן אויסגעקריצט די נעמען פון די יידן, וועלכע זענען דורך די דייטשן דערטרונקען גע־וואָרן אין דער נאַכט פון 22סטן יוני 1943. צום דענקמאָל פלעגן די איינ־וווינער פון די אַרומיקע שטעט כסדר ברענגען בלומען. די דייטשן האָבן דעם דענקמאָל צעשטערט, אָבער די איטאַליענער האָבן אים אויף ס'ניי אויפגעשטעלט. אַזוי האָט עס זיך כסדר איבערגעחזרט — ביז די דייטשן זענען פאַרטריבן געוואָרן פון איטאַליע.

דער דענקמאָל שטייט דאָרט ביזן היינטיקן טאָג. יעדן זונטיק קומען אַהין איטאַליענער און לייגן דאָרט אַוועק בלומענקרענץ. יאָר־איין יאָר־אויס, אינעם יאָרטאָג פון אומברענגען די גרופּע יידן, זאַמלען זיך דאָרט צונויף די פאָרשטייער פון די שטאָט־פאַרוואַלטונגען, ווי אויך די איינ־וווינער פון אַראָנאַ און מעינאַ, און ביי אַ געהעריקער צערעמאָניע ווערט באַערט דער אָנדענק פון די אומגעבראַכטע יידן.

פאָלגנדיקע נעמען זענען אויסגעקריצט אויף דעם דענקמאָל:

פ ע ר ב אַ נ ד ע ז — דינאַ, פעטראַ, ליליאַנאַ, דזשאָוואַני, ראָבער־טאַ, ביאַנקאַ;

פ ר י י ל י ך — מאַצוטשעלי, לאָטע;

מ אַ ד י אַ נ אַ — דאַגיעלע;

מ אַ ס ע ר י — ראַשעל, רענאַטאַ, אַדעטע, מאַרקאָ;

פּ אַ מ פּ אַ ז — וויטאָריאָ;

ט אָ ר ע ז — ראַול, וואַלעריע.

דער דענקמאָל שטייט ווי אַ ליכטיקער שטראַל פון יענער פינצטערער תקופה בימי היטלער. פאַר אונדז, יידן דאַרף דאָס דינען ווי אַ מאָנומענט פאַרן איידעלן איטאַליענישן פאָלק, וואָס האָט מיט דער דאָזיקער האַנד־

לונג פון אויפשטעלן דעם דענקמאַל, ווי אויך פאַר אַלע אַנדערע וווּנדער־באַרע טעטיקייטן ביים ראַטעווען פאַרפאַלגטע יידן, אַרויסגעוויזן אַזוי פיל מאַראַלישע דערהויבנקייט און אמתע מענטשלעכקייט. דאָס פאַרדינט פאַר־צייכנט צו ווערן אין די העראָישע בלעטער פונעם פנקס פון אונדזער מאַרטירער־געשיכטע.

## איבער די גרענעצן פון סלאָוואַקיע

הגם סלאָוואַקיע איז שוין פון יאָר 1939 געווען אַ זעלבשטענדיקע, פּראָנאַצישע רעפּובליק, אין וועלכער עס האָבן געלעבט ביי 89.000 יידישע נפשות[17]. און ווו עס האָט געהערשט דער „יידישער קאָדעקס", האָבן יידן פון פּוילן זיך באַמיט אַריבערצוקריגן איבער די גרענעצן פון סלאָ־וואַקיע — צו יענער צייט די איינציקע מדינה, פון וואַנען מען האָט גיכער געקאָנט דערשלאָגן זיך פון פּוילן קיין רומעניע. פון רומעניע האָט מען געהאָפט אַרויסצובאַקומען זיך מיט שיפן אין דער פרייער וועלט אַריין. דאָס איז צו יענער צייט געווען די איינציקע מעגלעכקייט. נישט געקוקט אויף דער נייער אַנטי־יידישער געזעצגעבונג, איז נאָך דאָרט אָנגעגאַנגען אַ גוט אָרגאַניזירט קהילה־לעבן, יידן זענען געווען באַ־שעפטיקט פיל ווייניק, אמת אין אַ באַגרענעצטער פאָרעם, און זיי האָבן געהאָלפן אויף פאַרשידענע אופנים די פליטים, וועלכע זענען אָהין געקו־מען. לרוב זענען די פליטים באַשטאַנען פון יונגע חלוצים פון אַלע עקן פּוילן, וועלכע האָבן געשטרעבט אַריינצובאַקומען זיך קיין ארץ־ישראל — דעמאָלט נאָך אונטער אַ בריטישן מאַנדאַט.

הגם אין סלאָוואַקיע האָט זיך שוין געפונען אייכמאַנס פאַרטרע־טער — באַראָן דיטער פאָן וויסליצעני, וועלכער איז געווען באַשטימט צו „לייזן" די יידן־פראַגע אין סלאָוואַקיע און צוגעגרייט די דעפּאָרטאַציע פון די דאָרטיקע יידן, איז דאָס גנבענען זיך איבער דער גרענעץ ווייטער אָנגעגאַנגען.

אַ גרופּע פון 13 יידן, וועלכע זענען אַריבער די גרענעץ פון פּוילן קיין סלאָוואַקיע דעם 24סטן דעצעמבער 1942, האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין אַן אַלטער פאַרלאָזענער געביידע. איינעם פון דער גרופּע, משה

וורובעל, פונעם גאַליצישן שטעטל בוקאָווסק, וועלכער האָט שוין באַוויזן צו זיין אין אויסראַטונג־לאַגער בעלזשעץ, ווו ער איז געווען באַשעפטיקט ביים באַגראָבן דאָרט די אומגעבראַכטע יידן, איז געלונגען צו אַנטלויפן, זיך צו דערשלאָגן קיין סלאָוואַקיע, און לסוף זיך צו ראַטעווען אין דער שווייץ.

פון אַ באַריכט, וואָס ער האָט אָפּגעגעבן אין דער שווייץ וועגן זיינע פּעריפּעטיעס, וואָס קלינגט ממש פאַנטאַסטיש, איז כדאי צו ציטירן אַ געוויסן אָפּזאַץ.

וורובעל שרייבט אין דעם באַריכט:

„פרייטיק ביי נאַכט, דעם 25סטן דעצעמבער 1942, בין איך אַוועק צו אַ באַקאַנטן גרענעץ־שמוגלער אין סלאָוואַקיע און געבעטן אים צו פאַרשאַפן פאַר אונדז 13 רעוואָלווערן און 4 ביקסן. איך האָב אים דער־קלערט, אַז מיר האָבן בדעה צו פירן אַ פּאַרטיזאַנער־לעבן. דער גרענעץ־שמוגלער האָט מיך אָבער דערפון אָפּגערעדט און געראָטן זיך בעסער אַריינצוקריגן קיין שווייץ. ער האָט מיר געגעבן דעם אַדרעס פון אַ יידן, וואָס שיקט אַוועק פון דאַנען קוילן קיין שווייץ. פאַרן געלט, וואָס מיר האָבן בדעה אויסצוגעבן אויף איינקויפן געווער, קאָנען מיר האָבן די מעגלעכקייט אַריינצוקריגן זיך קיין שווייץ, צו דריי מענטשן אין אַ וואַגאָן.

„איך האָב זיך באַראָטן וועגן דעם מיט מיינע חברים. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דערווייל זאָל מען אַרויסשיקן קיין שווייץ מיך און נאָך צוויי חברים פון אונדזער גרופּע, און נאָכן אָנקומען אַהין בשלום, זאָלן מיר מודיע זיין וועגן דעם טעלעגראַפיש די איבעריקע חברים, וועלכע וועלן וואַרטן אין סלאָוואַקיע.

„שבת ביי נאַכט האָט אונדז דער שמוגלער אַוועקגעפירט מיט אַן אויטאָ צו דעם דערמאָנטן ייד. מיר זענען ביי אים פאַרבליבן ביז ביי נאַכט דעם 28סטן דעצעמבער 1942. צען אַ זייגער אין אָוונט זענען מיר אַריין אין וואַגאָן און זיך אויסבאַהאַלטן אונטער די קוילן. די נסיעה האָט געדויערט אַכט טעג און ניין נעכט. אין פעלדקירך, עסטרייך, האָבן די דייטשן געעפנט דעם וואַגאָן, אין וועלכן מיר זענען געלעגן אויסבאַהאַלטן, אָבער זיי האָבן אונדז דאָרט נישט געפונען.

מיטוואָך, דעם 6טן יאַנואַר 1943, האָבן די אַרבעטער אין דער שווייץ אונדז אַרויסגענומען פון וואַגאָן. איך בין געווען אַזוי אָפּגעשוואַכט, אַז כ'האָב זיך נישט געקאָנט האַלטן אויף די פיס. מען האָט אונדז אַוועקגענומען אין שפּיטאָל אַריין און פון דאָרט — אין תפיסה קיין בוקס, ווו מען האָט אונדז געהאַלטן דריי וואָכן. דערנאָך האָט מען אונדז איבערגעפירט אין אינטערנירונג־לאַגער וואַלד".

אַזעלכע גליקלעכע צופאַלן זענען אָבער געווען זייער זעלטן.



אין חודש מיי 1943 האָט מען אָנגעהויבן דאָס פּלאַנמעסיקע אַריבערשמוגלען יידן קיין סלאָוואַקיע. בראש פון דער דאַזיקער אַקציע איז פון אָנהייב געשטאַנען אַ מיטגליד פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג, ישראל יוסט, פון יאַסלאָ, (מערב־גאַליציע). ער האָט אָנגעבונדן אַ קאָנטאַקט מיט אייניקע מיטגלידער פון דער פּוילישער אונטערערדישער באַוועגונג, וועלכע האָבן אים צוגעשטעלט פאַלשע דאָקומענטן, ווי קענקאַרטעס און אַרבעט־לעגיטימאַציעס. מען האָט זיך אויך פאַרבונדן מיט שמוגלערס, וואָס האָבן זיך באַשעפטיקט מיט אַריבערפירן דורך דער גרענעץ קיין סלאָוואַקיע, דורך די דערפער אין די בערג, פון די שטעט נאָווי־טאַרג און זאַקאָפּאַנע. דורך דער דאַזיקער גרענעץ האָט מען אַריבערגעפירט קיין סלאָוואַקיע, גרופּנווייז, צו זעקס־אַכט מענטשן, לרוב פון מערב־גאַליציע און פון זאַגלעמביער געגנט, ווי אויך איינצלנע מענטשן פון קאָנגרעס־פּוילן[72].

אין סלאָוואַקיע האָט זיך די בריחה געפונען אויפן גרענעץ־פּונקט, אין דער שטאָט מיטלאַש. אין דער געביידע פון דער דאָרטיקער יידישער קהילה איז געווען דער איבערגאַנג־פּונקט. אַהין זענען געבראַכט געוואָרן די פּליטים, וואָס זענען געקומען פון פּוילן. פון מיטלאַש זענען די מענטשן אַוועקגעשיקט געוואָרן אין דער הויפּטשטאָט פון סלאָוואַקיע — בראַטיסלאַוואַ (פּרעסבורג). פון דאָרט ווייטער דורך קאַשאַו — די סלאָוואַקיש־אונגאַרישע גרענעץ — קיין בודאַפּעשט.

בראש פון דער בריחה אין סלאָוואַקיע, וואָס האָט זיך נאָך פריער געשאַפן, איז געשטאַנען א. שוואַרץ, באַבי רייך און יעקב בעניטאַ.

עס האָט אויך טיכטיק געאַרבעט דער יידישער הילף־קאָמיטעט, וואָס האָט זיך שטאַרק מטפל געווען מיט דער גרויסער צאָל פּליטים, וואָס האָבן פון אָנהייב מלחמה געשטראָמט קיין סלאָוואַקיע, כדי ווייטער צו קאָנען פאָרן קיין אונגאַרן און רומעניע. פון דאָרט האָט מען געהאָפט זיך אַרויפצוקריגן אויף שיפן, אין פּאָרט קאָנסטאַנצאַ. נישט געקוקט אויף דעם וואָס סלאָוואַקיע איז שוין פון מאַרץ 1939 געווען ענג פאַרבונדן מיט היטלער־דייטשלאַנד, איז די רעטונג־אַרבעט פון די סלאָוואַקישע יידן געפירט געוואָרן זייער אינטענסיוו, כאָטש עס זענען געווען גרויסע סכנות, וואָס האָבן געדראָאָט פון אַלע זייטן. חוץ דעם האָט פון סוף יולי 1940 שוין אַמטירט אין סלאָוואַקיע אייכמאַנס פאַרטרעטער באַראָן דיטער פאָן וויסליצעני, וועלכער האָט בראש פון אַ גרופּע עס־עס־לייט, גענומען אונטער זיין „שוץ" די סלאָוואַקישע יידן. פיל הונדערטער יידן־פליטים איז אָבער דאָך געלונגען אַריבערצוקריגן זיך איבער די גרענעצן פון סלאָוואַקיע.

צום סוף איז כדאי צו דערמאָנען דעם „אויסטויש־פּלאַן" פון די יידן. זומערצייט 1942, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די אויסזידלונגען פון די יידן אין סלאָוואַקיע, זענען אין בראַטיסלאַוואַ געפירט געוואָרן אונטער־האַנדלונגען וועגן „אויסטויש" מיטן פאַרטרעטער פון אַדאָלף אייכמאַן — באַראָן פאָן וויסליצעני.

די אָנפירערין פון „וויצאָ" אין בראַטיסלאַוואַ, פרוי גיזי פליישמאַן און דער רב פון בראַטיסלאַוואַ — ווייסמאַנדעל האָבן, אין נאָמען פון דער יידישער קהילה, אָנגעבונדן אַ קאָנטאַקט מיט וויסליצעני און אים פאַרגע־לייגט אויסצוקויפן די יידן. וויסליצעני האָט פאַרלאַנגט פאַר יעדן יידישן קאָפּ צו צוויי ענגלישע פונט. אַזוי אַרום איז געלונגען צו ראַטעווען פון אַ זיכערן טויט אַ געוויסע צאָל יידן, נאָך דעם ווי עס זענען שוין געוואָרן דעפּאָרטירט ביי 40.000 יידן. די דאָזיקע „טראַנזאַקציע" איז אָנגעגאַנ־גען — ביז עס איז אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד.

וויסליצעני האָט פאַרגעלייגט פרוי פליישמאַן צו פאַרקויפן אַלע יידן

פון אייראָפּע, חוץ די יידן פון דייטשלאַנד און פּוילן, פּאַר אַ סומע פון צוויי מיליאָן דאָלאַר. פרוי גיזי פליישמאַן איז געווען די פאַרבינדלערין צווישן וויסליצעני, דער סלאָוואַקישער קהילה און דער שווייץ, פון וואַנען מען האָט געזאָלט קריגן דאָס געלט.

וויסליצעני האָט דעם „פּלאַן אייראָפּע" — ווי מען האָט אים גע־רופן — פאַרגעלייגט אייכמאַנען, וועלכער האָט, נאָך לאַנגע וואַקלענישן, איבערגעשיקט צו באַשטעטיקן אים צו הימלערן. די אונטערהאַנדלונגען וועגן דעם האָבן זיך געצויגן אַ יאָר צייט. דער דזשאָינט אין דער שווייץ האָט פאַרגעלייגט צו דעפּאָנירן די פאַרלאַנגטע סומע אין אַ שווייצאַרישער באַנק, וווּ זי האָט געדאַרפט אויסגעצאָלט ווערן נאָכן פאַרענדיקן פון דער מלחמה.

פון דעם פּלאַן איז אָבער גאָרנישט געוואָרן, ווייל הימלער האָט (אין אויגוסט 1943) זיך אָנטקעגנגעשטעלט און נישט דערלאָזט צום אויסטויש. וויסליצעני האָט די שולד פונעם דורכפאַל געוואָרפן אויף די יידן, מיטן מאָטיוו, אַז עס איז צו לאַנג אָפּגעשלעפּט געוואָרן, און דאָס געלט איז נישט אָנגעקומען אין דער געהעריקער צייט.

פרוי פליישמאַן האָט אויך געשפּילט אַ גאָר וויכטיקע ראָל ביים ראַטעווען יידישע קינדער, צווישן וועלכע עס איז געווען אַ גרעסערע גרופּע, וואָס מען האָט געבראַכט פון פּוילן. איר איז געלונגען די קינדער אַריבערצוּוואַרפן די גרענעץ קיין אונגאַרן, פון וואַנען מען האָט זיי ווייטער טראַנספּאָרטירט מיט אַ שיף, דורך רומעניע, קיין ארץ־ישראל.

ווי נאָר די אונטערהאַנדלונגען וועגן אויסקויף פון די אייראָפּעישע יידן האָבן זיך פאַרענדיקט מיט אַ דורכפאַל, האָט זיך אָנגעהויבן די לי־קווידאַציע פון די נאָך איבערגעבליבענע יידן אין סלאָוואַקיע. די דעפּאָר־טאַציעס זענען אָנגעגאַנגען אין אַ שנעלן טעמפּאָ אונטער דער פּערזענלעכער לייטונג פון אייכמאַנס רעכטער האַנט דעם עס־עס־האַופּטשטורמפירער באַראָן דיטער פאָן וויסליצעני[73]. פרוי גיזי פליישמאַן האָט ער אָוועק־געשיקט, בעת דעם אויפשטאַנד אין סלאָוואַקיע, קיין אוישוויץ, אין די גאַזקאַמערן אַריין.

אין יאָר 1940 זענען אין סלאָוואַקיע איינגעפּירט געוואָרן דריי אָר־

בעט־לאַגערס: סערעד, ווינע און נאָוואַקי. סוף 1941 זענען פון די 15 טויזנט יידן פון בראַטיסלאַוואַ אַריבערגעפירט געוואָרן אין די פּראָווינץ־שטעט און אין דער געגנט פון מזרח־סלאָוואַקיע, סאַריע־זעמפּלין, 10.000 יידן. דאָרט האָט זיך געפונען אַ דריטל פון אַלע סלאָוואַקישע יידן. די איבעריקע יידן זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן אין די אַרבעט־לאַגערס.

נאָך דעם ווי עס זענען דעפּאָרטירט געוואָרן איבער פערציק טויזנט יידן (אין די יאָרן 1940—1941) האָט דער סלאָוואַקישער פּאַרלאַמענט אָנגענומען אַ געזעץ־פּראָיעקט, וואָס האָט לעגאַליזירט דאָס דעפּאָרטירן יידן פון לאַנד (מאַי 1942). פון יאָר 1939 ביז 1945 זענען אומגעקומען 110.000 יידן. אין דער דאָזיקער צאָל זענען שוין אַריינגערעכנט די יידן פון די שטחים, וואָס זענען אַריבער צו אונגאַרן.

פון סלאָוואַקישן ישוב, וואָס האָט פאַר דער מלחמה געציילט 136.737 יידן, זענען געבליבן בלויז 25.000 [74].

# אונגאַרן

**„סחורה פאַר בלוט, בלוט פאַר סחורה" — אַדאָלף אייכמאַן**

ווען קיין אונגאַרן האָבן אָנגעהויבן צו דערגיין ידיעות וועגן די פאַרפאָלגונגען און רציחות קעגן די יידן אין פוילן, האָבן די דאָרטיקע יידן געהאַלטן, אַז די אינפאָרמאַציעס זענען מסתמא איבערגעטריבענע. די פליטים, וועלכע האָבן אָנגעהויבן צו שטראָמען פון פוילן און פון סלאָוואַקיע, האָבן איבערגעגעבן גרויליקע פּרטים וועגן די געשעענישן, וואָס שפּילן זיך אָפּ אין פוילן. זיי האָבן געוואָרנט קעגן דער געפאַר, וואָס דראָט אויך די אונגאַרישע יידן. זיי האָבן אָבער אָנגעטראָפן אויף פאַרמאַכטע אויערן ביי די יידישע מנהיגים אין אונגאַרן, וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז דאָס קאָן אין אונגאַרן נישט געשען. די האַרטי־רעגירונג — האָבן זיי געזאָגט — וועט דערצו נישט דערלאָזן, הגם עס איז שוין פאַרגעקומען אַ מאַסאַקרע פון יידן אין נאָווי־סאַד, וואָס האָט איינגעשלונגען טויזנט יידישע לעבנס.

ערשט ווען די פאַרשטייער פון דער יידישער קהילה אין בודאַפּעשט האָבן זיך דערוווּסט, אַז דער דייטשישער אַמבאַסאַדאָר פאָן יאַגאָוו האָט דעם 17טן נאָוועמבער 1942 איבערגעגעבן דער אונגאַרישער רעגירונג אַ נאָטע צוצוגרייטן די דעפּאָרטאַציע פון די אונגאַרישע יידן „אויף מזרח", האָט מען שוין די וואָרענונגען פון די פּוילישע פּליטים גענומען גאַנץ ערנסט. נאָך דערצו, ווען באַקאַנטע געזעלשאַפטלעכע טוער, וועלכע עס איז געלונגען צו אַנטלויפן פון זאַגלעמביער ראַיאָן אין פוילן און אָנצוקומען קיין אונגאַרן, האָבן איבערגעגעבן וועגן די גאַזקאַמערן אין אוישוויץ, טרעבלינקע, בעלזשעץ א"אַ טויטלאַגערס, וווהין עס ווערן געבראַכט

יידן פון אויסלאַנד, דעמאָלט איז מען צוגעטראָטן אַנצונעמען פאַרזיכט־כּיטלען, כדי זיך צו שיצן פאַר אַ מעגלעכער געפאַר, וואָס קאָן דראָען אויך די אָרטיקע יידן. עס איז געשאַפן געוואָרן אַן אונטערערדישער הילף־און רעטונג־קאָמיטעט (ועד הצלה), וואָס האָט דורך ספּעציעל געדונגענע, גוט באַצאָלטע שליחים (קוריערן פון אויסלענדישע אַמבאַסאָדעס און אַגענטן פון אונגאַרישן אויסערן־מיניסטעריום) אַנגעבונדן אַ קאָנטאַקט מיט די יידישע אָרגאַניזאַציעס אין אויסלאַנד (טערקיי, שווייץ און פּאָר־טוגאַל) און דורך זיי — אויך מיט די פאַראייניקטע שטאַטן און ענגלאַנד. דורך די דאָזיקע שליחים האָט מען געקריגן צוגעשיקט בריוו און געלט. ביז דעמאָלט האָט די יידישע קהילה אין בודאַפּעשט זיך פאַרנומען בלויז מיט די אינערלעכע יידישע ענינים און מיט צוטיילן הילף די אָנגעקומענע פּליטים, ווי אויך ביים איבערשיקן חלוצים קיין ארץ־ישראל דורך רומעניע.

בראש פונעם „ועד הצלה" זענען געשטאַנען אָטאָ קאָמאָדעי, פאַרזיצער, ד"ר קאַסטנער, ווי זיין פאַרטרעטער, יואל בראַנד א"אַ.

אין יאָר 1939 האָט די בריטישע מאַנדאַט־מאַכט אין ארץ־ישראל באַשטימט פאַר דער יידישער איינוואַנדערונג קיין ארץ־ישראל 1.000 סערטיפיקאַטן. פון דער דאָזיקער צאָל איז צוגעטיילט געוואָרן פאַר אונ־גאַרן צו 50 קינדער־סערטיפיקאַטן אַ חודש. די אַזוי גערופענע קינדער־סערטיפיקאַטן זענען בעת דער מלחמה אויסגענוצט געוואָרן אויך פאַר דערוואַקסענע. עס מוז אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז קודם כל זענען זיי פאַרטיילט געוואָרן צווישן די פּליטים (לרוב פון פּוילן און סלאָוואַקיע), וועלכע עס האָט געדראָט צו ווערן דעפּאָרטירט. אַ דאַנק די קינדער־סער־טיפיקאַטן האָט מען געהאַט די מעגלעכקייט אָוועקצושיקן קיין ארץ־ישראל אַ גרעסערע צאָל יידן — לרוב חלוצים. אָבער מער ווי 50 מענטשן האָט מען לעגאַל נישט געקאָנט שיקן. האָבן זיך געמאַכט אַנדערע מעגלעכקייטן. אַזוי, למשל, האָט דער קאָנסולאַט־לייטער פון דער רעפּובליק סאַלוואַדאָר אין דער שווייץ, זשאָרזש מאַנטעלאָ — אַליין אַן אונגאַרישער ייד (זיין פריִערדיקער נאָמען איז געווען מאַנדעל) צוגעשיקט קיין אונגאַרן אַ צאָל פּעסער און אַזוי אַרום „לעגאַל" אַרויסגעראַטעוועט נאָך אַ ביסל יידן. מען האָט זיך אויך גענומען צו פעלשן סערטיפיקאַטן אויפן אָרט.

אין בודאַפּעשט האָט אָנגעהויבן צו אַמטירן נאָך אַ הילף־קאָמיטעט פאַר פּליטים. דער ערשטער, וואָס האָט אָרגאַניזירט דעם דאָזיקן קאָמיטעט (בריחה) איז געווען יוסף קאַרניאַנסקי. די אויפגאַבע פון דעם קאָמיטעט איז געווען צו דערטיילן הילף די פּליטים, געקומענע פון פוילן, און זיי צו דערמעגלעכן ווייטער צו פאָרן, דורך רומעניע, קיין ארץ־ישראל. ווען קאַרניאַנסקי איז שפּעטער אָוועק קיין ארץ־ישראל, איז בראש פון דער דאָרטיקער בריחה געשטאַנען דער שליח פון דער ציוניסטישער יוגנט־באַוועגונג אין וואַרשע — צבי גאָלדפאַרב. ער איז דורך סלאָוואַקיע גע־קומען קיין אונגאַרן און איז שוין דאָרט פאַרבליבן אויף זיין אַמט ביזן סוף פון דער מלחמה.



צו אַ צוזאַמענטרעף צווישן די פאַרשטייער פון די ביידע יידישע הילף־ און רעטונג־קאָמיטעטן איז געקומען דעם 1טן יאַנואַר 1944. ערשט דעמאָלט איז דערמעגלעכט געוואָרן די ערשטע אָפיציעלע באַגעגעניש צווישן די פאַרשטייער פון די פּוילישע פּליטים: צבי גאָלדפאַרב, דוד ליוועד, ישראל יוסט א״אַ און די יידישע פאַרטרעטער פון אונגאַרן: יואל בראַנד, ד״ר רודאָלף קאַסטנער, דוזשע שיין א״אַ. ליידער איז ביז דעמאָלט נישט געווען קיין קאָאָרדינאַציע צווישן די צוויי יידישע הילף־קאָמיטעטן.

די אַקציע ביים אויסאַרבעטן פאַלשע דאָקומענטן, כדי צו שיצן די יידן אין אונגאַרן פון דעפּאָרטאַציע און „איבערזידלונגען" אין די געשאַפּענע געטאָס אויף דער פּראָווינץ, האָט זיך פאַרשטאַרקט. צווישן די פאַלשע דאָקומענטן און ארץ־ישראל־סערטיפיקאַטן, וואָס מען האָט פאַבריצירט אין בודאַפּעשט, זענען געווען אויך פּערסישע פּעסער. אונגאַרישע אָדער אַנדערע יידן זענען איבער דער נאַכט געוואָרן בירגער פון איראַן. ווען אַזעלכע פּעסער האָבן זיך אָנגעהויבן צו מערן אין אונגאַרן, האָט די אונ־גאַרישע מאַכט און שפּעטער אויך די דייטשן, אָנגעהויבן אויסצופאָרשן די לעגאַלקייט פון די דאָזיקע פּעסער און פון די „פּערסישע" בירגער. צום גליק איז דער ממונה און מומחה איבער דער „כשרות" פון פּערסישע ענינים אין בודאַפּעשט געווען ביי זיי אַכמעד יוסוף, אַ פּערס, וואָס האָט

געאַרבעט אין שווייצאַרישן קאָנסולאַט אין בודאַפּעשט. אין יעדן פאַל האָט אַכמעד יוסוף געדאַרפט באַשטעטיקן צי דער אינהאַבער פון אַ פּערסישן פּאַס איז באמת אַן איראַנישער בירגער.

ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן נאָך דער מלחמה, איז דער איראַנישער מומחה אַליין געווען אַ ייד, וועלכער האָט גלענצנדיק געשפּילט די ראָל פון אַ פּערס און אַזוי אַרום געהאָלפן ראַטעווען אַ געוויסע צאָל יידן.

פון אונגאַרן האָט מען די יידן אַריבערגעשיקט איבער דער גרענעץ, דורך גראָסוואַרדיין, קיין רומעניע און פון פאָרט קאָנסטאַנצאַ זענען זיי מיט שיפן אַפּגעשווומען ווייטער. דער ערשטער גרויסער טראַנספּאָרט איז באַשטאַנען פון 780 יידן. כדי דורכצופירן אויף אַ געלונגענעם אופן די גאַנצע אַקציע, האָט מען געמוזט פון אַלע זייטן געבן שוחד. אַן דעם האָט מען זיך בכלל נישט געקאָנט רירן פון אָרט.

אַ גאַר גרויסע ראָלביים ראַטעווען יידן אין אונגאַרן האָט געשפּילט אַ יונגער שוועדישער דיפּלאָמאַט, ראָול וואַלענבערג, וועלכער איז געקו־מען קיין אונגאַרן דעם 9טן יולי 1944, ד״ה נאָך דעם ווי די דייטשן האָבן אָקופּירט דאָס לאַנד. ער האָט ביי דער שוועדישער אַמבאַסאַדע געגרינ־דעט אַ ספּעציעלע סעקציע (וואָס איז באַצייכנט געוואָרן מיטן בוכ־שטאַב „C״), דורך וועלכער ער האָט באַזאָרגט יידן מיט שוצפּעסער, וואָס האָט זיי געראַטעוועט פון דעפּאָרטאַציע קיין אושוויץ[75].

די שוועדישע רעגירונג, וואָס האָט פאַרטראָטן די דייטשישע אינטע־רעסן אין די מיט היטלער־דייטשלאַנד קריגפירנדיקע לענדער, האָט נאָך אין אַפּריל 1943 זיך באַמיט אַרויסצוקריגן פון היטלער־דייטשלאַנד און פון די דורך איר אָקופּירטע לענדער, טויזנטער יידישע קינדער און זיי אַריבערפירן צו זיך אין לאַנד. דאָס איז זיי דעמאָלט נישט געלונגען. איין גרויסע אַקציע, וואָס איז זיי יאָ געלונגען, איז די דורכגעפירטע רע־טונג פון די דענישע יידן, וועלכע שוועדן האָט אויפגענומען ביי זיך אין לאַנד. דאָס איז געשען אין משך פון איין נאַכט, נישט געקוקט אויף די שטאַרקע פּראָטעסטן און פאָדערונג פון די דייטשן זיי צוריק אָפּצושיקן קיין דענעמאַרק.

וואַלענבערג איז באַפולמעכטיקט געוואָרן פון זיין רעגירונג אַרויס־

צוגעבן אין אונגאַרן 5.000 שוצפּעסער פאַר יידן, אָדער ווי מען האָט זיי גערופן „וואַלענבערג־פּעסער". ער האָט אָבער אויף אייגענער האַנט אַרויס־געגעבן נאָך 15.000 אַזעלכע שוצפּעסער. וואַלענבערגס ביישפּיל האָט נאָכגעטאָן דער קאָנסול פון שווייצאַריע אין בודאַפּעשט — טשאַרלס לוץ, וועלכער האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ גרעסערע צאָל שוצפּעסער פאַר יידן. אַזוי אַרום האָבן די צוויי אויסלענדישע דיפּלאָמאַטן דערמעגלעכט, אַ דאַנק די אויסגעשטעלטע פּעסער אָפּצוראַטעווען טויזנטער יידן פון אַ זיכערן טויט. דעם שייַנעם ביישפּיל פון די צוויי דיפּלאָמאַטן האָבן נאָכגעטאָן, אין אַ קלענערן מאַסשטאַב, די דיפּלאָמאַטישע פאַרשטייער פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל, ווי אויך — דער פּויפּסטלעכער נונציוס מאָנסיניאָר אַנ־דזשעלאָ ראָטאָ.

אַ דאַנק וואַלענבערגס איניציאַטיוו איז אויך געלונגען צו שאַפן אַ גאַנצן קאָמפּלעקס הייזער, ווו עס האָבן זיך אויפגעהאַלטן די אַלע יידן, וואָס האָבן געהאַט אויסלענדישע שוצפּעסער. אַזוי אַרום איז אַנטשטאַנען אַן „אינטערנאַציאָנאַלע שטאָט" פון „אויסלענדער", ווו עס האָבן געלעבט און איבערגעלעבט די מלחמה אַרום 30.000 יידן, פון דעם: 20.000 מיט שוועדישע שוצפּעסער; 8 טויזנט — מיט שווייצאַרישע דאָקומענטן; 800 — מיט שפּאַנישע און פּאָרטוגעזישע שוצפּעסער.

דער גרויסער הומאַניטאַריער און יידנפריינד ראַול וואַלענבערג, וועל־כער האָט אייגנער אַליין באַוויזן אָפּצוראַטעווען מער יידן ווי דאָס האָבן געטאָן גרויסע מדינות, האָט אָבער זיך אַליין נישט געקאָנט ראַטעווען. ער איז אַרעסטירט געוואָרן דעם 17טן יאַנואַר 1945 דורך דער אַרייַנ־מאַרשירנדיקער סאָוויעטישער אַרמיי און איז אַוועקגעפירט געוואָרן קיין סאָוויעט־רוסלאַנד. דאָרט איז ער דערמאָרדעט געוואָרן.



ביז מאַרץ 1944 האָבן די יידישע פאַרשטייער אין אונגאַרן געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט די אונגאַרישע רעגירונג־אָרגאַנען וועגן אָפּשטעלן די גזירה פון שאַפן געטאָס פאַר די יידן, וואָס דער דייטשישער אַמבאַסאַדאָר

יאַגאָוו האָט נישט אויפגעהערט צו פאָדערן. ווען די דייטשן האָבן אָבער דורכגעפירט זייער אינוואַזיע אויף אונגאַרן, דעם 19טן מאַרץ 1944, האָבן די אינטערווענצן ביי דער אונגאַרישער מאַכט מער נישט געהאָלפן. צו־זאַמען מיט דער ווערמאַכט איז קיין בודאַפעשט אָנגעקומען אַדאָלף אייכ־מאַן מיט זיין „זאָנדער־קאָמאַנדאָ". עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף צווישן דער דייטשישער ווערמאַכט און עס־עס־אָרגאַנען איבער די קאָמפּעטענצן, אין שייכות מיטן גורל פון די אונגאַרישע יידן.

דער ראַט פאַר הילף און רעטונג פון די אונגאַרישע יידן האָט אויס־גענוצט די דאָזיקע אַנטאַגאַניזמען פון דער ווערמאַכט מיט דער עס־עס און אונטערגעקויפט די קוריערן פון דייטשישן קאָנטער־שפּיאָנאַזש פון דער ווערמאַכט. דורך זיי האָט מען אָנגעהאַלטן קאָנטאַקטן מיט די יידישע אינסטיטוציעס פון די בייטראַלע לענדער, פון וואַנען מען האָט באַקומען צוגעשיקט גרעסערע סומעס געלט, (ביז דעמאָלט זענען די קאָנטאַקטן אָנגעהאַלטן געוואָרן דורך די אונגאַרישע קאָנטער־שפּיאָנאַזש־אַגענטן).

דעם 19טן אַפּריל 1944 האָט די דייטשישע ווערמאַכט אַריבערגעפירט 320 טויזנט יידן אין ספּעציעל פאַר זיי צוגעגרייטע געטאָס אויף דער פּראָווינץ. די ווערמאַכט האָט באַשלאָסן צו קאָנצענטרירן די יידן אין די אַרבעט־לאַגערס, ווו זיי זאָלן נישט ווערן אָפּגעטיילט פון זייערע משפחות. די דאָזיקע לאַגערס האָבן, לויט דעם פּלאַן, געדאַרפט שטיין אונטער דער אויפזיכט פון אינטערנאַציאָנאַלן רויטן קרייץ און זיין פאַרזיכערט, אַז פון די דאָזיקע לאַגערס זאָלן נישט פאָרקומען קיין שום דעפּאָרטאַציעס. דער פאָרשטייער פון דייטשישן קאָנטער־שפּיאָנאַזש ד״ר שמידט האָט וועגן דעם באַשלוס פון דער ווערמאַכט מודיע געווען די מיטגלידער פון ועד הצלה. די אַגענטן האָבן פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל מודיע זיין וועגן דעם דער יידישער אַגענץ אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, ווי אויך איבערשיקן אַהין אַ רשימה מיט נעמען פון די דייטשן, אַ דאַנק וועלכע דער פּלאַן איז מעג־לעך געווען צו רעאַליזירן. אויף דער רשימה האָבן זיך געפונען נעמען פון אַ ריי הויכע אָפיצירן פון דער ווערמאַכט, ווי אויך אַגענטן פון דיי־טשישן קאָנטער־שפּיאָנאַזש, וואָס האָבן זיך געפונען אין בודאַפעשט (ד״ר שמידט, וויניגער, ד״ר שעדלאַצער און שאָלץ). דער ועד הצלה אין

בודאַפּעשט איז אויף דעם איינגעגאַנגען און ער האָט איבערגעשיקט די רשימה קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, דורך דעם אונגאַרישן אַבערלויטנאַנט באַגיאַני.

צוזאַמען מיט אייכמאַנס „זאָנדער־קאָמאַנדאָ" איז קיין אונגאַרן אויך אָנגעקומען פון סלאָוואַקיע דיטער פאָן וויסליצעני. די יידישע פאַרשטייער האָבן זיך באַמיט מיט אים צו טרעפן. מען האָט געוווסט, אַז בעת וויסלי־צעניס אַמטירן אין סלאָוואַקיע האָבן די דאָרטיקע יידישע מנהיגים געהאַט צו אים אַ צוגאַנג און באַוויזן פון אים אויסצוקויפן אַ געוויסע צאָל יידן. זיי האָבן זיך דעריבער געווענדט צו די אַגענטן פון דייטשישן קאָנטער־שפּיאָנאַזש, מיט וועלכע זיי זענען כסדר געשטאַנען אין קאָנטאַקט, פאַר־צולייגן וויסליצעני צוויי מיליאָן דאָלאַר, כדי צו באַפרייען אַלע איבער־געבליבענע יידן פון אייראָפּע — אַזוי ווי ער האָט עס פאַרלאַנגט, זייענדיק נאָך אין סלאָוואַקיע. וויסליצעני איז באַשטימט געוואָרן פאַרן הויפּט פון דער זיכערהייטס־דינסט אין אונגאַרן. מען האָט צוגעזאָגט צו געבן די אַגענטן 10 פּראָצענט פון דער סומע, אויב די טראַנזאַקציע וועט דורכ־געפירט ווערן.

צו אַ באַגעגעניש מיט וויסליצעני איז געקומען אין אַ פּאָר טעג אַרום. זי איז פאָרגעקומען אין דער פּריוואַטער וווינונג פון אַ פאַרטרוילעכן דייטש אין בודאַפּעשט. צו דער באַגעגעניש מיט אים זענען געקומען, פון דער יידישער זייט, ד"ר רודאָלף קאַסטנער און יואל בראַנד. וויסליצעני האָט פאָרגעלייגט זיין פּלאַן: אַרויסצולאָזן 100.000 יידן פאַר צוויי מיליאָן דאָלאַר. אָבער דאָס מוז געשען אין משך פון איין וואָך צייט — האָט ער פאַרלאַנגט.

מען האָט אָפּגעמאַכט זיך ווידער צו טרעפן אין אַ פּאָר טעג אַרום, אויפן זעלביקן פּלאַץ. צו דער צווייטער באַגעגעניש איז שוין וויסליצעני נישט געקומען, נאָר געשיקט צוויי אַנדערע הויכע עס־עס־לייט: אייכמאַנס פאַרטרעטער — הערמאַן קרומעי און אָטאָ הונשע. זיי האָבן זיך פאַררופן אויף וויסליצעניס פאָרשלאָג, אָבער מיט אַ געוויסער ענדערונג: אַנשטאָט דאָלאַרן האָבן זיי פאַרלאַנגט אויסצוצאָלן פינף און אַ האַלבן מיליאָן אונ־גאַרישע פּענגאָס.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט זיך אָבער די גאַנצע לאַגע ראַדיקאַל געענדערט.

דעם 25סטן אַפּריל 1944 האָט אַדאָלף אייכמאַן אַרויסגערופן צו זיך יואל בראַנד. ער האָט אים דערקלערט, אַז ער איז גרייט צו פאַרקויפן אַ מיליאָן יידן. אָבער דער אויסטויש דאַרף זיין נישט אויף געלט, נאָר אויף סחורה. „סחורה פאַר בלוט, בלוט פאַר סחורה" — האָט ער געזאָגט. פאַר דעם מיליאָן יידן פאַרלאַנגט ער 10.000 לאַסט־וואַגאָנס. אויב די יידן וועלן אָננעמען זיין פאַרשלאַג, וועט ער תיכף אָפּשטעלן די דעפּאָרטאַציעס קיין אוישוויץ און צושטעלן צו דער שפּאַנישער גרענעץ די ערשטע הונדערט טויזנט יידן.

רעדנדיק אַזוי האָט אייכמאַן אַרויסגענומען אַ גרויסן קאָנווערט און אים איבערגעגעבן יואל בראַנדן. אין דעם קאָנווערט זענען געווען 270.000 שווייצאַרישע פראַנק און 50.000 דאָלאַר, ווי אויך בריוו, וואָס זענען אָנגעקומען פון דער שווייץ פאַר דער ועד הצלה אין בודאַפּעשט. דאָס האָט געדאַרפט איבערצייגן די יידן, אַז אייכמאַן מיינט ערנסט מיט זיין פאַרשלאַג, און אַז מען קאָן צו אים האָבן צוטרוי.

כדי צו קריגן אַ באַשטעטיקונג אויף דעם אויסטויש, האָט אייכמאַן פאָרגעלייגט בראַנדן אַפּצופליען קיין טערקיי און דאָרט באַקומען די הסכמה פון דער יידישער אַגענץ. אין פאַל, אָבער, ווען אין צוויי וואָכן אַרום וועט בראַנד נישט צוריקקומען פון טערקיי מיט אַ פּאָזיטיוון ענטפער, וועלן אַלע יידן אַרויסגעשיקט ווערן קיין אוישוויץ.

באַקומענדיק די הסכמה און באַפולמעכטיקונג פון צענטראַלראַט פון די אונגאַרישע יידן, איז יואל בראַנד אַפּגעפלויגן קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל דעם 17טן מאַי 1944.

הערמאַן קרומעי האָט אים, מיט זיין אויטאָ, אָפּגעפירט קיין ווין, פון וואַנען ער איז מיט אַ ספּעציעלן קוריער־אַעראָפּלאַן אָפּגעפלויגן. אין דעם אַעראָפּלאַן איז אויך געווען אייכמאַנס אַן אַגענט (מסתמא ווי אַ שומר) באַנדי גראָס.

דער דייטשישער קאָנטער־שפּיאָנאַזש איז געווען קעגן בראַנדס פאָרן קיין טערקיי, זיי האָבן געהאַלטן, אַז זיי אַליין וועלן דעם ענין בעסער

דורכפירן. די עס־עס האָט אָבער נישט געוואָלט אויף דעם איינגיין, נאָך דערצו ווען זיי האָבן איבערגעכאַפּט די אילעגאַלע בריוו־ און געלט־טראַנזאַקציעס מיט אויסלאַנד, וואָס איז געגאַנגען דורך דעם דייטשישן קאָנטער־שפּיאָנאַזש. לסוף האָבן זיי טאַקע אַרעסטירט דעם גאַנצן פּערסאָנאַל פון דעם מיליטערישן קאָנטער־שפּיאָנאַזש אין אונגאַרן מיט ד״ר שמידט בראש. אַזוי אַרום האָט דער ועד הצלה אין אונגאַרן פאַרלוירן זיינע בעסטע קוריערן מיט אויסלאַנד, וועלכע האָבן דורכגעפירט פאַר די יידן ביז גאָר וויכטיקע שליחות און געבראַכט פאַר זיי פון אויסלאַנד געלט. די סומע, וואָס אייכמאַן האָט, צוזאַמען מיט די בריוו, איבערגעגעבן בראַנדן, איז טאַקע אויפגעכאַפּט געוואָרן ביי איינעם פון די שפּיאָנאַזש־קוריערן.

צו דער באַשטימטער צייט איז בראַנד נישט צוריקגעקומען פון טערקיי. ער איז, דעם 5טן יוני 1944, אַרעסטירט געוואָרן דורך די ענג־לענדער און ערשט באַפרייט געוואָרן דעם 6סטן אָקטאָבער 1944. אייכ־מאַן האָט פאַרשטאַרקט דעם טעמפּאָ פון דער דעפּאָרטאַציע אין אונגאַרן, אָבער אַזוי ווי עס איז פון טערקיי אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז די יידישע אַגענץ איז אין פּרינציפּ מסכים אויף אייכמאַנס פאָרשלאָג און מען דאַרף ווייטער פירן אונטערהאַנדלונגען וועגן דער פאָרעם פון אויסטויש, האָט אייכמאַן אַרויסגערופן צו זיך דעם פאָרשטייער פונעם ועד, ד״ר רודאָלף קאַסטנער און אים פאָרגעלייגט אַ נייעם פּלאַן: ביז בראַנד וועט צוריק־קומען פון אויסלאַנד (אייכמאַן האָט נאָך נישט געוווסט וועגן זיין אַרעסט) איז ער דערווייל גרייט צו פאַרקויפן 30.000 יידן, ער וועט זיי דערווייל אַוועקשיקן קיין עסטרייך, ווו מען וועט זיי האַלטן אין אַן אַרבעט־לאַגער. ער פאַרלאַנגט דערפאַר 100 דאָלאַר פאַר אַ קאָפּ.

דער ענטפער וועגן אויסטויש פון איין מיליאָן יידן איז אָנגעקומען פון טערקיי דעם 7טן יולי 1944. די יידישע אַגענץ האָט פאָרגעלייגט מזומן געלט אָנשטאָט לאַסט־אויטאָס. פאַר יעדן טראַנספּאָרט פון 10.000 יידן, וועלכע וועלן אַרויסגעלאָזט ווערן קיין אויסלאַנד, וועט מען באַצאָלן איין מיליאָן דאָלאַר. אָבער דערווייל זאָלן אָפּגעשטעלט ווערן די דעפּאָרטאַציעס.

קאַסטנער האָט אויך באַקומען פון אייכמאַנען אַן אַרויספאָר־דערלוי־בעניש פאַר 600 יידן מיט ארץ־ישראל־סערטיפיקאַטן (לעגאַלע און גע־

פעלשטע), וואָס האָבן דורך קאָנסטאַנצאַ געדאַרפט אָפּשווימען קיין ארץ־ישראל. זיי זענען אָבער שוין נישט אַוועקגעפאָרן אַהין, נאָר, צוזאַמען מיט נאָך איבער 1.500 יידן אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין בערגען־בעלזען. פון דאָרטן האָבן די יידן געזאָלט איבערגעשיקט ווערן קיין שווייץ, צום אויסטויש. די דאָזיקע מענטשן האָבן זיך, אַ דאַנק דער ועד הצלה, גע־ראַטעוועט פון אומקום. אין דעם טראַנספּאָרט האָבן זיך געפונען 51 יידן, וועלכע האָבן צו זייערע סערטיפיקאַטן צוגעשריבן קינדער־יתומים, וועלכע מען האָט געבראַכט פון פוילן. פון דעם (ערשטן) טראַנספּאָרט זענען קודם כל אַוועקגעשיקט געוואָרן פון בערגען־בעלזען קיין שווייץ 318 מענטשן. דער טראַנספּאָרט האָט געזאָלט לכתחילה אָפּגיין דורך טערקיי, קיין ארץ־ישראל, אָבער די ענגלישע מאַנדאַטן־מאַכט אין פּאַלעסטינע האָט זיך אָפּ־געזאָגט זיי דורכצולאָזן. האָט מען זיי אַוועקגעשיקט קיין בערגען־בעלזען.

אין דער זעלביקער צייט, וואָס בראַנד־קאַסטנער האָבן געפירט די אויסטויש־אונטערהאַנדלונגען מיט אייכמאַנען, האָט אויך די פינאַנס־מאַג־נאַטין באַראָנעסע עדיט ווייס אָנגעבונדן אַ קאָנטאַקט מיט אייכמאַנען וועגן אַרויסלאָזן זי און איר משפחה קיין אויסלאַנד.

באַראָנעסע ווייס איז, צוזאַמען מיט ד״ר פערענץ כאָרין און באַראָן מאָריס קאָרנפעלד, געווען די אייגנטימערין פון די גרעסטע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען אין אונגאַרן. צו דער דאָזיקער גרופּע האָט אויך געהערט די מאַוטנער־משפחה.

אויסנוצנדיק די געלעגנהייט, וואָס דער אָנפירער מיט דער עקאָנאָ־מישער אָפּטיילונג פון עס־עס, אָבערשטורמבאַנפירער קורט בעכער איז געקומען קיין בודאַפּעשט, האָבן די אייגנטימער פון די מאַנפרעד־ווייס־אונטערנעמונגען אָפּגעשלאָסן מיט אים אַן אָפּמאַך, אַז אַלע אונטערנעמונ־גען פון דעם קאָנצערן ווערן איבערגעגעבן דער עס־עס אויף אַ צייט פון 25 יאָר. פאַרן דאָזיקן פּרייז ווערן די פריִער דערמאָנטע משפחות, וואָס האָבן געציילט 42 פּערזאָן, אַרויסגעלאָזט ווערן קיין אויסלאַנד.

דער אָפּמאַך וועגן דעם אָריגינעלן „אויסטויש״ איז אונטערגעשריבן געוואָרן מיט בעכערן און אייכמאַנען, וועלכע האָבן זיך אויך מתחייב געווען אויסצוצאָלן אין אויסלאַנד די אינהאָבער פון די ווייס־אונטערנע־

מונגען, די סומע פון 600.000 דאָלאַר. (דאָס געלט איז, אגב, קיין מאָל נישט אויסגעצאָלט געוואָרן). די מאַנפרעד־ווייס־אינהאַבער איז דערלויבט געוואָרן מיטצונעמען מיט זיך דאָס גאָלד, וואָס זיי האָבן געהאַט, ווי אויך זייער גאַנצע ביזשוטעריע. עס דאַרף באַמערקט ווערן, אַז די אינהאַבער פון די ווייס־אונטערנעמונגען — ווייס — כאָרין — קאָרנפעלד, האָבן גע־הערט צו די רייכסטע מענטשן אין אונגאַרן. אין דער דאָזיקער משפּחה זענען געווען אַ צאָל משומדים, וועלכע זענען אָבער דורך די נאַציס פאַר־רעכנט געוואָרן ווי יידן.

די 42 פּערזאָנען האָט מען מיט אַ טאָס אָפּגעפירט קיין ווין. דאָרט זענען זיי געהאַלטן געוואָרן אַ פּאָר וואָכן און דערנאָך האָט מען זיי אַוועקגעפירט מיט אַ דייטשישן אעראָפּלאַן קיין שווייץ, פון וואַנען זיי זענען ווייטער אָפּגעפלויגן קיין פּאָרטוגאַל.

עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז אין ווין זענען פאַרהאַלטן געוואָרן, ביזן סוף פון דער מלחמה, צו איין מיטגליד פון יעדער משפּחה, ווי אַ באַ־וואָרעניש, אַז די „אויסגעטוישטע" וועלן נישט פירן אין אויסלאַנד קיין אַנטי־נאַצי־פּראָפּאַגאַנדע.

כדי צו זיין געדעקט פאַר אַרויסלאָזן אויך אַנדערע יידן קיין אויס־לאַנד, האָט אייכמאַן זיך געווענדט צום רייכספירער פון עס־עס און שעף פון דער דייטשישער פּאָליציי, היינריך הימלער, מיט אַ בריוו, אין וועלכן ער פאַרענטפערט זיך פאַר וואָס ער האָט דערלויבט אויף דעם אויסטויש פון יידן קיין אויסלאַנד. דאָס געלט, וואָס מען האָט גענומען ביי די יידן — שרייבט ער — וועט מען נוצן אויף צו רעקרוטירן אין אונגאַרן פרייוויליקע פאַר די „וואָפן עס־עס", ווי אויך אויסצוהאַלטן די משפּחות פון די פרייוויליקע א״אַ. אויף דעם סמך האָט ער געקריגן די דערלויבע־ניש דורכצופירן די דאָזיקע טראַנזאַקציע. הימלער האָט טאַקע צו דעם צוועק געשיקט קיין אונגאַרן זיין פאַרטרעטער פאַר עקאָנאָמישע ענינים, קורט בעכער.

עס דאַרף דאַ באַמערקט ווערן, אַז אויך פריער זענען דורכגעפירט געוואָרן אַזעלכע טראַנזאַקציעס (אין האָלאַנד, סלאָוואַקיע) מיט צענדליקער

רייכע יידן, וואָס האָבן איבערגעשריבן זייערע גרויסע פאַרמעגנס דער עס־עס.

שוין אין אָנהייב אַפּריל 1942 איז געלונגען אַרויסצובאַקומען זיך פון אונגאַרן קיין אויסלאַנד, אַחוץ די פריִער אויסגערעכנטע, אַ געוויסע צאָל אַנדערע רייכע יידן. זיי האָבן פאַר אַזאַ עמיגראַציע־דערלויבעניש געמוזט איינצאָלן צו הונדערט טויזנט שווייצאַרישע פראַנק פאַר יעדער משפחה. פון אָנהייב האָט די עס־עס נאָך געגומען פון זיי צו פופציק טויזנט פראַנק.

ענלעכע „אויסטויש־טראַנזאַקציעס" זענען דורכגעפירט געוואָרן מיט אַ צאָל סלאָוואַקישע יידן. פאַר אַ גרויסער סומע געלט האָבן זיי באַקומען די אַרויספאַר־דערלויבעניש קיין דייטשלאַנד, און פון דאָרט — עמיגרירט קיין אויסלאַנד.

אויך אין האָלאַנד האָבן יידן אַרויסבאַקומען אַזעלכע עמיגראַציע־דערלויבענישן. צווישן אַנדערע, האָבן זעקס רייכע יידישע משפחות, וואָס זענען באַשטאַנען פון 28 נפשות, איינגעצאָלט פאַר אַזאַ אַרויספאַר־דערלויבעניש 1.290.000 שווייצאַרישע פראַנק אין אויסלענדישע דעוויזן. אַן אַנדערע משפחה האָט פאַר אַן אַרויספאַר־דערלויבעניש קיין אויסלאַנד, איבערגעגעבן דער עס־עס אַ ריזיקן קוואַנטום בוימל־אויסאַרבעטונג. נאָך אַ משפחה האָט איבערגעשריבן פאַר דער עס־עס אַ גרויסע אינדוסטריִעלע אונטערנעמונג. די צוויי לעצטע משפחות זענען באַשטאַנען פון זעקס פּערזאָן.

צו די אָרגאַנען פון דער דייטשישער זיכערהייטס־מאַכט זענען איינגעפלאָסן ווייטערדיקע בקשות פאַר אַרויספאַר־דערלויבענישן פון 28 יידישע משפחות. מען האָט שוין פון זיי געפאָדערט די סומע פון 2.860.000 שווייצאַרישע פראַנק אין אויסלענדישער וואַלוטע.

אַדאָלף אייכמאַן, וועלכער האָט, פון איין זייט, סאַבאָטירט די דאָזיקע „אויסטויש־טראַנזאַקציעס" מיט יידן, איז אָבער, אונטערן דרוק פון הימלערס ספּעציעלן שליח — דעם עס־עס־גרופּענפירער גאָטלאָב בערגער, סוף־כל־סוף איינגעגאַנגען אויף דעם.

אין זיין בריוו צו הימלערן וועגן דעם ענין, דאַטירט דעם 24סטן נאָוועמבער 1942 [76], שטיצט אייכמאַן דעם דאָזיקן אויסטויש־פּראָיעקט. ער

שרייבט, אַז אַ דאַנק דער דאָזיקער טראַנזאַקציע מיט די אונגאַרישע יידן, האָפט ער צו קאָנען צושטעלן פאַרן פאַנד אויף צו רעקרוטירן אונגאַרישע וואָלאָנטירן פאַר די „וואַפן עס־עס", ווי אויך אויף צו שטיצן זייערע משפחות, די סומע פון דרייסיק מיליאָן פענגאָס, ווי עס האָט פאַרלאַנגט דער עס־עס־גרופּענפירער גאָטלאָב בערגער. דאָס געלט וועט, אַזוי אַרום, קאָנען געשאַפן ווערן, בישט אַנרירנדיק דערמיט די רייכס־אינטערעסן".

דעם זעלביקן מעטאָד, שרייבט ווייטער אייכמאַן, האָט ער אויך איינ־געפירט אין האָלאַנד און ביי די סלאָוואַקישע יידן.

אין משך פון דער צייט, וואָס יואל בראַנד האָט זיך געפונען אין אַרעסט ביי די ענגלענדער, האָט אייכמאַן דערווייל ווייטער געפירט די אויסטויש־אונטערהאַנדלונגען מיט קאַסטנערן און בראַנדס פרוי[77], און אין דער זעלביקער צייט — דורכגעפירט דעפּאָרטאַציעס פון יידן.

די צאָל דעפּאָרטירטע יידן האָט, אין יענעם צייטאָפּשניט, באַטראָפן 434 טויזנט נפשות, חוץ דעם זענען אין די אונגאַרישע אַרבעט־לאַגערס געבראַכט געוואָרן 42 טויזנט יידן.

די אַלגעמיינע צאָל יידן אין אונגאַרן האָט אין יאָר 1941 באַטראָפן 825.007 נפשות. אין דער צאָל זענען אַריינגערעכנט די משומדים, האַלבע און פערטל יידן, וועלכע די נאַציס האָבן פאַררעכנט ווי יידן.

## דער אויסטויש־צענטער אין איסטאַנבול (טערקיי)

אַ נישט אַפּשאַצבאַרע ראָלביים אויסטויש, ווי אויך ביים ראַטעווען יידן פון די דורך די דייטשן אָקופּירטע לענדער, בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה (1939—1945), האָט געשפּילט די נייטראַלע טערקיי.

אין דער אַקציע פון הילף און רעטונג, איז דאָס דאָזיקע לאַנד געוואָרן דער הויפּט־צענטער פאַר פּליטים, פּונקט ווי אין אַ שפּעטערדיקן פּע־ריאָד — די שווייץ. די דאָזיקע אַקטיווקייט איז אָנגעגאַנגען אַזוי לאַנג, ביז טערקיי האָט דעם 2טן אויגוסט 1944 איבערגעריסן די דיפּלאָמאַטישע באַציִונגען מיט דייטשלאַנד און אירע פאַרבינדעטע.

אין טערקיי איז פאָרגעקומען דער אויסטויש פון די פּאַלעסטינער דייטשן אויף יידן פון פאַרשידענע לענדער. דורך טערקיי זענען דורכגע־גאַנגען די פּליטים־עמיגראַנטן, און דורך טערקיי זענען איבערגעשיקט געוואָרן בלויז קיין ליטע 2.250 דאָקומענטן און סערטיפיקאַטן (צווישן זיי — וועטעראַנען־ און קינדער־סערטיפיקאַטן), ווי אויך 281 פאַר קאַנ־דידאַטן צום אויסטויש. אַזוי אַרום איז אויך די הויפּטשטאָט איסטאַנבול געוואָרן דער הויפּט־מקור פון דער גאַנצער רעטונג־אַקציע. דאָרט האָבן זיי וועטעראַנען־ און קינדער־סערטיפיקאַטן), ווי אויך 281 — פאַר קאַנ־אהוד אבריאל, ווי אויך פאַרשטייער פון ארץ־ישראלדיקע פּאָליטישע פּאַר־טייען: מנחם באַדער, יוסף קלאַרמאַן, ווי אויך ה׳ גריפּעל פון אגודת ישראל. אַהין איז אויך אָנגעקומען דער שליח פון אונגאַרן — יואל בראַנד אין דער באַגלייטונג פונעם אַגענט באַנדי גראָס.

די דייטשן האָבן, משמעות, שוין דעמאָלט געוווּסט, אַז זיי האָבן פאַר־שפּילט די מלחמה; זיי האָבן אויך געוווּסט, אַז די אַליִירטע וועלן נישט דערלויבן צוצושטעלן פאַר זיי די פאַרלאַנגטע צען טויזנט לאַסטאויטאָס

און דערמיט נאָך שטאַרקן זייער קריג־פּאָטענציאַל. אויב זיי האָבן דורך אייכמאַנען אַרויסגערוקט אַזאַ באַדינג אין די אונטערהאַנדלונגען פאַרן אויסטויש פון דעם מיליאָן יידן און דערלויבט אַ יידישן מנהיג אַרויסצו־פאָרן קיין אויסלאַנד, כדי דאָרט צו פירן אונטערהאַנדלונגען וועגן דעם, איז עס פשוט געווען אַ טאַקטישער מאַנעווער פון זייער זייט. אַזוי אַרום האָבן זיי געהאָפט אַנצוביינדן אַ קאָנטאַקט מיט די אַליִירטע. זיי האָבן געגלייבט — און אין דער ערשטער ריי הימלער — אַז דורך די יידן וועלן זיי אָנבינדן אַ קאָנטאַקט מיט די אַמעריקאַנער און ענגלענדער און זאָנדירן דעם באָדן וועגן אַ שלום מיט זיי. יעדן פאַלס האָבן די נאַציס אַזוי געהאָפט.

ווי נאָר יואל בראַנד איז אָנגעקומען קיין טערקיי און זיך געטראָפן מיט די פאָרשטייער פון דער יידישער אַגענץ און די אַנדערע פאָרשטייער, האָט דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין אַנקאַראַ, לאָרענס שטיינהאַרדט, זיך אויך געוואָלט טרעפן מיט אים. פון אים האָט ער זיך געוואָלט דער־וויסן וועגן דעם פאַקטישן מצב פון די יידן אין אייראָפּע.

די יידישע אַגענץ איז אין פּרינציפּ איינגעגאַנגען אויף אייכמאַנס פאָרשלאָג אָנצוהייבן אונטערהאַנדלונגען וועגן אויסטויש פון די יידן, מיט דער באַוואָרעניש, אַז די פּרטים וועלן אויסגעאַרבעט ווערן בעת דעם צוזאַמענטרעף פון ביידע צדדים אין אַ נייטראַל לאַנד, וווּ עס וועלן זיך אָנהייבן די קאָנקרעטע אונטערהאַנדלונגען. די יידישע אַגענץ האָט אַרויס־גערוקט צוויי פאָרבאַדינגונגען:

1) די דייטשן מוזן תיכּף אָפּשטעלן די דעפּאָרטאַציעס פון די יידן. זיי וועלן דערפאַר באַקומען אויסגעצאָלט איין מיליאָן שווייצער פראַנק;

2) די דייטשן וועלן דערלויבן די אויסוואַנדערונג פון די יידן און וועלן דערפאַר באַקומען פיר הונדערט טויזנט דאָלאַר.

מיט דעם דאָזיקן פאָרשלאָג פון דער יידישער אַגענץ אין איסטאַנבול האָט יואל בראַנד געזאָלט צוריקפאָרן קיין אונגאַרן. זיין רייזע איז אָבער אָפּגעלייגט געוואָרן, ווייל מיט אים האָט געוואָלט זיך זען משה טשערטאָק (שרת), דער פאָרזיצער פון דער פּאָליטישער קאָמיסיע ביי דער יידישער אַגענץ. ער האָט געזאָלט קומען קיין איסטאַנבול פון ירושלים און ברענ־

געג מיט זיך נייע אינסטרוקציעס. טשערטאָק האָט אָבער — ווי מען האָט געזאָגט — נישט געקריגן די אַרויספאָר־דערלויבעניש פון דער ענגלישער מאַנדאַטן־מאַכט. עס איז דעריבער באַשלאָסן געוואָרן, אַז יואל בראַנד זאָל קומען קיין ירושלים און דאָרט זיך טרעפן מיט טשערטאָקן. בראַנד איז אָפּגעפאָרן. אויפן וועג איז ער אַרעסטירט געוואָרן אין אַלעפּאָ (סיריע) דורך די ענגלענדער און אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין קאַיִר.

עס איז כדאי אונטערצושטרייכן דעם פאַקט, אַז דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר שטיינהאַרדט, אגב אַ וואַרעמער ייד, וועלכער האָט שטאַרק זיך אינטערעסירט מיטן גורל פון די יידן אונטער דער דייטשישער אָקו־פּאַציע, האָט געוואָרנט בראַנדן נישט צו פאָרן אַהין, ביז ער וועט באַ־קומען פון די ענגלענדער אַ שריפטלעכע דערלויבעניש צוריקצופאָרן קיין טערקיי. שטיינהאַרדט האָט זיך זייער פאַראינטערעסירט מיט בראַנדס מיסיע און געוואָלט אים העלפן דורכצופירן זי בשלמות. ער האָט זיך גלייך פאַר־בונדן מיט וואַשינגטאָן וועגן בראַנדס שליחות אין טערקיי. אויף שטיינ־האַרדטס אינטערווענץ ביי רוזוועלטן און סטעטיניוסן האָט דער סטייט־דעפּאַרטמענט אַראָפּגעשיקט קיין טערקיי אַ ספּעציעלן שליח — אייראַ הירשמאַן, וואָס האָט געדאַרפט זיך טרעפן מיט יואל בראַנדן און זען וואָס מען קאָן טאָן אין דעם ענין.

ווען הירשמאַן איז געקומען קיין טערקיי (אין חודש יוני 1944) האָט ער שוין בראַנדן דאָרט נישט געטראָפן. דערוויסנדיק זיך אין איסטאַנבול אַז בראַנד איז אַרעסטירט געוואָרן דורך די ענגלענדער און געפינט זיך אין קאַיִר, איז הירשמאַן אַראָפּגעפאָרן אַהין. נאָך לאַנגע באַמיִונגען האָט מען אים ענדלעך דערלויבט זיך צו זען מיט בראַנדן. בראַנד האָט איבער־געגעבן הירשמאַנען וועגן דער מעגלעכקייט צו ראַטעווען אַ מיליאָן יידן, און האָט אים געוואָרנט, אַז אויב ער וועט באַלד נישט קאָנען צוריקפאָרן קיין אונגאַרן, דראָט די דאָרטיקע יידן די געפאַר פון פאַרניכטונג. הירש־מאַן האָט צוגעזאָגט צו אינטערווענירן ביים שטעלפאַרטרעטער פון ענג־לישן שטאַטסמיניסטער אין נאָענטן מזרח — לאָרד מאָין וועגן זיין תיכּף־דיקער באַפרייונג.

בראַנד איז באַפרייט געוואָרן ערשט דעם 6טן אָקטאָבער 1944. אין

זיינע זכרונות שרייבט ער, צווישן אַנדערן, אַז בעת דעם דיאַלאָג וועלכן ער האָט געפירט מיט לאָרד מאַין, האָט ער כסדר אונטערגעשטראָכן, אַז עס האַנדלט זיך וועגן ראַטעווען איין מיליאָן יידן פון אייראָפּע. אויף דעם האָט דער לאָרד געזאָגט: „וואָס־זשע זאָל איך טאָן מיט דעם דאָזיקן מיליאָן יידן? וווהין זאָל איך זיי אַהינטאָן?"

ווען בראַנד איז באַפרייט געוואָרן פון תפיסה, איז ער שוין נישט צוריקגעפאָרן קיין אונגאַרן. די ווייטערדיקע אונטערהאַנדלונגען מיט די־נאַציס האָט, נאָך זיין פאַרלאָזן אונגאַרן, געפירט ד"ר קאַסטנער און יואל בראַנדס פרוי. קאַסטנער איז אויך באַשטימט געוואָרן צו פירן די ווייטער־דיקע אונטערהאַנדלונגען אין דער שווייץ. ער איז אָפּגעפאָרן אַהין מיט הימלערס פאַרשטייער קורט בעכער.

## אין די באַלקאַן־לענדער

(רומעניע, בולגאַריע, גריכנלאַנד, יוגאָסלאַוויע)

ביים אויסטויש און ביים ראַטעווען יידן פון די באַלקאַן־לענדער האָט רומעניע געשפּילט אַ ביז גאַר וויכטיקע ראָל. פון די רומענישע פּאָרטן זענען, צווישן אַנדערן, אויף אַ לעגאַלן אָדער אומלעגאַלן אופן, אָפּגעפאָרן שיפן מיט יידן קיין ארץ־ישראל. די יידן האָבן געדאַרפט אויסגעטוישט ווערן אויף פּאַלעסטינער דייטשן.

קיין רומעניע זענען אויך אָנגעקומען יידן־פּליטים פון ווין. דאָס זענען געווען פּאַסאַזשירן פון דייטשלאַנד, טשעכאָסלאָוואַקיע, דאַנציג און עסט־רייך. זיי זענען געקומען מיט די דאַמפּערס, וואָס האָבן קורסירט איבער דער דאַנאַו — צו די רומענישע פּאָרטן קאָנסטאַנצאַ און טולטשאַ. מיט די דאָזיקע שיפן זענען געקומען די אַלע, וועלכע האָבן געהאַט סערטי־פיקאַטן און אַנדערע דאָקומענטן (לעגאַלע אָדער געפעלשטע). אויב עס זענען באַנוצט געוואָרן נישט לעגאַלע דאָקומענטן, איז עס געווען בלויז כדי צו ראַטעווען די מענטשן פון אַ זיכערן אומקום.

אויך פון בולגאַריע פלעגן דורך די רומענישע פּאָרטן אָפּגיין שיפן קיין טערקיי מיט יידישע פּאַסאַזשירן. זיי אַלע האָבן געהאַט אויסלענ־דישע פּאַפּירן אָדער סערטיפיקאַטן, אַרויסגעגעבענע אויפן סמך פונעם ווייסן בוך פונעם יאָר 1939 — וואָס האָט אָנגעצייכנט דעם פינפיאָריקן פּעריאָד פון יידישער עמיגראַציע. די סערטיפיקאַטן זענען געווען באַ־שטימט פאַר די פרויען און קינדער, וועלכע זענען פאַרבליבן אין פיינט־לעכן אויסלאַנד. דער דאָזיקער פּעריאָד פון עמיגראַציע האָט זיך פאַרענ־דיקט דעם 31סטן מאַרץ 1944.

ביים סוף פון יאָר 1940 איז פון בולגאַריע אָפּגעגאַנגען קיין ארץ־

ישראל די שיף „סאַלוואַדאָר״ מיט 326 עולים. אין איסטאַנבול האָט זיך די שיף געמוזט פאַרהאַלטן אויף אַ גאַנצע וואָך. אויפן ברעג האָט מען די פּאַסאַזשירן נישט געוואָלט אַראָפּלאָזן. „סאַלוואַדאָר״ האָט געמוזט אָפּ־שווימען פון טערקישן ברעג. אין אַ פּאָר שעה אַרום, ווען די שיף איז געווען אויפן אָפענעם ים, איז אויסגעבראָכן אַ שטאַרקער שטורעם און די שיף איז צעשמעטערט געוואָרן. בלויז 122 פּאַסאַזשירן פון דער שיף „סאַלוואַדאָר״ האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט. אַלע איבעריקע, צווישן זיי 66 קינדער, זענען דערטרונקען געוואָרן.

וואָס ווייטער, איז געוואָרן אַלץ שווערער דורכצורייסן זיך דורך דער ענגלישער בלאָקאַדע.

דעם 16טן סעפּטעמבער 1941 איז פון פּאָרט קאָנסטאַנצאַ (רומעניע) אַרויסגעגאַנגען די שיף „סטרומאַ״ מיט 769 פּליטים — אויפן וועג קיין ארץ־ישראל. צען וואָכן זענען זיי געווען אויפן אָפענעם ים. די טערקישע רעגירונג האָט נישט דערלויבט די פּאַסאַזשירן פון דער שיף צו אַנקערן אין איסטאַנבול, ווו זיי האָבן געדאַרפט וואַרטן אויף די סערטיפיקאַטן פון ארץ־ישראל. די ענגלענדער האָבן זיך אָבער אָפּגעזאָגט אַרויסצוגעבן די סערטיפיקאַטן.

דעם 24סטן פעברואַר 1942 איז די שיף מיט די 769 פּאַסאַזשירן דערטרונקען געוואָרן 6 מייל פונעם ברעג. ווען די שיף האָט שוין געזונקען, איז אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז די ענגלישע מאַנדאַטן־מאַכט אין ארץ־ישראל האָט באַוויליקט אַרויסצוגעבן 70 סערטיפיקאַטן פאַר די 70 קינדער, וועלכע האָבן זיך געפונען אויף דער זינקענדיקער שיף.

ווען גריכנלאַנד איז סוף אָקטאָבער 1940 באַפאַלן געוואָרן פון מוסאָ־ליניס אַרמיי, קעגן וועלכער די גריכן האָבן געשטעלט אַ העלדישן ווידער־שטאַנד (ביז די דייטשישע אַרמיי האָט, אין אַפּריל 1941, אָקופּירט דאָס לאַנד), איז אַ צאָל יידן געלונגען זיך אַרויסצובאַקומען פון דאָרט קיין אויסלאַנד. אין דער ערשטער ריי זענען דאָס געווען ספרדישע יידן, וועלכע האָבן געהאַט פונעם דעקרעט פון דער שפּאַנישער רעגירונג, אַז זיי האָבן דאָס רעכט אויף שפּאַנישער בירגערשאַפט.

אַזוי איז אויך געשען מיט די יידן פון יוגאָסלאַוויע, וועלכע איז אין

דער זעלביקער צייט (אַפּריל 1941) אָקופּירט געוואָרן דורך די דייטשישע אַרמייען. מערסטנס זענען דאָס געווען אַזעלכע מענטשן, וועלכע האָבן געהאַט די מעגלעכקייט פון אויסטויש אָדער עס איז זיי געלונגען אויף אַנדערע אופנים זיך אַרויסצובאַקומען קיין אויסלאַנד. אויך זיי זענען באַשטאַנען פון ספרדישע יידן פון דער בייגעשאַפענער קראָאַטישער מדינה, ווי אויך פון די פּראָווינצן באָסניאַ, הערצעגאָווינאַ און דאַלמאַציאַ. די קראָאַטישע יידן האָבן פון די נייע מושלים געהאַט אויסצושטיין שוידער־לעכע נגישות.

עס מוז אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז ביים ראַטעווען יידן פון יוגאָ־סלאַוויע און גריכנלאַנד האָבן, ווי שוין דערמאָנט אין די פריערדיקע קאַ־פּיטלען, אַ גאָר גרויסע ראָל געשפּילט די איטאַליענער: סיי די מיליטע־רישע, סיי די ציווילע מאַכטאָרגאַנען.

כאָטש דער פאַקטישער אויסטויש אויף די פּאַלעסטינער דייטשן האָט זיך אָנגעהויבן אין די יאָרן 1940—1941, איז ער אָבער, פּונקט ווי די עליה קיין ארץ־ישראל, אָנגעגאַנגען נאָך אין די ווייטערדיקע יאָרן און זיך געצויגן ביז צום סוף פון דער מלחמה.

מיט וואָס פאַראַ שוועריקייטן עס איז געווען פאַרבונדן די טראַנס־פּאָרטאַציע פון די יידן אין די באַלקאַן־לענדער און, קודם כל, די טראַנס־פּאָרטאַציע פון רומעניע, וואָס איז געוואָרן אין דעם פרט דער הויפּט־צענטער, קאָן אילוסטרירן דער פאָלגנדיקער פאַל: דעם פּאַלעסטינער צענטראַלאַמט אין בוקאַרעשט איז געלונגען דורכצופירן אַ טראַנזאַקציע מיט דער רייזע־געזעלשאַפט „קוק" וועגן אַרויספירן קיין חיפה (דורך טערקיי) אַ גרופּע פון 400 יוגנטלעכע.

צוליב דעם וואָס די הוצאות פון דער טראַנספּאָרטאַציע זענען געווען זייער הויכע (בלויז די באַנבילעטן האָבן געקאָסט 16 טויזנט דאָלאַר), האָט דער פּאַלעסטינער צענטראַלאַמט אין בוקאַרעשט זיך געווענדט קיין אַמעריקע וועגן צושיקן פון דאָרט דאָס געלט פון די בלאָקירטע רומענישע פאָנדן אין ניו־יאָרק. דאָס געלט האָט געדאַרפט אויסגעצאָלט ווערן לויטן אָפיציעלן קורס פון רומענישן לעי. כדי דער טראַנספּאָרט מיט די 400 יוגנטלעכע זאָל נישט ווערן אויפגעהאַלטן צוליבן מאַנגל פון געלט, האָט

די „קוק"־געזעלשאַפט געקריגן אַ פאַרזיכערונג פון פאַלעסטינער צענט־ראַלאַמט אין בוקאַרעשט, אַז דאָס געלט וועט זיי ווערן אויסגעצאָלט אין משך פון 45 טעג. וועגן דער פאַרפליכטונג האָט מען גלייך געמאָלדן טע־לעגראַפיש צו דער געהעריקער יידישער אינסטאַנץ אין אַמעריקע.

דער טראַנספאָרט מיט די 400 יידן איז אָפּגעגאַנגען אין חודש מאַרץ 1941. נאָכן באַקומען דאָס געלט, האָט די „קוק"־געזעלשאַפט געזאָלט דורכפירן ווייטערדיקע טראַנספאָרטן.

היות ס'איז אַוועק מער ווי אַ יאָר און דאָס געלט פאַרן ערשטן טראַנספאָרט איז נאָך אַלץ נישט אָנגעקומען פון אַמעריקע, האָט די רייזע־ביוראָ נישט געוואָלט אָנגיין מיט די ווייטערדיקע טראַנספאָרטן קיין ארץ־ישראל. דעם 15טן מיי 1942 האָט דער פאַלעסטינער צענטראַלאַמט אין בוקאַרעשט זיך געווענדט צום פאַלעסטינער אַמט אין דער שווייץ און געבעטן דרינגענדיק צו אינטערווענירן אין דעם ענין ביי די יידישע אינ־סטאַנצן אין אַמעריקע. ערשט אין חודש יוני 1942, דאָס הייסט: נאָך איבער אַ יאָר צייט, האָט דער פאַלעסטינער אַמט אין גענף (שווייץ) באַ־קומען פון ניו־יאָרק אַן אָנפראַגע וועגן דעם ענין און געבעטן זיי אויפ־קלערן וואָס עס הערט זיך מיט דעם „קוק"־טראַנספאָרט[78].

אויף אַזעלכע אומנייטיקע שווועריקייטן, וואָס האָבן גורם געווען גרויסע שאָדנסביים ראַטעווען יידן, האָט מען זיך אָנגעשטויסן אויף טריט און שריט, נישט רעדנדיק וועגן די שטערונגען און געפאַרן, וואָס האָבן גע־דראָט פון אַלע זייטן אויף די ערטער גופא. אָט, למשל, איז אין יאָר 1942 די רומענישע רעגירונג גרייט געווען, נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען, אַרויסצולאָזן פון לאַנד 75 טויזנט ביז 80 טויזנט יידן, כדי זיי אַוועק־צושיקן קיין ארץ־ישראל. זיי האָבן פאַרלאַנגט דערפאַר מען זאָל זיי אויסצאָלן פאַר יעדן אויסוואַנדערנדיקן ייד צו 200.000 לעי. ווען די דייטשן האָבן זיך דערפון דערוווּסט, האָט זייער אַמבאַסאַדאָר אין בוקאַ־רעשט, פאָן קילינגער, אַרויסגעשיקט דעם 12טן דעצעמבער 1942 אַ טע־לעגראַם צום אויסערן־מיניסטעריום אין בערלין און געבעטן ווירקן אויף דער רומענישער רעגירונג נישט צו דערלויבן דורכצופירן די דאָזיקע טראַנזאַקציע מיט די יידן, ווייל דאָס איז אין קעגנזאַץ צום אָפּמאַך, וואָס

דער גרויס־מופטי האָט געשלאָסן מיט בערלין (נישט אַריינצולאָזן קיין ארץ־ישראל ווייטערדיקע יידן). אַזוי ווי די האַנדלונג פון דער רומענישער רעגירונג איז קעגן די אינטערעסן פון די אַראַבער, בעט דער אַמבאַסאַדאָר, אַז דאָס דייטשישע אויסערן־מיניסטעריום זאָל דרינגענדיק אַנעמען אַ שטעלונג אין דער פראַגע און זיך ווענדן דעם פאַרבינדן דירעקט מיט מאַר־שאַל אַנטאָנעסקו [79].

אַן ענלעכער פאַל איז פאַרגעקומען ווען די רומענישע רעגירונג האָט דערלויבט אַרויסצופאָרן קיין ארץ־ישראל 7.000 יידישע קינדער פון בול־גאַריע און רומעניע. די שיף־טראַנספּאָרטאַציע האָבן באַדאַרפט באַזאָרגן די יידן אַליין. אויך אין דעם פאַל האָט זיך דאָס דייטשישע אויסערן־מי־ניסטעריום געווענדט צום מאַרשאַל אַנטאָנעסקו און געבעטן נישט צו־צולאָזן צום אַרויספאָר פון די קינדער פון רומעניע.

אין חודש יולי 1943 האָט די בריטישע רעגירונג זיך דערקלערט גרייט אויפצונעמען 5.000 יידן, אויפן סמך פון אויסטוישפלאַן אויף דייטשן, וואָס האָבן, צוליב דער מלחמה, נישט באַוויזן צו פאַרלאָזן ענגלאַנד און אירע קאָלאָניעס. דער פאַרשלאַג איז געקומען דורך דער פאַרמיטלונג פון אינטערנאַציאָנאַלן רויטן קרייץ. דייטשלאַנד איז מסכים געווען אויף דעם אויסטויש, אָבער מיט דעם באַדינג, אַז די יידן זאָלן נישט געשיקט ווערן קיין ארץ־ישראל, וואָס געהער, ווי זיי האָבן דערקלערט, צום אַראַ־בישן לעבנסרוים. דאָס האָט געהאַט אַ שייכות צו די בולגאַרישע, רומע־נישע, גריכישע און יוגאָסלאַווישע יידן.

אין דער זעלביקער צייט האָט זיך אויך די אַרגענטינער רעגירונג געווענדט, דורך איר בערלינער באַטשאַפטער, צו דער דייטשישער רעגי־רונג וועגן אַ דערלויבעניש אַרויסצופירן פון דער דייטשישער סטרעפע 1.000 יידישע קינדער, וועלכע זי איז גרייט געווען אויפצונעמען ביי זיך. דייטשלאַנד האָט דעם פאַרשלאַג אָנגענומען אָבער מיטן באַדינג, אַז די קינדער זאָלן ווערן אויסגעטוישט אויף 1.000 דייטשן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין דרום־ און צענטראַל־אַמעריקע.

אין חודש פעברואַר 1944 האָט די בריטישע רעגירונג זיך ווידער געווענדט דורכן אינטערנאַציאָנאַלן רויטן קרייץ, צו דער היטלער־רעגי־

רונג מיט אַ פאַרשלאַג אַרויסצולאָזן 4.000 יידישע קינדער פון רומעניע קיין ארץ־ישראל. די רומענישע רעגירונג האָט, פון איר זייט, געגעבן די הסכמה, אָבער די דייטשן האָבן אָפּגעוואָרפן דעם פאָרשלאַג, מיטן מאָטיוו, אַז דאָס וועט אָוועקשטעלן די אַראַבער אין אַ שווערער לאַגע. די דייטשן האָבן דעריבער פאַרגעלייגט, אַז די יידישע קינדער זאָלן דורך די ענג־לענדער ווערן אויפגענומען ביי זיך אין לאַנד. נאָר אין דעם פאַל וועלן זיי דערלויבן די אויסוואַנדערונג פון די קינדער פון רומעניע. פאַר דעם דאָ־זיקן טראַנספּאָרט איז די בולגאַרישע רעגירונג גרייט געווען צוצושטעלן די שיף „בעלאַסיטאַ" און די טערקישע רעגירונג — די שיף „טאַרי".

אין אַנדערש מאָל, ווידער, האָט מען געקריגן פון דער רומענישער רעגירונג (דעם 4טן אַפּריל 1944) די דערלויבעניש אַרויסצופירן פון דאָרט 1.350 קינדער, צוזאַמען מיט 150 דערציִער. צוויי טעג פריִער (דעם 2טן אַפּריל 1944) איז די שיף „בעלאַסיטאַ" אָפּגעשוווּמען פון קאָנסטאַנצאַ מיט אַ טראַנספּאָרט פון 130 יידישע קינדער און צוואַנציק דערוואַקסענע. זיי זענען געבראַכט געוואָרן קיין איסטאַנבול אויפן וועג קיין ארץ־ישראל.

עס דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין טערקיי, לאַרענס שטיינהאַרדט (אַ ייד) האָט געפּועלט ביי דער טער־קישער רעגירונג, אַז זי זאָל, צוליב הומאַניטאַרע טעמים, העלפן ראַטעווען די יידישע קינדער. אַ דאַנק דער דאָזיקער אינטערווענץ, האָט די טערקישע רעגירונג געשטעלט צו דער דיספּאָזיציע פון די 1.500 פּערזאָן (1.350 קינדער און 150 דערוואַקסענע) די טראַנספּאָרט־שיף „טאַרי". שטיינהאַרדט האָט דורך דער פאַרמיטלונג פון אינטערנאַציאָנאַלן רויטן קרייץ זיך באַמיט צו קריגן די דערלויבעניש פון דייטשלאַנד. אַ דאַנק דעם האָט דער דייטשישער באָטשאַפטער אין אַנקאַראַ, פאָן פאַפּען, זיך געווענדט טע־לעגראַפיש (דעם 4טן אַפּריל 1944) צום אויסערן־מיניסטעריום אין בערלין צו דערמעגלעכן, אַז די טערקישע שיף מיט די 1.500 פּאַסאַזשירן פון רומעניע זאָל קאָנען אָפּגיין פון קאָנסטאַנצאַ אומגעשטערט (ער האָט גע־רעדט נאָר וועגן קינדער). דער באָטשאַפטער האָט אונטערגעשטראָכן, אַז דאָס איז אַן אויסנאַם־פאַל און אַז אַ פּאָזיטיווע האַנדלונג מצד דער דיי־טשישער רעגירונג וועט העלפן דער דייטשישער פּאָליטיק אין טערקיי.

דאָס דייטשישע אויסערן־מיניסטעריום האָט אויף דער ווענדונג פון פאָן פאַפּען געענטפערט, אַז אַזאַ דערלויבעניש וואָלט אָוועקגעשטעלט די דייטשישע רעגירונג אין אַ שווערער לאַגע. די דייטשן האַלטן פּאַלעסטינע פאַר אַן אַראַביש לאַנד, קאָנען זיי דעריבער נישט צולאָזן צו קיין יידישער איינוואַנדערונג אַהין. דער דייטשישער אַמבאַסאַדאָר אין אַנקאַראַ איז געוואָרן אינסטרויִרט, אויפמערקזאַם צו מאַכן דעם טערקישן אויסערן־מיניסטער נאָומאַן, אַז צוליב זיכערהייטס־אינטערעסן פון דייטשישן קאָנ־טער־שפּיאָנאַזש, ווי אויך פון דער דייטשישער ים־סטראַטעגיע, קאָן זיין בקשה, צום באַדויערן, דאָס מאָל נישט דערפילט ווערן. מען דאַרף אים דערביי אויפמערקזאַם מאַכן, אַז עס האַנדלט זיך דאָ נישט בלויז וועגן דעם איינעם טראַנספּאָרט, ווייל די יידן פירן אונטערהאַנדלונגען וועגן פאַרשאַפן ווייטערדיקע טראַנספּאָרט־שיפן, כדי אָוועקצושיקן דורך טערקיי צענדליקער טויזנטער יידן קיין פּאַלעסטינע.

אויב אָבער די טערקן — ווערט ווייטער געזאָגט אין דער ווענדונג צו פאָן פּאַפּען — וועלן אומבאַדינגט פאַרלאַנגען פון דער דייטשישער זייט אַזאַ דערלויבעניש, וועט מען מוזן אַנטקעגנקומען זייער ווענדונג, מיט דער באַוואָרעניש, אַז מען וועט דורכלאָזן דעם טערקישן טראַנספּאָרט־דאַמפער „טאַרי" קיין פּאַלעסטינע מיט די 1.500 יידן, אָבער דאָס וועט געטאָן ווערן אויסנאַמווייז. וועגן טראַנספּאָרט פון 7.000 יידן אָדער אַנ־דערע טראַנספּאָרטן, וועגן וועלכע מען האָט זיך באַמיט, קאָן אָבער קיין רייד נישט זיין.

אָבער נאָך דעם זעלביקן חודש, דעם 21סטן אַפּריל 1944, איז די אויסנאַם־דערלויבעניש פאַר די 1.500 יידן צוריקגעצויגן געוואָרן. וועגן דעם האָט דאָס דייטשישע אויסערן־מיניסטעריום מודיע געווען דעם גרויס־מופטי פון פּאַלעסטינע און די אַנדערע אַראַבישע אינסטאַנצן.

שיפן מיט יידן זענען אָבער, נישט געקוקט אויף אַלע סכנות און שטערונגען, ווייטער אַפּגעפאָרן פון רומעניע קיין ארץ־ישראל.

אַזוי אַרום האָט מען אַרויסגעקריגן פון רומעניע (פון טראַנסניסטריע) 250 קינדער יתומים קיין ארץ־ישראל. דער טראַנספּאָרט קינדער איז

אַפּגעפֿאָרן מיט דער שיף „קאַזבעק". דאָס מאָל האָט מען געמוזט אויך אונטערקויפֿן די דייטשן, זיי זאָלן אַרויסלאָזן די שיף.

סוף 1940 איז פֿון בולגאַריע אַפּגעגאַנגען קיין ארץ־ישראל די שיף „סאַלוואַדאָר" מיט 326 עולים. ווי שוין געשריבן, איז די שיף דערטרונקען געוואָרן אין די טערקישע וואַסערן. אַן ענלעכער פֿאַל איז געשען מיט דער שיף „פּענטשאַ", אויף וועלכער עס האָבן זיך געפֿונען 500 יידן פֿון פֿאַרשידענע לענדער. צווישן די שיפֿן, וואָס האָבן אויפֿגענומען יידן פֿון די פּאָרטן אין רומעניע, אָנהייבנדיק פֿון יאָר 1940, זענען געווען חוץ די פֿריִער אויסגערעכנטע: די גרויסע שיף „אַטלאַנטיק", די קלענערע: „פּאַסיפֿיק", „מילאָס", „ראַזיטאַ", „העליאָס", „שעינברון" און די גרויסע שיף „פּאַטריאַ".

אויף דער שיף „אַטלאַנטיק" האָבן זיך געפֿונען 1.865 יידן, פֿון דעם: 527 — פֿון דאַנציג, 502 — פֿון טשעכיע און סלאָוואַקיע, 836 — פֿון דייטשלאַנד און עסטרייך; אויף דער שיף „מילאָס" זענען געווען 750 יידן; אויף „פּאַסיפֿיק" — 980 יידן. די שיפֿן זענען בשלום דורכגעשוווּמען די דאַרדאַנעלן און די אינדזל קרעטאַ. גראָד אין דער צייט האָט איטאַליע דערקלערט קריג גריכנלאַנד. דער קאַפּיטאַן פֿון דער שיף „אַטלאַנטיק", וואָס איז געווען אַ גריך, האָט באַין אופֿן נישט געוואָלט ווייטער פֿאָרן. די אָנפֿירער פֿון דער בריחה, וועלכע האָבן זיך געפֿונען אויף דער שיף, האָבן אַרעסטירט דעם קאַפּיטאַן און אויף זיין אָרט אַוועקגעשטעלט דעם ערשטן אָפֿיציר פֿון דער שיף, און מען איז ווייטער אָפּגעשוווּמען. די אָרדענונג און זאָרג פֿאַר די פּאַסאַזשירן פֿון דער שיף האָבן פֿון דעמאָלט אָן איבערגענומען די בריחה־מענטשן. מען איז ענדלעך אָנגעקומען קיין חיפֿה. די ענגלענדער האָבן נישט געוואָלט דערלויבן די יידן אַראָפּצוגיין אויפֿן ברעג. זיי האָבן אַלע פּאַסאַזשירן געצוווּנגען איבערצוזעצן זיך אויף דער שיף „פּאַטריאַ". מען האָט איבערגעפֿירט אַהין די פּאַסאַזשירן מיט קליינע שיפֿלעך. ווען אויף דער שיף זענען שוין געווען אייניקע הונדערט פּאַסאַזשירן, איז „פּאַטריאַ" פּלוצעם אויפֿגעריסן געוואָרן און אַלע פּאַסאַזשירן, וואָס האָבן זיך געפֿונען אויף דער שיף, זענען אומגעקומען.

גערעטעוועט האָבן זיך נאָר די, וואָס האָבן נאָך נישט באַוויזן איבערצו־
זעצן זיך פון די קליינע שיפלעך.

די איבערגעבליבענע יידן זענען אויך נישט אַראָפּגעלאָזט געוואָרן אויפן ברעג. עס זענען פאַנאַנדערגעטיילט געוואָרן די פרויען און קינדער באַזונדער און מענער באַזונדער. די פרויען און קליינע קינדער האָבן די ענגלענדער אַוועקגעפירט מיט אויטאָבוסן קיין אַטליט. די עלטערע מענטשן — אויך קיין אַטליט — אין אַ לאַגער, אין די באַראַקן. די יונגע מענער — ביז 45 יאָר — האָט מען אַוועקגעפירט אין אַ לאַגער אין עכו. פון דאָרט האָט מען אַלע מענער אַוועקגעפירט מיט כוח אויף צוויי שיפן: „ניו־זילאַנד" און „זשאַן דע וויט", און זיי געבראַכט אויפן אינדזל מאַוריציוס ווו מען האָט זיי אַריינגעשפּאַרט אין קעמפּ „באַבאַסע". דאָרט האָט געהערשט טיפוס־קראַנקייט, און פון דער עפּידעמיע זענען יעדן טאָג געשטאָרבן אייניקע מענטשן.

אויך די ווייטערדיקע טראַנספּאָרטן מיט יידן, וואָס זענען דורך די ענגלענדער איבערגעכאַפּט געוואָרן, האָט מען געבראַכט אין לאַגער קיין מאַוריציוס. דאָרט האָבן די ענגלענדער אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף, אַז מענער אין עלטער ביז 36 יאָר קאָנען זיך פאַרשרייבן ווי פרייוויליקע אין דער אַרמיי. אַן ערך 2.000 יונגעלייט האָבן זיך פרייוויליק געמאָלדן, כדי צו קעמפן קעגן די דייטשן.

✶

לויטן אָפּמאַך, וואָס דייטשלאַנד האָט געשלאָסן מיט רומעניע ((דעם 30סטן אויגוסט 1941), איז די גאַנצע טעריטאָריע, וואָס איז געלעגן צווישן דניעסטער און בוג, אַריבער אונטער דער רומענישער ציווילער אַדמי־ניסטראַציע. דאָס דאָזיקע געביט האָט מען אָנגערופן טראַנסדניסטיע. אַהין האָבן געדאַרפט אַריבערגעפירט ווערן 70.000 רומענישע יידן, לרוב פון בעסאַראַבישע און מאָלדאַווישע געביטן, ווי אויך פון בוקאָווינע. עס זענען אָבער אַריבערגעשיקט געוואָרן ווייטער, איבערן בוג, אין דער טע־ריטאָריע, וואָס איז געווען אָקופּירט דורך די דייטשן, ווייטערדיקע 10.000 יידן. דאָרט זענען זיי דערמאָרדעט געוואָרן.

לויט דער ציילונג פון יאָר 1939 איז די יידישע באַפעלקערונג פון

רומעניע באַשטאַנען פון 850 טויזנט יידן. פון די דעפּאָרטאַציעס פון רו־מעניע קיין טראַנסדניסטריע און אוישוויץ זענען אומגעקומען 425 טויזנט יידן.

*

אין בולגאַריע האָבן פאַר דער מלחמה געלעבט ביי 50 טויזנט יידן. די היטלער־רעגירונג האָט אַלץ געטאָן אַרויסצובאַקומען פון דאָרט די יידן. שוין אין יאָר 1941 האָבן זיי זיך געווענדט צום מעטראָפּאָליט פון בולגאַריע מיט אַ בקשה איבערצושיקן זיי אַ רשימה פון אַלע מלוכה־מענער און מיטגלידער פון אָפיצירן־קאָרפּוס, וואָס זיי אָדער זייערע פאַ־מיליעס האָבן זיך געשמדט, אָנהייבנדיק פון יאָר 1878 [80]. די בולגאַרישע רעגירונג האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט די דייטשישע פּרוּוון צו דעפּאָרטירן פון דאָרט די יידן. ערשט ווען די דייטשן האָבן באַזעצט בולגאַריע, אין יאָר 1943, האָבן זיי אָנגעהויבן די דעפּאָרטאַציע פון בולגאַרישע יידן. נישט געקוקט אויף דעם וואָס די מערהייט פון דער בולגאַרישער באַפעלקערונג האָט נישט צוגעהאָלפן און אַפילו סאַבאָטירט די דעפּאָרטאַציע־באַפעלן, איז דאָך די דייטשן געלונגען אַרויסצובאַקומען 5.000 בולגאַרישע יידן און זיי אָוועקצושיקן קיין אוישוויץ. דאַקעגן האָט בולגאַריע נישט גע־שטערט צו דעפּאָרטירן די 11.360 יידן פון גריכנלאַנד און יוגאָסלאַוויע, וואָס האָבן זיך געפונען אויף די דורך זיי אָקופּירטע טעריטאָריעס. זיי זענען דעפּאָרטירט געוואָרן קיין אוישוויץ.

אין גריכנלאַנד האָבן פאַרן קריג געלעבט 67 טויזנט יידן, פון זיי בלויז אין סאַלאָניקי — 50 טויזנט. — כמעט אַלע ספרדישע יידן. (46 טויזנט סאַלאָניקער יידן זענען אומגעבראַכט געוואָרן). אַ קלענער טייל פון די גריכישע יידן האָט אויסגענוצט די מעגלעכקייט פון אויסטויש, אויפן סמך פון פראַנקאָס דעקרעט וועגן שפּאַנישער בירגערשאַפט פאַר די ספרדישע יידן. אַ גאָר קליינער טייל האָט זיך געמאָלדן צום אויסטויש און זיי זענען אָוועקגעשיקט געוואָרן קיין בערגען־בעלזען. 60.000 יידן זענען דעפּאָרטירט געוואָרן קיין אוישוויץ און טרעבלינקע.

*

אין יוגאָסלאַוויע האָבן געלעבט אַרום 75 טויזנט יידן. ווען קראָאַציע האָט זיך אָפּגעטיילט פון יוגאָסלאַוויע און איז געוואָרן אַ זעלבשטענדיקע

מדינה, האָבן זיך דאָרט געפונען 21 טויזנט יידן. בלויז אין סאַראַיעוואָ האָבן געלעבט 8.000 יידן — אַלע ספרדישע. 5.000 פון די סאַראַיעווער יידן זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורך סלאַווקאָ קוואַטערניקס „אוסטאַשיס". די איבעריקע יידן זענען אַנטלאָפן קיין איטאַליע אָדער צוגעשטאַנען צו די פּאַרטיזאַנער. אַ געוויסע צאָל ספרדישע יידן איז געלונגען אויסגעטוישט צו ווערן.

מיט דעם איז פאַרענדיקט געוואָרן דאָס קאַפּיטל יידן אין די באַלקאַנישע לענדער בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה.

## אינטערנירונג־לאַגערס פאַר אויסלענדער

די מענטשן, וועלכע זענען געווען באַשטימט צום אויסטויש, זענען אין די יאָרן 1941—1945 אַוועקגעשיקט געוואָרן אין די אינטערנירונג־לאַגערס לאַופען, טיטמאַנינג, ספּיטאַל, ליבענאַו, ביבעראַך, בערגען־בעלזען, וויטעל. די קאַנדידאַטן אויסגעטוישט צו ווערן — יידן און קריסטן — זענען געווען אויסלענדישע בירגער, אָדער אַזעלכע, וואָס האָבן געקריגן צוגעשיקט אויסלענדישע דאָקומענטן און אַזוי אַרום געקאָנט געניסן פון די רעכט אויסגעטוישט צו ווערן. געהייסן האָט עס, אַז די מענטשן ווערן אויסגעטוישט אויף דייטשן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין די אַמעריקעס און אין די אַנדערע לענדער, וואָס זענען געשטאַנען אין קריג מיט היטלער־דייטשלאַנד.

# טיטמאָנינג

דאָס איז געווען אַ קליינער לאַגער פאַר ציווילע אינטערנירטע (פריִער געווען אַ לאַגער פאַר קריגס־געפאַנגענע), וואָס איז געלעגן אין די בערג פון אָבער־בייערן, נישט ווייט פון זאַלצבורג (עסטרייך). דאָרט האָבן זיך געפונען אַרום 250 אינטערנירטע, לרוב קריסטן — פּאַליאַקן פון די פּאַראייניקטע שטאַטן, וועלכע האָבן פאַר דער מלחמה באַזוכט זייער געבוירן־לאַנד פּוילן, און צוליבן אויסברוך פון דער מלחמה, שוין נישט באַוויזן צוריק צו פאָרן אַהיים. צווישן די אַמעריקאַנער בירגער איז אויך געווען אַ גרופּע נעגער, וועלכע זענען געבליבן שטעקן אין אייראָפּע, אין די דורך די דייטשן אָקופּירטע לענדער.

אין דער אַמעריקאַנער גרופּע האָבן זיך אויך געפונען אַרום 40 יידן. ווען עס איז אָנגעקומען קיין טיטמאַנינג די ערשטע גרופּע פּוילישע יידן, האָבן זיך דאָרט שוין געפונען די אַמעריקאַנער בירגער. אין סעפּטעמבער 1943 האָט מען אַ טייל אַמעריקאַנער אַריבערגעפירט קיין וויטעל. די יידן אין טיטמאַנינג האָבן, אומאָפּהענגיק פון זייער מלוכה־אָפּשטאַם, געוווינט און געהאַלטן זיך צוזאַמען, די קריסטלעכע אינטערנירטע — באַזונדער.

די יידן זענען אַהינגעבראַכט געוואָרן אין פאַרשידענע צייטן, אָנהייבנדיק פון חודש מאַי 1943. אויפן וועג אָבער האָט מען זיי צעשיידט: די מענער האָט מען געבראַכט קיין טיטמאַנינג און די פרויען — קיין ליבענאַו, וואָס איז געווען אַן אינטערנירונג־לאַגער אויסשליסלעך פאַר פרויען. אַנדערע פרויען האָט מען, נאָך זייער אָנקומען אַהין, אַוועקגעשיקט קיין וויטעל.

וויטעל איז פאַקטיש געווען אַ פאַמיליע־לאַגער און אַהין האָט מען

געשיקט גאַנצע משפּחות מיט קינדער ביז 16 יאָר. לויט דער געגפער קאָנוועגץ האָט מען אַזעלכע משפּחות נישט געטאָרט פונאַנדערטיילן.

די מענער האָט מען פריִער געבראַכט קיין לאָופען און פון דאָרט קיין טיטמאַנינג. די גאַנצע גרופּע, וואָס איז אָנגעקומען פון פּוילן, איז געווען פּאַרזען מיט לאַטיין־אַמעריקאַנער דאָקומענטן, לרוב — פון פּאַראַגוויי. זיי האָבן די דאָקומענטן באַקומען צוגעשיקט פון דער שווייץ, דורך דער פאַר־מיטלונג פון דאָרטיקע יידישע אינסטיטוציעס, אָדער פון פּריוואַט־מענטשן, וועלכע האָבן די פּאַפּירן פאַר זיי אויסגעאַרבעט אין די דאָרטיקע קאָנ־סולאַטן.

דער אינטערנירונג־לאַגער טיטמאַנינג האָט זיך געפונען אין אַן אַלטן שלאָס און איז געשטאַנען אונטער דער אויפזיכט פון דייטשישע סאַלדאַטן, וועלכע זענען פאַרוווּנדעט געוואָרן אויפן פראָנט און נאָכן אַרויסגיין פון שפּיטאָל האָט מען זיי ווי רעקאָנוואַלעסצענטן געשיקט אין די בערג אויף אָפּרו. דערביי האָט מען זיי שוין אויסגענוצט צו היטן די אינטערנירטע. דער קאָמענדאַנט פון לאַגער איז געווען האַופּטמאַן ד״ר לעאָנהאַרד. חוץ זיי האָט זיך אין דער לאַגער־קאָמענדאַנטור געפונען אַ פאָרשטייער פון דער זיכערהייטס־דינסט (עס־דע).

די באַדינגונגען אין לאַגער טיטמאַנינג זענען נישט געווען קיין ספּע־ציעל שווערע. אָבער די באַציִונגען צווישן די יידישע און קריסטלעכע אינטערנירטע, ספּעציעל מיט די אַמעריקאַנער פּאַליאַקן, זענען נישט גע־ווען קיין געהויבענע. זיי האָבן געוווינט אין באַזונדערע דירות, אָבער די פּאַליאַקן פלעגן זיך טשעפּען צו זייערע יידישע גורל־חברים. געווען אַפילו אַ פאַל, ווען דער יידישער אינטערנירטער וואָלף (פון ביליץ) האָט אין אַ זונטיקדיקן טאָג זיך אָוועקגעשטעלט נישט ווייט פון אַ קירך און אָנגעהויבן צו פאַרבן אַן אָנצוג, זענען אים באַפאַלן אַמעריקאַנער פּאַליאַקן. די פּאַליאַקן האָבן אָנגעטראָפן אויף אַ ווידערשטאַנד און מען האָט זיי פאַרטריבן פון פּלאַץ. די שטימונג איז אָבער געוואָרן אַן אָנגעשטרענגטע, און ווי עס גייט איבער דער אינטערנירטער יצחק גאָלד, האָט פּשוט גע־דראָט מיט אַ פּאָגראָם אויף די יידישע אינטערנירטע. עס דאַרף דאָ אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז אַן אינטערנירטער פּוילישער גלח, וואָס האָט

געהערט צו דער אַמעריקאַנער גרופּע — זיין נאָמען איז געווען שליעדזש, — וועלכער האָט זיך באַצויגן מיט פריינדשאַפט צו די יידישע אינטערנירטע אין לאַגער, האָט אין אַ גרויסער מאָס צוגעהאָלפן איינצו־שטילן די געמיטער פון די אַנטיסעמיטישע פּאָליאַקן. אים האָט מען געהאָט צו פאַרדאַנקען, וואָס עס זענען אויסגעמיטן געוואָרן שאַרפע אינצידענטן צווישן די פּאָליאַקן און יידן.

אין אינטערנירונג־לאַגער טיטמאָנינג איז קראַנק געוואָרן אַ באַקאַנ־טער יידישער מוזיקער פון האָלאַנד. געהייסן האָט ער עדוואַרד טאַק. דער לאַגער־דאָקטער האָט אים אַריבערגעפירט קיין זאַלצבורג אין שפּיטאָל אַריין. עס האָט נישט לאַנג גענומען און ער איז דאָרט געשטאָרבן. מען האָט געשמועסט, אַז טאַק איז געשטאָרבן מיט אַ נישט נאַטירלעכן טויט. מען האָט אים געבראַכט צו קבורה אויפן זאַלצבורגער צווינטער, נעבן קבר פון אַ באַוווּסטן לופטפלי‏ער — אַ פּילמאָליק־אויסגעצייכנטן מלחמה־העלד...

דער קאָמענדאַנט פון טיטמאָנינגער לאַגער האָט באַפוילן איינצואָר־דענען טאַקן אַ פייערלעכע לוויה, מיטן געהעריקן צערעמאָניאַל, מיט אַ רב אַאז״וו. דער רב פון אַנטווערפּן ראָטענבערג, וועלכער איז געווען דאָרט אינטערנירט, האָט פאַרלאַנגט צו ברענגען קיין זאַלצבורג 10 אינטערנירטע, ווייל ער דאַרף זיי האָבן צום מנין. עס איז אַוועק צום צווינטער אין זאַלצבורג אַ פּראָצעסיע פון לאַגער־יידן, בראש מיטן רב ראָטענבערג, דעם קאָמענדאַנט האָופּטמאַן לעאָנהאַרד, דעם פאַרשטייער פון עס־עס־זאָנדערבעאויפטראַגטן און דעם גלח שליעדזש — ווי דער פאַרשטייער פון די קריסטלעכע אינטערנירטע. נאָכן דורכפירן דעם געהעריקן צערעמאָניאַל, האָט דער רב געמאַכט אַ הספד (אין דער פלעמישער שפּראַך), דער אינטערנירטער מיכאַל לאַסקער (פון בענדין) האָט געזאָגט קדיש און דער פּוילישער גלח שליעדזש האָט געהאַלטן אַ קורצע רעדע (אין ענגליש). צוויי דייטשישע זעלנער, וואָס האָבן באַגלייט די אינטערנירטע, ווי אַן „ערנוואַך", האָבן אָפּגעגעבן דעם פאַרשטאָרבענעם פולן מיליטערישן כבוד [81].

די אָרטאָדאָקסישע יידן פונעם לאַגער האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען,

געוווינט אין איין צימער פון שלאָס, אָפּגעהיטן כשרות (זיי האָבן געהאַט אַן אייגענע קיך), געדאַוונט מיט אַ מנין. וואָלף האָט אַפּילו געהאַט מיט זיך אַ ספר־תורה, וועלכע ער האָט מיטגעבראַכט פון דער היים. פּסח האָבן זיי איינגעאָרדנט סדרים און פאַרבעטן די איבעריקע יידן. סוכות האָבן זיי אויפגעשטעלט אַ סוכה. מיט איין וואָרט: געפירט זיך ווי ביי זיך אין דער היים, נישט ווערנדיק געשטערט אין דעם פון דער אויפזיכט־מאַכט. עס דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז דער לאַגער טיטמאַנינג, פּונקט ווי די איבעריקע אָפיציעלע אינטערנירונג־לאַגערס צום אויסטויש, איז געשטאַנען אונטערן שוץ פון אינטערנאַציאָנאַלן רויטן קרייץ, וואָס האָט די אינטערנירטע יעדע וואָך באַזאָרגט מיט שפּייז־פּעקלעך, סיגאַרעטן אאַז״וו.

# לאַופען

דער אינטערנירונג־לאַגער לאַופען איז געווען דער הויפּטלאַגער. טיט־מאַנינג, ליבענאַו זענען געווען אָפּצווייגן פונעם לאַגער לאַופען. פון אָנהייב איז לאַופען געווען אַ לאַגער פאַר ציווילע אינטערנירטע, וואָס האָבן גע־דאַרפט אויסגעטוישט ווערן קיין אויסלאַנד. דאָרט האָט מען, צווישן אַנ־דערע, געהאַלטן בירגער פון די פאַראייניקטע שטאַטן, פון ענגלאַנד און פון לאַטיין־אַמעריקע. דער אויסטויש פון אַ טייל בירגער פון די פאַראיי־ניקטע שטאַטן איז פאַרגעקומען פון לאַופען אָנהייב 1944, דער צווייטער אויסטויש — שוין דער לעצטער — איז פאַרגעקומען אין יאָר 1945. צווישן די אויסגעטוישטע זענען געווען אויך יידן.

קיין לאַופען האָט מען אין מאַי 1944 געבראַכט אַ גרופּע אינטערנירטע יידישע מענער פון טיטמאַנינג, נאָך דעם ווי זיי זענען געווען דאָרט אַ יאָר צייט. אין לאַופען האָט מען זיי געהאַלטן אַ האַלב יאָר, פון וואַנען מען האָט זיי אַוועקגעשיקט אין דעם לאַגער ספּיטאַל (קערטען). דאָרט זענען זיי פאַרבליבן ביזן חודש יאַנואַר 1945, פון וואַנען מען האָט זיי צוריקגעשיקט אין דעם הויפּטלאַגער לאַופען. די יידישע גרופּע מענער, וועלכע האָבן געהאַט זייערע פרויען אין לאַגער ליבענאַו, האָט מען אַוועקגעשיקט קיין ביבעראַך (ווירטענבערג), ווו זיי זענען פאַראייניקט געוואָרן מיט זייערע פרויען, וועלכע מען האָט אויך געבראַכט אַהין. די מענער, וועלכע האָבן נישט געהאַט מיט זיך קיין פרויען, זענען פאַר־בליבן אין לאַופען ביזן סוף פון דער מלחמה. אייניקע איינצלנע מענער, זענען פאַרבליבן אויך אין טיטמאַנינג. איינער פון די אינטערנירטע יידן איז קראַנק געוואָרן אין לאַגער אויף שווינדזוכט און ער איז, צוזאַמען מיט נאָך אייניקע יידן, אַוועקגעשיקט געוואָרן אין יאָר 1945 קיין שווייץ, און פון דאָרט, צוזאַמען מיט אַ גרופּע יידן, באַזיצער פון אויסלענדישע

דאָקומענטן, אַריבערגעפירט געוואָרן, דעם 1טן פעברואַר 1945, דורך פי־ליפּוויל (צפון־אַפריקע) קיין ארץ־ישראל.

נאָכן פּוילישן אויפשטאַנד אין וואַרשע האָט מען געבראַכט קיין לאַופען דעם גאַנצן שטאַב פון די אויפשטענדלער, מיטן גענעראַל באָר־קאָמאָראָווסקי בראש. ערשט ביים סוף פון דער מלחמה האָט מען זיי איבערגעפירט אין דער שווייץ, ווו זיי זענען געוואָרן אינטערנירט. דעם גענעראַל באָר־קאָמאָראָווסקי האָט מען, נאָך פאַרן סוף פון דער מלחמה, געבראַכט מיט אַ ספּעציעלן אַעראָפּלאַן קיין לאָנדאָן.

אין לאַופען זענען אויך געווען אינטערנירט ביזן סוף פון דער מלחמה האָלענדישע אָפיצירן, קריגס־געפאַנגענע, וועלכע מען האָט געבראַכט פון טיטמאָנינג נאָכן ליקווידירן דאָרט דעם מיליטערישן לאַגער און פאַר־וואַנדלען אים אין אַ לאַגער פאַר ציוויל־אינטערנירטע אויסלענדער.

צווישן די געבראַכטע ציוויל־געפאַנגענע, האָבן זיך אין לאַופען גע־פונען, צווישן אַנדערע: לאַסקאַל; אַ פּלימעניק פון דער ענגלישער קעני־גין; דער זון פון אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין ענגלאַנד (אין די יאָרן 1941—1946) — דזשאָן זשילבערט ווינאַנט; דער זון פון ענגלישן מאַר־שאַל לאָרד אַלעקסאַנדער; טשערטשילס פּלימעניק; דער פּרינץ דע ראָ־האַן מיט זיינע צוויי זין א״אַ [82].

אין פּרויען־לאַגער ליבענאַו איז געווען אינטערנירט די פרוי פון דעם געוועזענעם ענגלישן קריגס־מיניסטער (אין די יאָרן 1937—1940) — האָר־בעלישאַ (אַ ייד [83]). עס וועט זיין אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז דער וואָרעמער ייד האָר־בעלישאַ האָט רעזיגנירט פון זיין אַמט ווי אַ קריגס־מיניסטער צוליב נעוויל טשעמבערלענס פּאָליטיק בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה (טשעמבערלען האָט, ווי באַוווּסט, געשלאָסן מיט היטלערן דעם פּאַקט אין מינכען).

דער פּרויען־לאַגער ליבענאַו איז געשטאַנען אונטער דער אויפזיכט פון דער דייטשישער פּאָליציי.



אַ כאַראַקטעריסטישער פאַל איז פאָרגעקומען אין לאַגער טיטמאָנינג. עטלעכע יידישע אינטערנירטע, וועלכע האָבן זיך נישט געפונען אויף

דער דאַרטיקער אויסטויש־רשימה, האָט מען דערלויבט, אַ דאַנק דעם גוטן ווילן פון האָופּטמאַן לעאָנהאַרד, אָפּצופאָרן קיין קאָנסטאַנץ (רומעניע). פון דאָרט האָבן זיי געהאַפּט צו קאָנען זיך אַרויסבאַקומען, דורך טערקיי, קיין ארץ־ישראל. דאָס איז זיי אָבער נישט געלונגען. מען האָט זיי צוריק־געבראַכט קיין לאָופען [84].

דער אויסטויש פון קריגס־געפאַנגענע אַמעריקאַנער אויף דייטשישע בירגער, איז פאָרגעקומען אין יאָר 1945 אין סאַן גאַלען (שווייץ). עס זענען דעמאָלט אויך אויסגעטוישט געוואָרן יידן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין די אינטערנירונג־לאַגערס טיטמאַנינג און ליבענאַו. אויך זיי האָט מען געבראַכט אין דער שווייץ. פון סענט גאַלען האָט מען זיי אָוועקגעשיקט קיין אַלזשיר — צו ווייטערדיקער טראַנספּאָרטאַציע. די געבראַכטע יידן האָט אַ סך געהאָלפן דער פאָרשטייער פון „היאַס" — ד"ר פעלדמאַן.

# וויטעל

וויטעל, וואָס איז געלעגן אַ האַלבע שעה ווייט פון דער שטאָט נאַנסי, אין מזרח־פראַנקרייך, און איז געווען אָקופּירט דורך די דייטשן, האָט פאַרשריבן אַ טרויעריק קאַפּיטל אין אונדזער חורבן־געשיכטע.

פיל טויזנטער יידן האָבן געשטרעבט אַנצוקומען אַהין, אין דער האָ־פענונג צו קאָנען זיך פון דאָרט אַרויסבאַקומען אין איינעם פון די לענדער אין דער פרייער וועלט. דער נאָמען וויטעל איז ממש געוואָרן לעגענדאַ־ריש ביי די יידן פון די דורך די דייטשן אָקופּירטע געביטן, און דער עיקר — פון פוילן.

פאַר וואָס איז פון אַלע אינטערנירונג־לאַגערס פאַר אויסלענדישע בירגער גראָד וויטעל געוואָרן דער סינאָנים פון רעטונג — איז שווער צו פאַרשטיין. אפשר איז דאָס דערפאַר, ווייל וויטעל איז געווען איינער פון די הויפּטלאַגערס פאַר קריסטן און יידן, וועלכע האָבן געדאַרפט אויסגעטוישט ווערן אויף דייטשישע בירגער פון אויסלאַנד, ווי אויך צוליב דעם פאַקט, אַז דער דאָזיקער לאַגער האָט זיך געפונען אויף דער פראַנ־צויזישער ערד.

די יידן, וועלכע האָבן באַקומען צוגעשיקט דורך זייערע קרובים אָדער פון פאַרשידענע אינסטיטוציעס אין אויסלאַנד די געהעריקע דאָקו־מענטן, ווי אויך ארץ־ישראל־סערטיפיקאַטן און האָבן זיך געפונען אויף דער רשימה, וואָס איז אַרויסגעשיקט געוואָרן דורך דעם „פאַריין־אָפיס" אין לאָנדאָן, זענען געווען די ערשטע קאַנדידאַטן אויסגעטוישט צו ווערן. די רשימות זענען צוגעשיקט געוואָרן צו די געהעריקע דייטשישע אַמטן.

אויך יידן, וועלכע האָבן געהאַט פינאַנסיעלע מעגלעכקייטן, האָבן גע־קויפט דורך די געשטאַפּאָ־פאַרבינדלער אויסלענדישע פּעסער. די אַלע

האָבן געזאָלט אָװעקגעשיקט װערן קײן װיטעל. װיטעל איז אַזױ אַרום גע־װאָרן דער אױסגעהלומטער פּלאַץ פאַר ייִדן, און נאָך מער, װען עס זענען אָנגעקומען פון די דאָרט אינטערנירטע פּאָסטקאַרטלעך, אין װעלכע מען האָט באַשריבן די װױלטאָג און לוקסוס, פון װעלכע די מענטשן, װעלכע געפינען זיך דאָרט, געניסן.

צו דעם דאָזיקן „גן־עדן" האָבן זיך דעריבער געריסן טויזנטער פּױ־לישע ייִדן און געצאָלט הױכע פּרײַזן, כּדי זוכה צו זײַן אַרײַנצובאַקומען זיך אין „האָטעל פּאָלסקי" אין װאַרשע און אַװעקגעשיקט צו װערן צום אױסטױיש. דער מערהײט ייִדן איז אַפילו נישט געגעבן געװאָרן די גע־לעגנהײט אָנצוקוקן דאָס שײנע װינקל אין פראַנקרײַך. זײ זענען גלײַך אַװעקגעפירט געװאָרן קײן אױשװיץ אָדער בערגען־בעלזען. די, װעלכע האָבן שױן יאָ געהאַט דאָס מזל אָנצוקומען קײן װיטעל, זענען אױך, כּמעט אַלע, אומגעקומען. אָבער ביז עס איז באַקאַנט געװאָרן װעגן די ייִדן־דעפּאָרטאַציעס פון װיטעל גופא, האָט מען נאָך אַלץ געהאָפט, אַז עס איז דאָ אַ מעגלעכקײט צו ראַטעװען זיך דאָרט.

נישט אומזיסט האָט דער עס־עס־אָבערשטורמפירער סטאַבענאָװ, אײנער פון די װיכטיקסטע מיטאַרבעטער פון דער געשטאַפּאָ אין װאַרשע, עדות־געזאָגט בעת דער אױספאָרשונג בײַם צוגרײטן דעם פּראָצעס קעגן די געשטאַפּאָ־פאַרברעכער פון װאַרשע, אַז ער האָט געהאָלפן ראַטעװען פון אומקום בײַ דרײַ טױזנט ייִדן, װאָס ער האָט אַװעקגעשיקט מיט די טראַנספּאָרטן קײן װיטעל. װי באַװוּסט, האָט מען אַרײַנגענאַרט די דאָזיקע מענטשן צום „אױסטױיש" אין „האָטעל פּאָלסקי" אין װאַרשע. 90 פּראָ־צענט פון די דאָזיקע ייִדן־טראַנספּאָרטן, װאָס האָבן פון װאַרשע געזאָלט אָפּגײן צום אױסטױיש קײן װיטעל, אַ דאַנק דעם „רעטער" סטאַבענאָװ און זײַן באַנדע, זענען אומגעקומען. אַגב, פאַר דער דאָזיקער „ייִדן־רעטונג" איז סטאַבענאָװ אױסגעצײכנט געװאָרן דורך זײַן העכערער מאַכט. ער האָט באַקומען אַ העכערן ראַנג: געװאָרן האַופּטשטורמפירער. נאָך דעם װי די דײַטשן זענען פאַרטריבן געװאָרן פון פּױלן, האָט אים הימלער באַשטימט פאַר זײַן באַפּולמעכטיקטן אין שטאַב פון גענעראַל װלאַסאָװ אין קאַרלסבאַד.

אַ טײל פון די ייִדן, װעלכע מען האָט אױף אַזאַ אופן אַרײַנגענאַרט

אין די אויסטויש־פלעצער, האָט מען טאַקע אָוועקגעשיקט קיין וויטעל. דער ערשטער טראַנספּאָרט איז פון פּוילן אָוועק קיין וויטעל אין חודש מאַי 1943 און איז אָנגעקומען אַהין דעם 22סטן מאַי. דער לעצטער טראַנס־פּאָרט איז אָפּגעגאַנגען אַהין אין חודש יולי 1943 (זע קאַפּיטלען: אויס־לענדישע דאָקומענטן און דער אויסטויש אין פּוילן).

וויטעל איז לכתחילה אייגעאָרדנט געוואָרן פאַר אַן אינטערנירונג־לאַגער פאַר ענגלישע און פאַר צפון־ און דרום־אַמעריקאַנער בירגער. די מערהייט אויסלענדער, באַשטימט צום אויסטויש, האָבן זיך דאָרט געפו־נען אָנהייבנדיק פון יאָר 1941, דאָס הייסט: צוויי יאָר איידער עס האָט זיך אָנגעהויבן דער מאַסן־טראַנספּאָרט פון די יידן פון פּוילן.

פון אָנהייב זענען אַלע מענטשן, וועלכע מען האָט געבראַכט קיין וויטעל אין יאָר 1943 און זענען באַשטימט געווען צום אויסטויש, איינ־געאָרדנט געוואָרן אין אַ לוקסוס־האָטעל („פּראָווידענס"), כדי זיי אַזוי אַרום צו איזאָלירן פון די אינטערנירטע ענגלענדער און אַמעריקאַנער, צווישן וועלכע עס זענען געווען אויך יידן. די דאָזיקע יידן האָבן גענאָסן פון אַ העכערן סטאַטוס און זיך געקאָנט פריי באַוועגן.

דעם 8טן סעפּטעמבער 1943 איז קיין וויטעל אָנגעקומען אַ ספּעציעלע דייטשישע אויספאָרשונג־קאָמיסיע, צווישן וועלכער עס זענען געווען איי־ניקע נאַציס פון די דרום־אַמעריקאַנער לענדער. זיי האָבן דורכגעפירט אַ קאָנטראָל פון די אויסלענדישע פּעסער. אַ ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט האָבן זיי געשענקט די „אויסלענדער", וועלכע זענען געקומען פון פּוילן. דער קאָמענדאַנט פון לאַגער, האופּטמאַן לאַנגהאַוזער, האָט ביי אַלע איינ־טערנירטע, וועלכע האָבן געהאַט דרום־אַמעריקאַנער פּעסער, צוגענומען זייערע דאָקומענטן. די קאָמיסיע האָט זיי מיטגענומען מיט זיך און אָפּ־געפאָרן.

דער רייכס־זיכערהייטס־אַמט אין בערלין האָט זיך מיט די דאָזיקע דאָקומענטן לגמרי נישט גערעכנט. דאָס האָט זיך, איבעריקנס, באַשטע־טיקט אין זייערס אַ מעלדונג (פון יאָר 1944) צו דער לייטונג פון לאַגער טערעזיענשטאַט, אין שייכות מיטן טראַנספּאָרט יידן, וואָס איז אַהין אָנגע־קומען פון וועסטערבאָרק (האָלאַנד). אין דער אָפיציעלער מעלדונג ווערט

געזאָגט: „די פּעסער פון די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער, וואָס זענען אויס־געשטעלט געוואָרן פאַר יידן פון די לענדער האָנדוראַס, עקוואַדאָר, פּאַ־ראַגוויי און אאַז״וו, דאַרפן באַטראַכט ווערן פאַר נישט גילטיק, ווייל דאָ האַנדלט זיך וועגן „טובה־פּעסער״.

אין דער שווייץ האָט מען אַ פּנים נאָך דעמאָלט נישט געוווּסט, אַז די דייטשן רעספּעקטירן נישט די אויסגעשטעלטע דאָרט לאַטיין־אַמעריקאַ־נער דאָקומענטן, און מען האָט זיי ווייטער אויסגעאַרבעט אין די טויזנטער.

די יידישע אָרגאַניזאַציעס אין דער שווייץ און די קערפּערשאַפט פאַר מלחמה־פּליטים „וואָר רעפּיודזשי באָרד״, וואָס רוזוועלט האָט באַפוילן צו גרינדן אין חודש יאַנואַר 1944, האָבן, ווען דיק ראַטעווען וואָס מער מענטשן פון אומקום, אַליין אויסגעאַרבעט פיקטיווע דאָקומענטן און אַלץ געטאָן, כדי משפּיע צו זיין אויף די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער, זיי זאָלן אָנערקענען די דאָזיקע דאָקומענטן. די אינטערנירטע אין וויטעל האָבן זיך אָבער דערוווּסט פון האָפּטמאַן לאַנגהאַוזער, אַז די מיטגענומענע דאָקו־מענטן וועלן ווערן גרינטלעך אויסגעפאָרשט און אויב די אַנטשפּרעכנדיקע מדינות וועלן זיי נישט אָנערקענען, וועט מען די יידן דעפּאָרטירן פון וויטעל.

די שטימונג ביי די אינטערנירטע איז געוואָרן אַ פּאַנישע. דורך ספּע־ציעלע שליחים האָט מען אָנגעהויבן צו אַלאַרמירן די יידישע מנהיגים אין דער שווייץ. פון צייט צו צייט פלעגן אויך קומען קיין וויטעל גייסט־לעכע, פאַרשטייער פון דער פּראָטעסטאַנטישער און קאַטוילישער קירך, ווי אויך אַ ראַבינער פון לאָזאַן — ד״ר שולמאַן. זיי זענען צוגעלאָזט גע־וואָרן צו די אינטערנירטע. דורך ד״ר שולמאַן האָט מען אויך צו וויסן געגעבן וועגן דער גרויסער סכנה, וואָס עס דראָט די אינטערנירטע יידן אין וויטעל. זיי האָבן אויך מודיע געווען, אַז זיי האָבן דערהאַלטן אַ מעל־דונג פון דער שפּאַנישער אַמבאַסאַדע אין בערלין, וואָס האָט פאַרטראָטן די אינטערעסן פון פּאַראַגוויי אין דייטשלאַנד, אַז אַלע פּעסער און דאָ־קומענטן, וואָס זענען אויסגעשטעלט געוואָרן פון דעם פּאַראַגווייער קאָנ־סולאַט אין בערן, ווערן נישט אָנערקענט פון דער פּאַראַגווייער רעגירונג. אויך אַנדערע לאַטיין־אַמעריקאַנער רעגירונגען האָבן געמאָלדן, אַז זיי וועלן

נישט אָנערקענען די פּעסער, וואָס זענען אויסגעשטעלט געוואָרן אין דער שווייץ.

מען האָט דעריבער אַפּעלירט צו די יידישע אָרגאַניזאַציעס אין אויס־לאַנד צו טאָן אַלץ מעגלעכע, כדי צו ראַטעווען די יידן אין וויטעל פון דער סכנה דעפּאָרטירט צו ווערן. מען האָט אויך געבעטן צו ווענדן זיך צום אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין דער שווייץ מיט דער בקשה זיך תיכף צו פאַרשטענדיקן מיט וואַשינגטאָן וועגן דער ערנסטער לאַגע; אויך — צום דזשאָינט, צו סטיפען וויז, צו ד״ר נחום גאָלדמאַן און צו אַנדערע יידישע פּערזענלעכקייטן פון דער פרייער וועלט, זיי זאָלן האַנדלען שנעל, ווייל יעדע שעה קאָן דאַ דעצידירן.

דורך די ספּעציעלע שליחים איז אויך איבערגעגעבן געוואָרן, אַז אין די אַלע ענינים האָט אַ דעצידירנדיק וואָרט די גרויע עמינענץ פון געֿ־שטאַפּאָ — עס־עס־אָבערשטורמפירער האַפּעריכטער, וועלכער אַמטירט אין פּאַריז. מען דאַרף קודם כל אינטערווענירן ביי אים.

די באַזיצער פון לאַטיין־אַמעריקאַנער פּעסער האָבן געבעטן, מען זאָל זיך באַמיען אויסצוטוישן זיי אויף ארץ־ישראל־סערטיפיקאַטן. אין וויטעל האָבן זיך צו יענער צייט געפונען 31 משפחות (129 פּערזאָן) מיט פּעסער פון פּאַראַגוויי, אַכט משפחות (30 פּערזאָן) — פון האָנדוראַס, זעקס משפחות (20 פּערזאָן) — פון פּערו, פיר משפחות (18 פּערזאָן) — פון עקוואַדאָר, דריי משפחות (8 פּערזאָן) — פון האַיטי, צען משפחות (29 פּערזאָן) — פון קאָסטאַריקאַ, דריי משפחות (8 פּערזאָן) — פון ני־קאַראַגואַ, צוויי משפחות (דריי פּערזאָן) — פון טשילי און דריי פּערזאָן — פון ווענעזועלאַ.

דעם 28סטן פעברואַר 1944 איז דער האָטעל „פּראָווידענס״ אָרומגע־רינגלט געוואָרן דורך סאָלדאַטן פון דער דייטשישער ווערמאַכט און 173 פּערזאָן, וועלכע האָבן געהאַט דרום־ און צענטראַל־אַמעריקאַנער פּעסער, זענען עוואַקוּירט געוואָרן פונעם הויפּטלאַגער און אַריבערגעפירט געוואָרן אין האָטעל „באַזייט״, וואָס האָט זיך געפונען מחוץ דעם הויפּטלאַגער און איז געוואָרן אין גאַנצן פון אים איזאָלירט. דריי טעג פריִער זענען אויף אַ

זייטן־ליניע פון דער באַנסטאַציע וויטעל אַוועקגעשטעלט געוואָרן דריי באַנוואַגאַנען.

מורא האָבנדיק פאַר דער רעאַקציע פון די נישט־יידישע אינטערנירטע און כדי אויסצומיידן אַ גרעסערע פּאַניק אין לאַגער, האָט מען זיי צוגע־זאָגט, אַז די יידן פון האָטעל „באַזייט" וועלן האָבן דאָס רעכט צו באַזוכן דעם פּאַרק, וואָס געפינט זיך אין הויפּטלאַגער, אייניקע שעה אין טאָג. זיי וועלן נאָר דאַרפן טראָגן אויפן אַרבל פון מאַנטל אַ ספּעציעלן אָפּצייכן. ביי נאַכט זענען זיי אָבער געווען אין גאַנצן אָפּגעשניטן פונעם הויפּט־לאַגער און זיי האָבן נישט געטאָרט באַזוכן דעם דאָרטיקן האָטעל. ווי אַ סיבה פאַר דער דאָזיקער סעפּאַראַציע איז אָנגעגעבן געוואָרן, אַז עס ווערן דערוואַרט אין לאַגער נייע טראַנספּאָרטן מיט מענטשן, וועלכע דאַרפן קו־מען פון לאַגער דראַנסי.

די אינטערנירטע יידן אין וויטעל האָבן געהאַט אַ גענוגנדיקע סיבה פאַר פּאַניק. זיי האָבן דאָך געהאַט גענוג דערפאַרונג פון די געטאָס און אָפּילו שוין פון וויטעל גופא, כדי נישט צו גלייבן די דייטשישע פּאַרזי־כערונגען. שוין דעם 10טן דעצעמבער 1943, האָבן זיי מודיע געווען קיין שווייץ, אַז מען האָט פון וויטעל אַוועקגעשיקט אַ גרופּע יידן מיט דרום־אַמעריקאַנער פּעסער אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג.

באַלד אינעם ערשטן טאָג פון אַרויספירן די יידן פון לאַגער איז שוין געווען אַ פאַל פון זעלבסטמאָרד. די לאַגער־דאָקטוירים האָבן פעסטגע־שטעלט, אַז ווייניקסטנס 20 מענטשן זענען פון דעם שאָק געוואָרן גייס־טיק געעירט. דער קלענסטער אינצידענט — האָבן די יידן פון וויטעל גע־וואָרנט — קאָן אַרויסרופן אַ זעלבסטמאָרד־כוואַליע. אויב עס וועט באַלד נישט אָנגענומען ווערן אַ גיכע און ווירקונגספולע אַקציע, כדי צו באַ־רויקן די געמיטער, קאָנען זיין טראַגישע קאָנסעקווענצן. מען מוז תיכף אַהערשיקן אַן אויסלענדישן דעלעגאַט, ער זאָל באַרויקן די מענטשן.

קיין וויטעל איז אָנגעקומען אַ פאָרטרעטער פון דער שווייצאַרישער רעגירונג, וואָס האָט פאָרטראָטן די מאַנדאַט־רעגירונג פון ארץ־ישראל. ער האָט דערקלערט, אַז ער איז נישט פאַרשטענדיקט געוואָרן וועגן אויס־טויש קיין ארץ־ישראל.

דעם 19טן מאַרץ 1944 האָט מען דורך אַ ספּעציעלן שליח צו וויסן געגעבן ש. וויינגאַרט אין מאָנטרע (שווייץ), אַז די דרום־אַמעריקאַנער בירגער ווערן דעפּאָרטירט. מען האָט דעריבער געבעטן צואיילן מיטן אַרויסשיקן די ארץ־ישראל־סערטיפיקאַטן, לויט אַ צוגעשיקטער פון ווי־טעל רשימה, כדי צו ראַטעווען די דאָרט איבערגעבליבענע יידישע אינ־טערנירטע. מען האָט געבעטן צו זען ווירקן אויף דער ענגלישער רעגי־רונג, זי זאָל טעלעגראַפיש מודיע זיין, אַז זי וועט אַריינלאָזן קיין ארץ־ישראל די יידן מיט סערטיפיקאַטן.

אין אַ צייט אַרום זענען די געפאָדערטע סערטיפיקאַטן אָנגעקומען, אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט. די יידן פון וויטעל זענען שוין דע־מאָלט געווען דעפּאָרטירט. די מערהייט פון זיי זענען אַוועקגעשיקט גע־וואָרן אין פראַנצויזישן טראַנזיט־לאַגער דראַנסי און פון דאָרט — קיין אוישוויץ. דאַקעגן זענען געבליבן געשוינט אַלע יידישע אינטערנירטע פון די לאַגערס טיטמאָנינג, לאַופען און ליבענאַו. קיין ליבענאַו האָט מען אַפילו אַראָפּגעבראַכט 150 יידן פון בערגען־בעלזען, וועלכע האָבן געהאָט די זעלביקע שוצפּעסער, ווי די דעפּאָרטירטע.

ווי נאָר מען האָט אַרומגערינגלט מיט מיליטער און איזאָלירט דעם לאַגער „באַזייט", האָט איינער פון די אינטערנירטע — פעליקס אייזנ־שטאַט פון וואַרשע — באַשלאָסן פאַר יעדן פּרייז אַרויסצוקריגן זיך פונעם לאַגער און מודיע זיין דער וועלט, אַז די דעפּאָרטירטע יידן ווערן געשיקט צו פאַרגאַזן.

דער בריוו־אויסטויש דורך די שליחים פון דער שווייץ איז ווייטער אָנגעגאַנגען. די ידיעות, וואָס זענען דערגאַנגען פון וויטעל, זענען געווען סתירותדיקע. ענדלעך האָט זיך די אַמעריקאַנער געזאַנדשאַפט אין דער שווייץ און די „וואָר רעפיודזשי באָרד" אָנגעהויבן צו אינטערעסירן מיט די אינטערנירטע יידן. ליידער איז דאָס אַלץ געקומען צו שפּעט. פון וויטעל זענען כסדר דערהאַלטן געוואָרן ווידערשפּרעכלעכע ידיעות. מען האָט אָנגענומען, אַז אין וויטעל געפינען זיך נאָך אַרום 200 יידן מיט אויסלענדישע פּעסער. דאָס האָט גישט געשטימט. דער ערשטער גרעסערער

טראַנספּאָרט יידן איז פון דאָרט אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין אוישוויץ. אין גענף האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז דער צווייטער טראַנספּאָרט מיט די אַרויסגעשיקטע איז געבליבן אין פראַנקרייך. דאָס האָט זיך גע־נומען דערפון, וואָס ד״ר זילבערשיין פון ,,רעליקאָ״ האָט דערהאַלטן אַ ידיעה, אַז דער אינטערנירטער אין וויטעל באַקאַנטער פּעדאַגאָג און שרייבער — ד״ר נתן עק, וועלכער איז אַוועק מיטן צווייטן טראַנספּאָרט, געפינט זיך אין פּאַריז.

דער אמת איז, אַז דעם טראַנספּאָרט האָט מען אַוועקגעשיקט פון וויטעל אין דעם טראַנזיט־לאַגער פאַר פראַנצויזישע יידן דראַנסי, אָבער פון דאָרט זענען זיי איבערגעפירט געוואָרן קיין אוישוויץ (דעם 29סטן אַפּריל 1944). ד״ר עק איז אויפן וועג אַרויסגעשפּרונגען פון צוג און עס איז אים געלונגען אַנצוקומען קיין פּאַריז.

אין וויטעל זענען איבערגעבליבן געציילטע 14 יידן, צווישן זיי — דער באַקאַנטער שרייבער ד״ר הלל זיידמאַן. אייניקע פון די איבערגע־בליבענע אין וויטעל זענען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד און מען האָט זיי איבערגעפירט אין שפּיטאָל אַריין; דריי פרויען (קריסטענפרויינד־זשוראַ־ווין, געלער און שיין) האָבן געדאַרפט געבוירן קינדער און זיי זענען גע־לעגן אין שפּיטאָל. אַזוי אַרום האָבן אויך זיי זיך געראַטעוועט פון דער דעפּאָרטאַציע און געבליבן לעבן. דעם 12טן סעפּטעמבער 1944 זענען זיי באַפרייט געוואָרן דורך די אַליִירטע אַרמייען.

אייניקע פון די דעפּאָרטירטע פון דראַנסי קיין אוישוויץ, צווישן זיי אַדאַם זשוראַווין, זענען אַרויסגעשפּרונגען ביי נאַכט פון צוג אויפן וועג קיין אוישוויץ.

צווישן די ארץ־ישראל־סערטיפיקאַטן, וואָס מען האָט אַריינגעשיקט פון דער שווייץ קיין וויטעל, שוין נאָך דער דעפּאָרטאַציע פון די יידן, איז אויך געווען דער נאָמען פון דעם ,,באַרימטן״ אַדאַם זשוראַווין.

# דאָס אַנטלויפן פון וויטעל

עס האָט נישט לאַנג גענומען און מען האָט זיך אין וויטעל איבער־צייגט, אַז דער צוגעזאָגטער אויסטויש איז ווייט פון צו זיין אַקטועל. צו פיל דייטשישע קאָמיסיעס און קאָנסולאַט־פאַרשטייער פון פאַרשידענע אויסלענדישע מדינות האָבן זיך באַוויזן אין וויטעל אין משך פון אַ קורצער צייט. די באַזוכן פון די געשטאַפּאָ־לייט, וועלכע האָבן צוגענומען אַלע דאָקומענטן פון די יידן מיט אויסלענדישע פּעסער, וועלכע זענען געווען באַשטימט פאַרן מכלומרשטן אויסטויש; דאָס אָפּטיילן די יידן פון קריסטן — אויסלענדישע בירגער — דאָס אַלץ האָט עדות געזאָגט, אַז עס דראָט די יידן פון לאַגער וויטעל אַ גרויסע געפאַר.

דער אינטערנירטער פעליקס אייזנשטאַט האָט באַשלאָסן צו האַנדלען אויף זיין אייגענער האַנט. ער האָט אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן ווי אַזוי זיך אַרויסצובאַקומען פון לאַגער און אַנבינדן אַ קאָנטאַקט מיט די יידישע מנהיגים אין פראַנקרייך, כדי דורך דער שווייץ צו אַלאַרמירן די יידן פון דער פרייער וועלט, זיי זאָלן ראַטעווען וואָס עס לאָזט זיך נאָך.

זייענדיק קראַנק אויף אַן אולצער, האָט אייזנשטאַט פאַרטראַכט דעם פאָלגנדיקן פּלאַן: ער האָט זיך געמאָלדן אין שפּיטאָל, וואָס איז דאָרט געשטאַנען אונטער דער אויפזיכט פון רויטן קרייץ. דער הויפּטשטאַב־אַרצט פונעם גאַנצן ראַיאָן, ד״ר קעניג, וועלכער פלעגט פון צייט צו צייט באַזוכן דעם שפּיטאָל פון די אינטערנירטע אין וויטעל, האָט פעסטגע־שטעלט, אַז פעליקס אייזנשטאַט נייטיקט זיך אין אַ באַלדיקער אָפּעראַציע. היות אין וויטעל האָט מען ערנסטע כירורגישע אָפּעראַציעס נישט דורכ־געפירט, האָט מען באַשלאָסן אים אָפּצושיקן אין אַ גרעסערן שפּיטאָל — אין דער שטאָט נאַנסי, כדי דאָרט דורכצופירן די אָפּעראַציע.

אייזנשטאַט האָט אָבער געוואָלט זיין אין פּאַריז, ווו ער האָט פּאַרויס־געזען אַ מעגלעכקייט פון האַנדלונג. וועגן אַן אָפּעראַציע האָט ער דעמאָלט לחלוטין נישט געטראַכט. זייענדיק נאָך אין נאַנסי האָט אים באַזוכט אינעם דאָרטיקן שפּיטאָל דער הויפּטדאָקטער — אַן עלטערער דייטש, אַ שטאַב־אַרצט, וועלכער האָט אים אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקע סימפּאַטיע. אייזנ־שטאַט האָט אים געבעטן ער זאָל אים איבערשיקן קיין פּאַריז, כדי דאָרט דורכצופירן איבער אים די אָפּעראַציע אין אַ דאָרטיקן שפּיטאָל. דער אַלטער דאָקטער האָט אים דערקלערט, אַז ער אַליין קאָן דאָס נישט באַשטימען, ווייל אויף דעם מוז ער באַקומען אַ דערלויבעניש פון בערלין, נאָך דערצו ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַן אויסלענדער. פאַר אים איז דאָך אייזנשטאַט געווען אַן אויסלענדער.

נישט האָבנדיק קיין ברירה, האָט זיך אייזנשטאַט צוריק אומגעקערט קיין וויטעל. ער האָט שוין געהאַט פאַרגעסן וועגן דעם גאַנצן ענין, פּלוצעם איז קיין וויטעל אָנגעקומען אַ מעלדונג פון בערלין, מען זאָל אים איבער־פירן אין אינטערנאַציאָנאַלן רויטן־קרייץ־שפּיטאָל אין פּאַריז און דאָרט דורכפירן איבער אים די נייטיקע אָפּעראַציע.

זייענדיק שוין אין פּאַריזער שפּיטאָל, האָט זיך אייזנשטאַט געווענדט צום הויפּטדאָקטער פון שפּיטאָל. ער איז אַ מאָל געווען אַן אַמעריקאַנער קאָלאָנעל — געהייסן האָט ער ווילסאָן — און אים דערציילט וועגן דער לאַגע פון די יידן אין פּוילן און אַנדערע לענדער, פון וואַנען זיי ווערן געשיקט, אין פיל הונדערטער טויזנטער, אין די גאַזקאַמערן. דער קאָלאָ־נעל האָט זיך מיט דער געשיכטע אַזוי שטאַרק איבערגענומען, אַז ער האָט אים גלייך פאַרבונדן מיטן פראַנצויזישן פּאַסטאָר, וואָס פלעגט באַזוכן די קראַנקע אין שפּיטאָל. אויך דער פּאַסטאָר האָט זיך שטאַרק פאַראינטערע־סירט מיט אייזנשטאַטן. אויסהערנדיק די געשיכטע פון פאַרגאַזן יידן אין טרעבלינקע און אַנדערע טויטלאַגערס, האָט ער זיך צעוויינט און דער־קלערט, אַז ביז איצט האָט ער וועגן דעם נישט געהערט. דער פּאַסטאָר האָט אים אויך דערציילט, אַז ער אַליין געהערט צו דער פראַנצויזישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג און אַז ער וועט אים דערמעגלעכן אַריבערצו־קריגן זיך קיין אויסלאַנד. דער פּאַסטאָר האָט אים די גאַנצע צייט צוגע־

רעדט נישט אומצוקערן זיך צוריק קיין וויטעל, נאָר צו אַנטלויפן קיין אויסלאַנד.

ווען אייזנשטאַט איז נאָך געווען אין שפּיטאָל אין נאַנסי האָט ער געבעטן איינער פון די קראַנקן־שוועסטער פון שפּיטאָל, זי זאָל אים פאַר־בינדן מיט אַ פאָרשטייער פון דער דאָרטיקער יידישער קהילה. די קראַנקן־שוועסטער האָט אים גלייך קאָנטאַקטירט מיטן דאָרטיקן רב. אויך אים האָט אייזנשטאַט איבערגעגעבן וואָס די דייטשן טוען מיט די יידן, און אַז עס דראָט אַלע יידן, וואָס געפינען זיך אונטער דער דייטשישער אָקו־פּאַציע, אומצוקומען. דער רב האָט גאַנץ רויק אויסגעהערט אייזנשטאַטן און געזאָגט: די יידן פון פראַנקרייך דראָט נישט קיין שום געפאַר. דאָס האָט אַלץ אַ שייכות צו די פרעמדע יידן, וועלכע ווערן דעפּאָרטירט פון דאַנען. דער רב פון נאַנסי האָט נאָך צוגעגעבן, אַז ער קען גוט דעם דאָרטיקן געשטאַפּאָ־שעף, וועלכער באַזוכט אים אַפילו פון צייט צו צייט. ער האָט פאַרזיכערט, אַז דאָ גייט נישט וועגן די פראַנצויזישע יידן.

זייענדיק אין פּאַריז, האָט אייזנשטאַט דערהאַלטן אַ בריוו פון וויטעל פון זיינס אַ פריינדין, סטעלאַ זעמש. זי שרייבט אים, אַז מען האָט דאָרט צונויפגעשטעלט אַ רשימה פון מענטשן, וועלכע דאַרפן ווערן אויסגע־טוישט. קיינער ווייסט אָבער נישט ווער עס וועט יאָ אָדער נישט ווערן אויסגעטוישט און ווער עס וועט דעפּאָרטירט ווערן קיין דראַנסי אָדער בערגען־בעלזען.

אין פּאַריז האָט זיך אייזנשטאַט דערוווּסט, אַז אַלץ איז אָפּהענגיק פון דעם עס־עס־אָבערשטורמפירער האָפּעריכטער, וועלכער אַמטירט אין פּאַריז אויף דער גאַס מאַרשאַל פּאָש נומער 10. אייזנשטאַט האָט געקריגן אַ דערלויבעניש צו פאַרלאָזן דעם שפּיטאָל אויף אַ פּאָר שעה, איז ער אַוועק אויפן אָנגעוויזענעם אַדרעס און האָט זיך געמאָלדן צום אָבערשטורמפירער האָפּעריכטער. ער האָט אים געזאָגט, אַז ער געפינט זיך איצט אין פּאַריז, אויף באַהאַנדלונג אין שפּיטאָל. אויסנוצנדיק די גוטע געלעגנהייט, האָט ער געוואָלט זיך דערוויסן צי ער און זיין משפּחה, וואָס געפינען זיך אין אינטערנירונג־לאַגער אין וויטעל, זענען דאָ אויף דער רשימה אויסגע־טוישט צו ווערן.

עס־עס־אָבערשטורמפירער האָפעריכטער האָט אים געפרעגט ווי ער הייסט. ער האָט נאָכגעקוקט די רשימה און אים געמאָלדן, אַז זיי זענען נישט פאַרשריבן אין דער אויסטויש־רשימה. מעגלעך, אַז זייער נאָמען געפינט זיך אין דער צווייטער רשימה פון אויסטויש. דער עס־עס־מאַן האָט אים געראָטן צוריקצופאָרן קיין וויטעל, ווייל בקרוב וועט ער מסתמא זיין צווישן די, וועלכע וועלן ווערן אויסגעטוישט. די גאַנצע צייט איז ער געווען צו אייזנשטאַטן זייער העפלעך און קיין שום איבעריקע פראַגעס אים נישט געשטעלט.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז אייזנשטאַט צוריקגעפאָרן קיין וויטעל. קומענדיק אַהין, איז שוין דער לאַגער געווען איזאָלירט און מען האָט אים אַפילו נישט געוואָלט אַריינלאָזן אַהין. צווישן די געשטאַפּאָ־לייט, וועלכע האָבן זיך שוין דאָרט געפונען, האָט ער דערקענט דעם עס־עס־אָבער־שטורמפירער האָפעריכטער פון פּאַריז. אייזנשטאַט האָט פאַרשטאַנען, אַז אין די נאָענטסטע טעג וועט מען זיי אַלע אַוועקשיקן קיין דראַנסי. נאָך אַ באַראַטונג מיט אייניקע נאָענטע מענטשן, איז באַשלאָסן געוואָרן אַז אייזנשטאַט זאָל זיך אַריבערקריגן קיין שווייץ און זען דאָרט צו ווירקן, אַז מען זאָל ראַטעווען די איבערגעבליבענע גרופּע יידן, וועלכער עס דראָט אויך דעפּאָרטירט צו ווערן. מיט אים האָט אויך געדאַרפט מיטגיין אַ צווייטער אינטערנירטער — שלום דודעלזאַק. היות דודעלזאַק האָט, זייענדיק אין וויטעל זיך באַפריינדט מיט אַ דאָרטיקן פראַנצויז, פון פאַך אַ שלאָסער, האָט ער אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן, וואָס האָט געזאָלט זיי צו־העלפן ביים אַנטלויפן פון לאַגער.

דער פראַנצויז פלעגט קומען אין לאַגער יעדן טאָג, כדי דאָרט דורכ־צופירן שלאָסער־אַרבעט. ער האָט דערציילט דודעלזאַקן, אַז ער געהערט צו דער פראַנצויזישער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע „מאַקי“, און אויב ער וועט האַלטן ביים אַנטלויפן פון אינטערנירונג־לאַגער, וועט ער אים פאַרבינדן מיט „מאַקי“, וואָס וועט אים דערצו העלפן. דורך אים, האָט דודעלזאַק געהאָפט, וועט ער צוזאַמען מיט אייזנשטאַטן קאָנען אַריבער די גרענעץ קיין שווייץ.

דער גרויסער דיכטער יצחק קאַצענעלסאָן, וואָס האָט זיך אויך געפונען

אין לאַגער ווייטעל[85], האָט זיי געבעטן מיטצונעמען מיט זיך זיין זון צבי — „זאָל ער זיך ראַטעווען, אין פאַל ווען איך וועל אומקומען". זיי זענען מסכים געווען מיטצונעמען מיט זיך אויך צבי קאַצענעלסאָן.

היות דער לאַגער איז שוין געווען שטאַרק באַוואַכט, האָבן אייזנשטאַט און דודעלזאַק באַשלאָסן אַרויסצוגנבענען זיך פון דאָרט ביי נאַכט דורך די שטעכל־דראָטן, וועלכע זיי וועלן דאַרפן איבערשניידן. מען האָט אויסגענוצט די צייט ווען די דייטשישע וואַך האָט זיך אָפּגערוקט פון דעם אָרט ווו די דריי האָבן געדאַרפט אַרויס און זיי האָבן דאָרט איבערגעשניטן די דראָטן. דאָס איז געשען דעם 18טן אַפּריל 1944, ניין אַ זייגער אין אָוונט. דער ערשטער איז דורכגעגאַנגען די דראָטן פעליקס אייזנשטאַט, נאָך אים — דודעלזאַק. ער האָט זיך אָבער מיט זיין לעדערנעם מאַנטל, וואָס ער האָט געטראָגן, פאַרטשעפּעט אין אַ דראָט און באַין אופן נישט געקאָנט אַרויסקריגן זיך פונעם דראָט. אייזנשטאַט האָט אים מיטן גאַנצן כוח אָנגעהויבן צו שלעפּן צו זיך. אין דעם מאָמענט האָט דער דייטש אויף דער וואַך, דערהערנדיק עפּעס אַ גערויש, אויסגעשאָסן אין דער לופט. אייזנשטאַט און דודעלזאַק האָבן אָנגעהויבן צו לויפן פאָרויס. אין לאַגער האָט מען געמאַכט אַן אַלאַרם און מען האָט אויף די צוויי אַנטלויפנדיקע אָנגעהויבן צו שיסן. אַ קויל האָט געטראָפן און דורכגעשאָסן אייזנשטאַטס מאַנטל.

צוליב דער מהומה אויף יענער זייט דראָט־פאַרצוימונג, איז די גרופּע יידן, וואָס האָט דאָרט געהאָלפן די צוויי זיך אַרויסצוקריגן, אַנטלאָפן בעת דער שיסעריי. מיט זיי — אויך צבי קאַצענעלסאָן, וועלכער האָט שוין נישט באַוויזן אַרויסצוקריגן זיך פונעם לאַגער.

אייזנשטאַט און דודעלזאַק האָבן, לויפנדיק כסדר פאָרויס, זיך באַוויזן אַרויסצודרייען פון דער דייטשישער פאַסטקע. ביידע זענען בשלום אָנגעקומען צום דאָרף, ווו עס האָט געוווינט דער שלאָסער. ווען די אַנטלאָפענע זענען צו אים אַריין, האָט ער זיי איבערגעלאָזט אין שטוב און אַליין איז ער ערגעץ אַוועק.

פאָרויסזעענדיק אַ געפאַר, זענען אייזנשטאַט און דודעלזאַק אַנטלאָפן פון דעם „פריינדס" שטוב. אין אַ צייט אַרום האָבן זיי פון דער ווייטנס

דערזען ווי קליינע פייערלעך דערנענטערן זיך וואָס אַ מאָל נענטער צום שלאָסערס שטוב. דאָס זענען געווען אַנקומענדיקע זשאַנדאַרמען. אייזנ־שטאַט און דודעלזאַק האָבן זיך גראָד געפונען ביי אַ ברעג פון אַ טייכל. זעענדיק, אַז מען איז געפאַלן אויף זייער שפור, זענען זיי אַריינגע־שפרונגען אין וואַסער. מען האָט זיי נאָכגעיאָגט. זיי איז אָבער געלונגען צו אַנטרינען פון דער פאַרפאָלגונג און אַריינצובאַקומען זיך אין אַ דער־בייזיקן וועלדל. די נאַכט איז, צום גליק, געווען אַ פינצטערע. עס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ שלאַקסרעגן. אַפּרוענדיק זיך אַ ביסל, זענען זיי אַרויס פונעם וועלדל און אָנגעקומען צו אַ פויערישער כאַטע. דער פויער האָט זיי מכבד געווען מיט ברויט און וואַסער.

זיי זענען ווייטער געלאָפן און אָנגעטראָפן אויף אַ כאַטע, אין וועל־כער עס האָט געוווינט אַן איינזאַמע פראַנצויזישע פרוי. זי האָט זיי אויפ־גענומען, געגעבן זיי עסן און וואַסער זיך אָרומצווואַשן. דערהערנדיק זיי־ער געשיכטע האָט זי זיך שטאַרק איבערגענומען מיט זייער גורל. זיי האָבן זיך פאַר איר פאַרגעשטעלט ווי קאַנאַדישע לופטפליִער, וועלכע זענען אַנטלאָפן פון דער דייטשישער קריגס־געפאַנגענשאַפט. זי האָט זיי גע־זאָגט, אַז איר מאַן איז אַ פראַנצויזישער סאָלדאַט און ער געפינט זיך אין אַ דייטשישן קריגסגעפאַנגען־לאַגער. זי האָט די אַנטלאָפענע מיטגעגעבן פּראָוויאַנט אויף זייער וועג.

נאָך דעם ווי זיי האָבן זיך אָפּגערוט אַ ביסל, זענען זיי ווייטער געגאַנגען. זיי האָבן אַרומגעוואַנדערט אַ 5—6 טעג, ביז זיי זענען אָנגע־קומען צו דער שטאָט בעלפאָרט. צוקומענדיק נענטער, האָבן זיי דערזען, אַז די שטאָט איז אַרומגערינגלט דורך דייטשן. אויך דאָס מאָל איז זיי געלונגען אַרויסצודרייען זיך פון דער פאַסטקע, וואָס מען האָט אויף זיי אויפגעשטעלט.

קיין געלט האָבן זיי נישט געהאַט. דודעלזאַק האָט אָבער פאַרמאָגט אַ גאָלדן האַנט־זייגערל, זענען זיי אַריין אין אַ געשעפט און האָבן פאַרן זייגערל געבעטן זיי צו געבן עסן. דער אייגנטימער פון געשעפט האָט זיי נאָך צוגעגעבן אַ פּאָר הונדערט פראַנק. זיי זענען ווייטער געגאַנגען.

פּלוצעם האָבן זיי דערהערט אָנפאָרן אַ פור. נישט האָבנדיק מען קיין

כוח ווייטער צו לויפן, האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט. ווען די פור איז אָנגע־פאָרן און די מענער אויף דער פור האָבן דערזען פאַר זיך די צוויי אויס־געמאַטערטע וואַנדערער, וועלכע האָבן זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס, האָבן זיי אָפּגעשטעלט די פור און פאַרגעלייגט די אומבאַקאַנטע וואַנדע־רער זיך אַרויפצוזעצן אויף דער פור. ווען זיי האָבן געהערט, אַז אייזנ־שטאַט און דודעלזאַק ווילן אַוועק אין דער שווייץ, האָבן זיי דערקלערט, אַז זיי זענען שמוגלער און, אויב זיי ווילן, קאָן מען זיי אַריבערפירן איבער דער שווייצאַרישער גרענעץ. דערהערנדיק אָבער, אַז די וואַנדערער האָבן נישט קיין געלט און זענען אַנטלאָפן פון אַ לאַגער, האָבן זיי זיך געזעגנט מיט די אומבאַקאַנטע און אַליין זענען זיי ווייטער געפאָרן.

אין אַ דאָרף, אין וועלכן זיי האָבן זיך שפּעטער אָפּגעשטעלט, האָבן די וואַנדערער אָנגעטראָפן אויף באַוואָפנטע אונטערערדישע פראַנצויזישע ווידערשטאַנד־קעמפער. דערהערנדיק, אַז די וואַנדערער זענען אַנטלאָפענע קאַנאַדישע לופטפליִער, האָבן זיי אָנגעוויזן דעם וועג, ווי אַזוי אָנצוקומען צו דער שווייצאַרישער גרענעץ. זיי האָבן פאַר אייזנשטאַטן און דודעלזאַקן גענוי אָפּגעמאָלט וווּ עס ענדיקט זיך די פראַנצויזישע גרענעץ און וווּ עס הייבט זיך אָן דער פּאַס פון קיינעמס־לאַנד, וואָס פירט דירעקט צו דער שווייצאַרישער זייט. דאָס איז אַ וועג, וואָס איז פריי פון די דייטשישע פּאַט־רולן, וועלכע גייען אַרום מיט שפּירהינט און היטן די גרענעץ. די ווידער־שטענדלער האָבן זיי געראָטן, אַז ווי נאָר זיי וועלן אַריבער די גרענעץ, זאָלן זיי זיך גלייך מעלדן צו דעם ערשטן בעסטן זשאַנדאַרם־פּאָסטן, וווּ זיי וועלן, ווי אַנטלאָפענע מיליטער־לייט, איבערגענומען ווערן דורך זיי און זיי וועלן ווערן אינטערנירט.

אייזנשטאַט און דודעלזאַק זענען צוגעקומען צו דער שווייצאַרישער גרענעץ און געפינענדיק דעם גרענעץ־פּאָסטן, האָבן זיי אויפגעוועקט דעם איינציקן זשאַנדאַרם, וואָס איז דאָרט גאַנץ געשמאַק געשלאָפן. ווען ער האָט דערזען די אָנגעקומענע געסט האָט ער אָנגעשטעלט אויף זיי די ביקס און אַ דערשראָקענער געפרעגט ווער זיי זענען און פון וואַנען זיי זענען געקומען.

דערהערנדיק פון דודעלזאַקן, אַז ער איז פון וואַרשע, איז דער זשאַנ־

דאָרם אויפגעשפּרונגען, צוגעלאָפן צום טעלעפאָן און געמאָלדן אין שטאַב פון זיין אָפּטיילונג. עס האָט נישט לאַנג גענומען און עס זענען צוגע־פאָרן צום פּאָסטן 4 שווייצאַרישע אָפיצירן און אָפּגעפירט אייזנשטאַטן און דודעלזאַקן אין שטאַב אַריין. דאָרט האָט מען זיי אַריינגעזעצט אין אַרעסט און זיי אויסגעפאָרשט אייניקע טעג. אייזנשטאַט האָט זיך גע־ווענדט צו איינעם פון די אָפיצירן, וואָס האָט אגב אַרויסגעוויזן פאַר זיי אַ סך סימפּאַטיע, און אים געזאָגט, אַז זיי זענען אַנטלאָפן פון אַ טויט־לאַגער, און אויב מען וועט זיי צוריקשיקן, דראָט זיי דער טויט. דער אָפיציר האָט זיך שטאַרק איבערגענומען מיט אייזנשטאַטס דערקלערונג און ער האָט געווירקט אויף זיינע קאָלעגן, מען זאָל זיי נישט צוריקשיקן איבער דער גרענעץ, נאָר אַוועקפירן אין אַן אינטערנירונג־לאַגער.

אייזנשטאַט און דודעלזאַק זענען אָפּגעפירט געוואָרן קיין לאָזאַן און אַריינגעגעבן געוואָרן אין אַ דאָרטיקן לאַגער פאַר קריגס־געפאַנגענע.

אייזנשטאַט האָט גוט געקענט די שטאָט לאָזאַן, ווייל זיין משפּחה האָט דאָרט אַמאָל געוווינט און ער פלעגט אָפט אַהינקומען צו זיי. זיין פרייד איז, פאַרשטייט זיך, געווען אין לשער. ער האָט געדענקט זיין ברודערס אַדרעס אין לאָזאַן און ער האָט געהאַפּט אים שנעל אויפצוזוכן. אין דעם לאַגער האָבן זיי געדאַרפט פאַרבלייבן אַ חודש צייט. אייזנשטאַט האָט אָבער באַשלאָסן זיך אַרויסצוגנבענען פון דאָרט ביי נאַכט און אויפזוכן זיין ברודער. אָבער ווען ער איז געקומען צום אָרט ווו זיין ברודער האָט געוווינט, האָט מען אים געזאָגט, אַז ער געפינט זיך שוין מער נישט אין לאָזאַן און אַז ער האָט זיך איבערגעצויגן קיין קאַנאַדע.

ווען אייזנשטאַט איז צוריקגעקומען אין לאַגער, האָט מען אים גע־שטעלט צום ראַפּאָרט פאַר פאַרלאָזן אָן אַ דערלויבעניש דעם לאַגער און ברעכן דעם רעגולאַמין. עס האָט אים געדראָט אַ גרויסע דיסציפּלינאַרע שטראָף — אויב נישט צוריקגעשיקט צו ווערן צו די דייטשן. געמסרט האָט אים אַ פּוילישער קריגס־געפאַנגענער פון דעם זעלביקן לאַגער.

אייזנשטאַט האָט זיך געמאָלדן צום קאָמענדאַנט פונעם לאַגער, פאַר וועלכן ער האָט זיך מודה געווען, אַז ער האָט פאַרלאָזט אָן אַ דערלויבע־ניש דעם לאַגער. ער האָט איבערגעגעבן די סיבה, וואָס האָט גורם געווען

דערצו. ער האָט אים דערציילט, אַז ער האָט פאַרלאָזט דעם לאַגער בלויז, כדי צו קאָנען איבערגעבן וואָס עס ווערט אָפּגעטאָן צו זיינע ליידנס־ברידער אין די דייטשישע לאַגערס. אַזוי אַרום — האָט ער געזאָגט — האָט ער געגלייבט צו קאָנען העלפן ראַטעווען די צום טויט־פאַרמשפּטע מענטשן.

אויסהערנדיק די דאָזיקע דערציילונג, האָט דער קאָמענדאַנט געזאָגט אַ געררירטער, אַז ער וואָלט אויף זיין אָרט אויך נישט געהאַנדלט אַנדערש. פון דעמאָלט אָן האָט אייזנשטאַט גענאָסן פון די גרעסטע פּריווילעגיעס און איז דורכן קאָמענדאַנט באַפרייט געוואָרן פון אַלע אַרבעטן אין לאַגער.

נאָך זייענדיק אינטערנירט אין לאַגער האָט אייזנשטאַט אַרויסגעשיקט פון דאָרט אַ ריי בריוו צו די יידישע מנהיגים (גוגענהיים, ריגנער, זיל־בערשיין א״אַ), ווי אויך צום אַמעריקאַנער פאָרשטייער מעק־דאָנאַלד. אין די בריוו האָט אייזנשטאַט דרינגענדיק אַלאַרמירט נאָך הילף. ער האָט באַשריבן די לאַגע אין וויטעל און דראַנסי, ווו עס געפינען זיך נאָך יידן. ער האָט געוואָרנט, אַז אויב מען וועט זיך נישט צואיילן מיט הילף, דראָט די מענטשן טויטגעפאַר.

ווען ער איז שוין געווען אויף דער פריי אין דער שווייץ האָט אייזנ־שטאַט זיך באַגעגנט מיט די דאָרטיקע יידישע מנהיגים און אַפּעלירט צו זיי, זיי זאָלן גלייך אַרויסשיקן קיין פּאַריז אַ שליח מיט 100.000 (הונדערט טויזנט) דאָלאַר, כדי איבערצוקויפן דעם עס־עס־אָבערשטורמפירער האָ־פּעריכטער, וועלכער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרי די אויסלענדישע בירגער אין די לאַגערס אין פראַנקרייך. פון אים — האָט אייזנשטאַט איבערגע־געבן — איז אָפּהענגיק ווער עס זאָל אויסגעטוישט ווערן און ווער — דעפּאָרטירט ווערן צו די גאַזקאַמערן.

דאָס אָנקומען קיין לאָזאַן פון די 2 געוועזענע אינטערנירטע פון לאַגער וויטעל האָט אַרויסגערופן אין דער שווייץ אַ גרויסע פאַראינטערעסירונג. נישט בלויז די יידישע מנהיגים, נאָר אויך די מאַכטאָרגאַנען האָבן געוואָלט וויסן ווי אַזוי זיי איז געלונגען אָנצוקומען נישט לעגאַל אין דער שווייץ. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אויספאָרשונג. עס איז געווען אַ געפאַר, אַז

זיי וועלן צוריקגעשיקט ווערן קיין מזרח־פראַנקרייך, און דאָס האָט גע־הייסן אַרויסגעבן זיי די דייטשן.

אין לאָזאַן האָט דער געזעלשאַפטלעכער עסקן אלף שוואַרצבאַום געגומען אייזנשטאַט און דודעלזאַק אויף זיין אחריות און באמיט זיך ווי אַמשנעלסטן זיי צו לעגאַליזירן און אַזוי אַרום פאַרהיטן פון דעפּאָר־טאַציע. ער האָט זיך געווענדט צו אַלע אַנגעזעענע יידישע מנהיגים אין דער שווייץ און געבעטן דרינגענדיקע הילף פאַר זייער לעגאַליזאַציע.

דעם 4טן יוני 1944 האָט שוואַרצבאַום דערהאַלטן אַ בריוו פון דער אָרגאַניזאַציע „רעליקאָ" אין גענף, אין וועלכן אברהם זילבערשיין שרייבט, צווישן אַנדערן: „זייט אַזוי גוט און גיט איבער די הערן אייזנשטאַט און דודעלזאַק, אַז די אַמעריקאַנער געזאַנדשאַפט האָט אין זייער ענין אונ־טערגענומען אַ דעמאַרש און האָט באַקומען אַ פאַרזיכערונג פון דער פרעמדן־פּאָליציי, אַז די צוויי אַנטלאָפענע אינטערנירטע פון וויטעל וועלן אין קיין שום פאַל נישט ווערן אַרויסגעשיקט פון דער שווייץ, אפילו ווען עס זאָל זיך אַרויסווייזן, אַז זיי זענען נישט קיין בירגער פון פּערו [86].

ווען אָבער די אַמעריקאַנער געזאַנדשאַפט וואָלט אין דער געהעריקער צייט געהאַנדלט אויף דעם זעלביקן אופן אויך לגבי די אַנדערע יידן מיט איבעראַ־אַמעריקאַנער פּעסער, וועלכע האָבן זיך געפונען אין וויטעל און אין אַנדערע אויסטויש־לאַגערס, וואָלטן אַ סך יידישע לעבנס אָפּגעראַ־טעוועט געוואָרן פון די גאַזקאַמערן.

# דורכגעלאָזט גרויסע רעטונג־מעגלעכקייטן

הגם מען האָט שוין אין דער וועלט, און קודם כל אין דער שווייץ, גאַנץ גוט געוווּסט וועגן דער מאַסן־אויסראָטונג פון די אייראָפּעיִשע יידן, וואָס עס פירן דורך די דייטשן ביי זיך אין לאַנד און אין די דורך זיי אָקופּירטע לענדער, האָט די פרייע וועלט נישט גענוג געטאָן אָפּצו־שטעלן די אכזריותדיקע פאַרברעכנס. מען האָט אָפילו נישט געפּרוּווט צוצואיילן דאָס אַרויסבאַקומען די יידן פון די אויסטוויש־לאַגערס, פון וועלכע מען האָט זיי געהאַלטן אין איין דעפּאַרטירן אין אַן „אומבאַקאַנ־טער ריכטונג".

אויב עס האָבן זיך געפונען שווייצער, וועלכע האָבן נישט געקאָנט פאַרשווייגן די גלייכגילטיקייט, וואָס די שווייצאַרישע רעגירונג־אינסטאַנצן האָבן אַרויסגעוויזן צו דער טראַגישער לאַגע פון די צום טויט פאַרמשפּטע יידן, זענען זיי סוף כל סוף געבליבן אוממעכטיק אין זייערע באַמיִונגען און געוואָגטע אַרויסטרעטונגען צו העלפן די יידן.

צווישן די, וועלכע האָבן אומאויפהערלעך געפאָדערט מעשים אין אַנבליק פון דער גרויסער טראַגעדיע פון יידישן פאָלק, געהערט אויך דער שווייצאַרישער געזאַנדטער אין לאָנדאָן, וואַלטער טורנהער, להיפּך צו זיין קאָלעגע, דעם שווייצאַרישן געזאַנדטן אין בערלין, וועלכער האָט פּשוט סאַבאָטירט די באַמיִונגען צו העלפן די יידן.

דער לאָנדאָנער געזאַנדטער האָט אין חודש פעברואַר 1943 זיך גע־ווענדט צו זיין רעגירונג אין בערן מיט אַ רוף אַרויסצוטרעטן צוזאַמען מיט די נייטראַלע לענדער מיט אַ געמיינזאַמען דעמאַרש אין בערלין לטובת די פאַרפאָלגטע יידן. די שווייצאַרישע רעגירונג האָט אים אויף דעם גע־ענטפערט, אַז צוליב פּאָליטישע סיבות קאָן זיך די שווייצאַרישע רעגירונג נישט אַריינמישן אין דעם דערמאָנטן ענין[87].

אזוי האָט געהאַנדלט אין דער יידן־פראַגע די עלטסטע דעמאָקראַ־טישע רעפובליק אין אייראָפּע.

די שווייצאַרישע רעגירונג האָט שוין דעמאָלט געגוי געוווּסט וועגן דער פאַרגאַזונג פון יידן. די אינפאָרמאַציעס וועגן דעם האָט זי באַקומען דורך פאַרשידענע קאַנאַלן דירעקט פון דייטשלאַנד און אין דער שווייץ גופא. צווישן אַנדערע, האָט זי עס געהערט קאָנפידענציאַנעל פון ד״ר גער־האַרט ריגנער פון יידישן וועלט־קאָנגרעס, וועלכער האָט, ווי נאָר ער האָט באַקומען די ידיעה פון אַ זיכערן דייטשישן קוואַל, גלייך וועגן דעם אינפאָרמירט די געהעריקע שווייצאַרישע אינסטאַנצן. ד״ר ריגנער האָט עס אויך, אגב, מיטגעטיילט דעם פאַרשטייער פון די פאַראייניקטע שטאַטן אין דער שווייץ. ער האָט אָבער אויך דאָרט אַנגעטראָפן אויף טויבע אויערן.

פאַרשטייט זיך, אַז די דייטשן האָבן אַלץ געטאָן אָפּצולייקענען די־אַלע באַריכטן און קלאַנגען, פאַרשרייענדיק זיי ווי גרויל־פּראָפּאַגאַנדע קעגן דריטן רייך. די שווייצאַרישע מלוכה־אינסטאַנצן האָבן עס גערן אָנ־גענומען.

שוין דעם 8טן אויגוסט 1940 האָט די „אַרבעטער־צייטונג״ אין שאַפ־האַוזען איבערגעגעבן אַ מעלדונג פון דער רויטער־אַגענטור אין לאָנדאָן, אַז אין די דורך די דייטשן אָקופּירטע געביטן זענען אומגעבראַכט געוואָרן איבער אַ מיליאָן יידן. די שווייצאַרישע רעגירונג האָט דעמאָלט אַפילו נישט אויסגענוצט די געלעגנהייט פעסטצושטעלן דורך אירע דיפּלאָמאַטישע פאַרשטייער אין דייטשלאַנד די ריכטיקייט פון דער דאָזיקער גרויליקער ידיעה. אין קעגנזאַץ: זי האָט זיך צוגעאיילט צו דערקלערן, אַז דאָס זענען ליגנס און זי האָט, פאַררופנדיק זיך אויפן פּרעסע־געזעץ פון 8טן סעפּטעמ־בער 1939, פאַרווערט דער שווייצאַרישער פּרעסע צו פאַרעפנטלעכן די דאָזיקע — לויט איר מיינונג — אומבאַגרינדעטע קלאַנגען. פּונקט אַזוי האָט זי געהאַנדלט ווען ד״ר רודאָלף בוכער האָט, נאָכן צוריקקומען מיט דער דאָקטוירים־מיסיע פון רוסישן פראָנט, איבערגעגעבן וועגן די מאַסן־דערשיסונגען און פאַרגאַזונג פון די יידן.

דעם 12טן אויגוסט 1942 איז, אויפן פאָרשלאָג פון שווייצאַרישן

בונדעסראַט און שעף פון פעדעראַלן יוסטיץ־ און פּאָליציי־דעפּאַרטע־מענט — און פון יאָר 1945 בונדעס־פּרעזידענט פון דער שווייץ — עדואַרד פאָן שטייגער, אָנגענומען געוואָרן אַ געזעץ נישט אַריינצולאָזן און אויך אַרויסצושיקן אַלע יידישע פּליטים, וועלכע זענען אומלעגאַל אַריינגעקו־מען אין דער שווייץ. אונטער דעם שטאַרקן דרוק פון דער עפנטלעכער מיינונג איז די דראַקאָנישע פאַראָרדענונג אַ ביסל „ליבעראַליזירט" גע־וואָרן.

ווען די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן דורך איר געזאַנדטן אין בערן, לילענד האַריסאָן, זיך געווענדט צו דער שווייצאַרישער רעגירונג מיט אַן איינלאַדונג צו באַטייליקן זיך אין דעם אינטער־מיניסטעריאַלן קאָמיטעט פאַר פּליטים, וואָס האָט זיך בשעתו געגרינדעט, האָט דער בונדעסראַט און פאַרשטייער פון פעדעראַלן פּאָליטישן דעפּאַרטאַמענט — און פון יאָר 1940 שווייצאַרישער בונדעספּרעזידענט — מאַרסעל פּילעט, אָפּגעוואָרפן די דאָזיקע איינלאַדונג. דער אָפּזאָג איז מאָטיווירט געוואָרן מיט דעם, אַז די שווייץ היט אָפּ די שטרענגסטע נייטראַליטעט און קאָן זיך צוליב דעם נישט באַטייליקן אין די שטרעבונגען פון די קריגפירנדיקע מלוכות (און דאָס איז שוין געווען אין חודש מאַרץ 1944). די שווייץ — האָט ער דער־קלערט — מוז ווייטער פירן איר אומאָפּהענגיקע פּאָליטיק און זי האָט נישט בדעה צו ווערן אַ קעגנשטאַנד פון פּאָלעמיק צווישן די קריגפירנדיקע מדינות [88].

אין דער צייט ווען די שווייץ האָט איינגעפירט די אַזוי גערופענע פאַרלייכטערונגען ביים אויפנעמען אין לאַנד פּאָליטישע פּליטים, האָט דער סעקרעטאַר פון סטייט־דעפּאַרטמענט אין די פאַראייניקטע שטאַטן, קאָרדעל האָל, זיך געווענדט צו דער שווייצאַרישער רעגירונג מיט אַן אָנ־פראַגע. אין אַ מעמאָראַנדום, וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן דער שוויי־צאַרישער רעגירונג אין בערן דעם 28סטן מאַרץ 1944 בעט האָל קלאָר צו מאַכן:

1) ווי אַזוי טייטשט אויס די שווייצאַרישע רעגירונג דעם באַגריף „פּאָליטישער פּליט";

2) צי קאָנען יידישע מיליטער־פּליכטיקע, וועלכע באַזיצן נישט קיין

שום נאַציאָנאַליטעט, אָדער שטאַמען פון דייטשלאַנד און פון די דורך די דייטשן אָקופּירטע טעריטאָריעס, אויך באַטראַכט ווערן ווי פּאָליטישע פּליטים.

אויף דער דאָזיקער גאַנץ קלאָרער אָנפראַגע פון קאַרדעל האַל האָט אָבער די שווייצאַרישע רעגירונג נישט געגעבן קיין קלאָרן ענטפער. זי האָט עס אויסגעטייטשט אויף אַן אופן, אַז „אויסלענדער, וואָס זייער אויפפירונג איז נישט אין איינקלאַנג מיט די אינטערעסן פון דער שווייצארישער רעפּובליק, און זענען נישט ווערדיק צו געניסן פון אַזילרעכט, קאָנען צוריקגעשיקט ווערן אין לאַנד, פון וואַנען זיי זענען געקומען".

„נישט אין איינקלאַנג מיט די אינטערעסן פון דער שווייץ" זענען אַזוי אַרום געווען די יידישע פּליטים, וועלכע זענען אַנטלאָפן פון זייער לאַנד צוליב ראַסן־פאַרפאָלגונגען. אַזעלכע דאַרפן, לויט דעם שווייצאַרישן אַזיל־געזעץ, נישט באַטראַכט ווערן ווי פּאָליטישע פּליטים[89].

ערשט דעם 12טן יולי 1944 איז דאָס געזעץ פאַר פּליטים צוליב ראַסן־דיסקרימינאַציע געוואָרן אָפּגעשאַפן.

עס דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז דער אַזוי שפּעט געקומענער אָפּרוף פון אַמעריקאַנער סטייט־סעקרעטאַר קאַרדעל האַל איז דערמעגלעכט געוואָרן אַ דאַנק לאַנגדויערנדיקע באַמיִונגען פון די אַמעריקאַנער יידישע אינסטיטוציעס און דעם שטאַרקן דרוק, וואָס זיי האָבן אויסגעאיבט אין וואַשינגטאָן. ליידער איז אָבער דאָס אויך געקומען צו שפּעט.

עס דאַרף צוגעגעבן ווערן, אַז ווען די שווייץ האָט איינגעפירט די פּליטים־געזעצן מיט די ראַסן־דיסקרימינאַציעס קעגן יידישע מלחמה־פּליטים, זענען געמאַכט געוואָרן געוויסע אויסנאַמעס. דאָס איז געשען מיט פראַנצויזישע קינדער, צווישן וועלכע עס זענען געווען 1.000 יידישע קינדער. די יידישע קינדער, וועלכע מען האָט באַוויזן אַריבערצובערענגען דורך דער שווייצאַרישער גרענעץ צוזאַמען מיט די קריסטלעכע קינדער בעת דער היטלער־אָקופּאַציע פון פראַנקרייך, זענען דורך דער שווייצאַרישער מאַכט נישט צוריקגעשיקט געוואָרן.

אַזוי איז אויך געשען אין דער נאַכט פון 19טן אויפן 20סטן יוני 1940, ווען פון פראַנקרייך זענען אַריבער די גרענעץ איבער 12 טויזנט פּוילישע מיליטער־לייט פון די איבערגעבליבענע רעשטלעך פון די דיוויזיעס פון

גענעראַל פּרוגאַר־קעטלינג און גענעראַל דוש. צווישן זיי זענען אויך געווען סאַלדאַטן און אָפיצירן — יידן, וועלכע זענען דעמאָלט נישט צוריקגע־שיקט געוואָרן.

דאָס זעלביקע האָט אויך פּאַסירט ווען איטאַליע האָט קאַפּיטולירט און פּיעטראָ באַדאָליאָ האָט דעם 8טן סעפּטעמבער 1943 אונטערגעשריבן דעם וואַפנשטילשטאַנד־אָפּמאַך מיט די אַליִירטע, און די דייטשן האָבן אָנגעהויבן צו אַנטוואָפענען די איטאַליענישע אַרמיי־אָפּטיילונגען. מאַסן איטאַליענישע פּליטים האָבן דעמאָלט אָנגעהויבן צו שטראָמען איבער דער גרענעץ פון דער שווייץ. צווישן די פיל טויזנטער איטאַליענישע פּליטים זענען אויך געווען יידן, וועלכע עס האָט, קודם כל, געדראָט אַ לעבנס־סכנה מצד די אָנגרייפנדיקע דייטשן. זיי זענען צוזאַמען מיט די פיל טויזנטער מיליטערישע און ציווילע פּליטים אָנגעקומען אין דער שווייץ. דאָס מאָל האָט מען די יידן פון איטאַליע אויך נישט צוריקגעשיקט. צווישן די 22.000 איטאַליענער, וועלכע זענען דעמאָלט אַריבער די גרענעץ, זענען געווען 3.672 יידן. אַלע האָט מען אינטערנירט אין לאַגערס, צוזאַמען מיט די קריסטן־איטאַליענער [90].

אין דער צייט ווען צווישן די אינטערנירטע איטאַליענער זענען נישט געווען קיין דיסקרימינאַציעס לגבי זייערע יידישע מיטבירגער, קאָן מען דאָס אָבער נישט זאָגן וועגן די פּוילישע קריגס־געפאַנגענע, וועלכע זענען אַריבער די גרענעץ פון פראַנקרייך און צווישן זיי זענען געווען אויך יידישע אינטערנירטע. צווישן דער גרויסער צאָל פּוילישע אָפיצירן האָבן זיך אויך געפונען 150 אָפיצירן־יידן. מען האָט זיי אַלע צוזאַמען אינ־טערנירט.

אין אינטערנירונג־לאַגער האָבן די יידן געהאַט אויסצושטיין דיסקרי־מינאַציעס מצד זייערע פּוילישע קאָלעגן. אַ סך פון די יידישע קריגס־געפאַנגענע, נישט קאָנענדיק מער פאַרטראָגן די באַליידיקונגען און דער־נידעריקונגען מצד זייערע פּוילישע קריגס־חברים, זענען אַנטלאָפן פון די אינטערנירונג־לאַגערס. עס האָט זיי דערפאַר געדראָט דעפּאָרטאַציע. די יידישע מנהיגים און הילף־אינסטיטוציעס אין דער שווייץ האָבן זיך באַ־

מיט זיי צו העלפן, כדי זיי זאָלן נישט דעפּאָרטירט ווערן, צוליב זייער אַנטלויפן פון לאַגער.

אַ גרויסן חלק אין דער דאָזיקער אַקציע האָט געהאַט דער פּוילישער פּליט אלף שוואַרצבאָום, וועלכער איז, אגב, צוקאָאָפּטירט געוואָרן אין יאָר 1944 צו דער צענטראַלער הילף־אָרגאַניזאַציע אין גענף, בראש פון וועלכער עס איז געשטאַנען ד״ר קלעי. שוואַרצבאָום איז די גאַנצע צייט פון זיין טעטיקייט אין דער שווייץ געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיטן דזשאָינט־דירעקטאָר יוסף שוואַרץ, וועלכער האָט אַמטירט אין פּאָרטוגאַל. דורך אים האָט ער געשיקט הילף פאַר די יידן אין פּוילן, קאָוונער ליטע און פראַנקרייך. ווען די יידן האָבן אָנגעהויבן זיך אַריבערצוגנבענען די גרענעץ פון פראַנקרייך, האָט שוואַרצבאָום אָנגעפירט מיט אַן אַקציע, וואָס האָט געהאַט פאַר אַ ציל צו באַזאָרגן זיי מיט קליידונג און געלט־מיטלען. אַ טייל פון זיי האָט ער און זיין פרוי מרים אַפילו אויסבאַהאַלטן, ווייל עס האָט זיי געדראָט צוריקגעשיקט צו ווערן. ער האָט אויך, מיט דער הילף פון פּוילישן באַאַמטן אין דער שווייץ — צעלינסקי — אַרויס־געשיקט שפּייזפּעקלעך פאַר די יידישע אָפיצירן, וועלכע האָבן זיך גע־פונען אין די דייטשישע קריגס־געפאַנגענע־לאַגערס אין מורנאַו (בייערן) און וואַלדענבורג (נידערשלעזיע).

די דיסקרימינאַציעס קעגן זייערע יידישע קאָלעגן זענען ביי די פּוילישע מיליטערלייט אין דער שווייץ דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זיי האָבן געפאָדערט ביי דער לאַגער־פאַרוואַלטונג, מען זאָל זיי האַלטן באַזונדער, אָפּגעטיילט פון די יידן. פּוילישע קריגס־געפאַנגענע אָפיצירן האָבן אין דער שווייץ געוואָלט טאָן דאָס זעלביקע, וואָס עס האָבן דורכגעפירט זייערע קאָלעגן־אָפיצירן אין די לאַגערס פאַר קריגס־געפאַנגענע אין דייטשלאַנד, וווּ מען האָט אַ דאַנק זייער פאָדערונג איינגעפירט אַ געטאָ פאַר די יידישע קריגס־געפאַנגענע.

די פאָרשטייער פון די יידישע הילף־אָרגאַניזאַציעס אין דער שווייץ האָבן זיך אַפילו געווענדט וועגן דעם צום אינטערנאַציאָנאַלן רויטן קרייץ, מיט דער פאָדערונג אָפּצושאַפן די דיסקרימינאַציע מיטן איינפירן אין דייטשלאַנד געטאָס פאַר יידישע קריגס־געפאַנגענע. דער פּרעזידענט פון

אינטערנאַציאָנאַלן קאָמיטעט פון רויטן קרייץ, קאַרל בורקהאַרדט — אַ פּערזענלעכער פריינד פון היטלערן און אַן אָנהענגער פון נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם — האָט אָפּגעזאָגט אַריינצומישן זיך אין דעם ענין. האָט מען זיך, אין חודש פעברואַר 1945, געווענדט נאָך אַן אינטערווענץ צו דער דעלעגאַטור פון פּוילישן רויטן קרייץ אין דער שווייץ.

דער פּוילישער דעלעגאַט, פּירשט ראַדזשיוויל, וועלכער האָט אַמטירט אין גענף, האָט דעם 9טן מאַרץ 1945 געענטפערט אויף דער אינטערפּעלאַציע, אַז די פּוילישע רויטער־קרייץ־דעלעגאַטור האָט זיך באַמיט אויסצופאָרשן די קלאַנגען וועגן איינפירן געטאָס פאַר די יידישע קריגס־געפאַנגענע אין די אינטערנירונג־לאַגערס אין דייטשלאַנד. אַזוי ווי די דאָזיקע קלאַנגען שטאַמען פון פאַרשיידענע מקורות, איז קלאָר, אַן שום צווייפל, אַז דאָס איז אַ געשעענער פאַקט. „מיר האָבן — שרייבט ראַדזשיוויל — אינטערווענירט ביים קאָמיטעט פון אינטערנאַציאָנאַלן רויטן קרייץ (בראש פון וועלכן עס איז געשטאַנען קאַרל בורקהאַרדט — י. ט.), ווו מען האָט אונדז צוגעזאָגט אויסצופאָרשן דעם פאַרגעבראַכטן פאַל. אויף וויפל עס וועט אָבער געלינגען צו באַווועגן דעם אינטערנאַציאָנאַלן רויטן קרייץ אַנטקעגנצושטעלן זיך דער עווענטועלער עקסטערמינאַציע פון יידישע קריגס־געפאַנגענע, קאָן מען ניט פאַרויסזען. דאָס הענגט אָפּ, פאַרשטייט זיך, — האָט פאַרענדיקט זיין בריוו פּירשט ראַדזשיוויל — פון דער לאַגע אין דייטשלאַנד, בעת דער לעצטער פאַזע פון דער מלחמה [91].

די זעלביקע באַציִונג צו זייערע יידישע וואָפן־קאָלעגן האָבן געהאַט אויך די פּוילישע קריגס־געפאַנגענע אין דער שווייץ, מיט וועלכע די יידן האָבן געקעמפט זייט ביי זייט קעגן אַ געמיינזאַמען שונא.



עס איז אַן שום ספק, אַז דאָס אַנקומען קיין שווייץ פון די צוויי אַנטלאָפענע יידן פון אויסטויש־לאַגער וויטעל, אייזנשטאַט און דודעלזאַק, האָט אין אַ גרויסער מאָס גורם געווען צו אַן ענדערונג אין דער שווייצאַרישער פּאָליטיק לגבי יידן־פּליטים. די דערקלערונגען און אַלאַרמען

פון אייזנשטאַטן וועגן די דייטשישע געוואַלדטאַטן און גאַזקאַמערן פאַר ייִדן, האָבן דערפירט צו אַן ענדערונג אין דער נעגאַטיווער איינשטעלונג אין דער פליטים־פּראַגע לגבי ייִדן. דאָס האָט אַ פּנים, אויפגעטרייסלט זייער געוויסן.

דער געוועזענער שעף פון דער פּרעסע־ און ראַדיאָ־אָפּטיילונג אין די יאָרן 1939—40, בונדעסראַט אויזשען האָזלער, האָט אָפן דערקלערט, אַז די ווינטער־חדשים פון די יאָרן 1942—43 און די זומערצייט פון יאָר 1943 דאַרפן פאַררעכנט ווערן צו די טונקלסטע צייטאָפּשניטן אין דער געשיכטע פון דער שווייצאַרישער אַזיל־געזועצגעבונג. די דאָזיקע צייט פון מענטשלעכן יאָמער איז געבליבן ווי אַ פלעק אויפן געוויסן פון שווייצאַרישן פאָלק.

נאָך דעם אַלאַרמירן פון אייזנשטאַטן האָט מען זיך אויך אָנגעהויבן צו אינטערעסירן מיט די ייִדן, וועלכע זענען געווען באַשטימט צום אויס־טויש אין וויטעל, בערגען־בעלזען, טערעזיענשטאַט א״אַ. ליידער איז דאָס אַלץ געקומען צו שפּעט.

צום באַדויערן האָבן אויך אַ צאָל פון די שווייצאַרישע ייִדישע מנהיגים נישט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען אין דער שווערסטער פאַר אונדז צייט. טראַגנדיק אין זיך דאָס שולדגעפיל, האָבן זיי זיך פאַרענטפערט, אַז זיי האָבן נישט געוווּסט אַז די געפאַר פאַר ייִדן איז אַזוי גרויס; אַז ייִדן פון פּוילן און פון די אַנדערע לענדער ווערן טאַקע באמת אומגעבראַכט.

זיי האָבן זיך, צווישן אַנדערן, פאַררופן אויף דער קאָרעספּאָנדענץ, וואָס זיי האָבן געפירט מיט אַ פאָרשטייער פון פּוילישן ייִדנטום אין קראָ־קע — מיכאַל וויכערט. פון זיינע באַריכטן האָבן זיי אַרויסגעדרונגען, אַז דאָס ייִדישע לעבן אין גענעראַל־גאָווערנעמענט (פּוילן), דעם גרעסטן ייִדישן ישוב אין אייראָפּע, גייט ווייטער אָן — אמת, אין שווערע מלחמה־באַדינגונגען. זיי האָבן כסדר באַקומען אָפּטימיסטישע ידיעות וועגן דער לאַגע פון די ייִדן דאָרט. זיי האָבן זיך דאָך געשטיצט אויף די בריוו פון ד״ר וויכערט, אָנפירער פון דער דאָרטיקער רעפּרעזענטאַטיווער אָרגאַני־זאַציע, ווי עס איז געווען פאַר אויסלאַנד די ייִדישע אונטערשטיצונג־שטעלע („י. ו. ס.״) [92]. ער האָט מודיע געווען, אַז עס ווערן ווייטער

געשאַפן אין פוילן גרעסערע אַרבעט־לאַגערס און מען דאַרף ווייטער באַזאָרגן די יידן מיט הילף אין שפייז און מלבושים און מיט מעדיקאַמענטן.

די מנהיגים האָבן זיך פאַרופן אויף די לעצטע באַקומענע בריוו פון יאָר 1944. ס'איז כדאי צו ציטירן איינעם אַזאַ בריוו. דער בריוו, געשריבן דעם 1טן יאַנואַר 1944, איז אָנגעקומען קיין ציריך, צו דער הילף־אינ־סטיטוציע „האפיפ״, העגיבעכט־שטראָסע נומ׳ 2, צוזאַמען מיטן באַריכט (נומער 3) פאַר די חדשים אָקטאָבער — דעצעמבער 1943, באַצייכנט מיטן נומער 5/44.

דער בריוו הייבט זיך אָן ווי פאָלגט:

„אין פאַרגאַנגענעם פערטל יאָר האָבן מיר צו פאַרצייכענען אַ ווייטערדיקע אַנטוויקלונג אין אונדזער הילף־טעטיקייט. צו די ביזן 30סטן נאָוועמבער באַדינטע אַרבעט־לאַגערס, זענען צוגעקומען מ ע ר ע ר ע ג ר ע ס ע ר ע לאַגערס. אויך קוואַנטיטאַטיוו זענען געהעכערט געוואָרן די צושטעלונגען פון דערנערונגס־אַרטיקלען און מעדיקאַמענטן. אין משך פון דעם דאָזיקן פעריאָד זענען צוגעשטעלט געוואָרן 199 ליפערונגען, פון וועלכע 105 זענען געווען מעדיקאמענטן, 86 — מיט נאַרונג־מיטלען און 3 — מיט מלבושים. אין ערשטן באַריכט־פעריאָד, וואָס נעמט אַרום די חדשים מאַי — יוני (1943) האָבן מיר איבערגעשיקט 81 טראַנספּאָרטן; אין צווייטן פעריאָד (חדשים אויגוסט — סעפטעמבער) — 136 ליפערונגען.

„מיר האָבן געהאַט אַ מעגלעכקייט צו פאַרזאָרגן די יידישע אַרבעט־לאַגערס מיט מעדיקאַמענטן, נאַרונג־מיטלען, באַנדאַזשן און דעזינפעקציע־מאַטעריאַלן און טיילווייז — אויך מיט מעל, ברויט, ווי אויך מיט מאַגי־ און אַוואַ־זופּ. מיר זענען אָבער נישט געווען אין דער לאַגע צו פאַרזאָרגן זיי מיט דער געפאָדערטער קליידונג און וועש, אין וועלכע עס איז פאַראַן אַ גרויסער דוחק. עס איז אונדז געלונגען אָפּצוקויפן פון דעם פוילישן הויפּט־פאַרזאָרגונג־אָפּטייל („ר. ג. אָ.״) אייניקע הונדערט מלבושים. אונדזערע באַמיִונגען צו באַקומען פון נייטראַלן אויסלאַנד מלבושים און וועש, ווי אויך לעבנס־מיטלען, זענען לעת־עתה ליידער געבליבן אָן דערפאָלג״.

און ווייטער ווערט אין דעם באַריכט געזאָגט: „...עס איז אונדז

געלונגען צו באַקומען פון דעם צענטראַלן דייטשישן אַמט, אין וועג פון אויסטויש פאַר מעדיקאַמענטן, פאַר וועלכע מיר האָבן כמעט נישט, אָדער אַ גאַנץ קליינע, פאַרוועגדונג, אויך אַנדערע היילמיטלען, וואָס זענען פון אַ באַזונדערן ווערט פאַר די אַרבעט־לאַגערס״. (און דאָ קומט אַ גענויע ספּעציפיקאַציע פון די אויסגעטוישטע מיט די דייטשן מעדיקאַמענטן און היילמיטלען — י. ט.).

און נאָך ווייטער לייענען מיר אין דעם באַריכט:

„די יידישע כאַריטאַטיווע אָרגאַניזאַציעס אין דער שווייץ האָבן אין משך פון דער באַריכטצייט נישט געקאָנט אונדז צושטעלן גרעסערע קוואַנטומס שפּייזפּעקלעך („ליבעסגאַבע־פּאַקעטן״), ווייל זיי איז נישט געלונגען צו באַקומען די נייטיקע דערצו אַרויספיר־דערלויבעניש. אויף זייער ווונטש האָבן מיר געבעטן אונדזערע אויפזיכט־אינסטאַנצן צו אינטערווענירן, דורכן פּרעזידיום פון דייטשישן רויטן קרייץ, ביים אינטערנאַציאָנאַלן רויטן קרייץ, זיי זאָלן אָנגעמען די נייטיקע שריט אַרויסצובאַקומען די געהעריקע דערלויבעניש. קלענערע שפּייזפּעקלעך זענען אָנגעקומען פון פּאָרטוגאַל און פון איסטאַנבול (טערקיי). זיי זענען טיילווייז געשיקט געוואָרן אין די לאַגערס און טיילווייז — אויסגעטוישט געוואָרן אויף מעל.

„די מעדיקאַמענטן, וואָס זענען אָנגעקומען אין משך פון דער באַריכטצייט, זענען אויסגערעכנט אין די רשימות נומ׳ VI און VII. איצט בלייבט אונדז נאָך איבער אויסצובעסערן אַ טעות: די אין אונדזער באַריכט נומ׳ IV אויסגערעכנטע צושטעלונג פון 388 קילאָגראַם מעדיקאַמענטן און 1.615 קילאָגראַם כעמיקאַלן האָבן מיר באַקומען נישט פון דער געזעלשאַפט „אָזע״, נאָר פון פאַראיין ביקור־חולים אין סאַן־גאַלען״.

דעם באַריכט האָט, ווי שוין דערמאָנט, געחתמעט דער לייטער פון „יוס״ ד״ר מיכאַל ווייכערט.

אַזעלכע באַריכטן, וואָס זענען אָנגעקומען פון דער אָרגאַניזאַציע „יוס״ — אגב, זענען אויך ווייטער דערהאַלטן געוואָרן בריוו פון דער זעלביקער אָרגאַניזאַציע מיט בקשות וועגן שיקן הילף — האָבן אַריינגעבראַכט אין אַ צערודערונג די געזעלשאַפטלעכע טוער אין דער שווייץ.

אין דער צייט ווען איין צד האָט געפּאָדערט אַנצונעמען ממשותדיקע שריט וואָס שנעלער צו ראַטעווען די יידן פון די אויסטויש־לאַגערס, ווי: וויטעל, בערגען־בעלזען, טערעזיענשטאָט א״אַ, ווו עס האָט כסדר געדראָט די יידן אַ גרויסע סכנה, האָט דער צווייטער צד זיך פאַררופן אויף די באַקומענע בריוו פון דעם געזעלשאַפטלעכן מנהיג ווייכערט, וועלכער האָט זיך דאָך געפונען אונטער דער דייטשישער אָקופּאַציע און גוט געקענט די לאַגע דאָרט, פון די בריוו האָט מען געקאָנט אַרויסדרינגען, אַז אין די לאַגערס גייט אַן דאָס יידישע לעבן נאָרמאַל און עס איז נישטאָ קיין סיבה צו באַאומרויִקן זיך וועגן גורל פון די יידן אין די אַרבעט־לאַגערס. די סתירות־דיקע אינפאָרמאַציעס האָבן אַריינגעפּירט די יידישע אינסטיטוציעס אין דער שווייץ אין אַ טעות. עס האָבן זיך אַזוי אַרום געשאַפן באַדינגונגען, וואָס האָבן אוממעגלעך געמאַכט און אָפּגעשטעלט אַן ענערגישע און שנעלע האַנדלונג, וואָס וואָלט, בלי שום ספק, נאָך געקאָנט אָפּראַטעווען פיל טויזנטער יידישע לעבנס.

דערצו קומט נאָך צו דער טרויעריקער פאַקט, וואָס געוויסע שווייצאַרישע מנהיגים, ווי למשל, סאַלי מייער, וועלכער האָט פאַרטראָטן דעם דזשאָינט און ב. גוגענהיים, וועלכער איז געשטאַנען בראש פון דער געזעלשאַפט פון הילף פאַר יידישע פליטים, האָבן ליידער געטיילט די מיינונג פון דעם טייל מלוכה־לייט אין דער שווייץ, וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז אין דער שווייץ איז מער נישטאָ קיין אָרט פאַר פליטים. די דאָזיקע יידישע פאַרשטייער האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ קאָמפּלעקס פון אַ געפאַר, וואָס דראָט די שווייצאַרישע יידן, צוליב אַ פאַרגרעסערטן צופלוס פון פליטים. זיי האָבן געהאַלטן, אַז דער יידישער ישוב אין דער שווייץ טאָר זיך מער נישט פאַרגרעסערן מיט אַ נישט געוווּנטשענעם עלעמענט פון אייראָפּעיִשע (לייען: מזרח־אייראָפּעיִשע) יידן.

די דאָזיקע איינשטעלונג האָט זיך אָפּילו אָפּגעשלאָגן אויף יידישע קינדער. ווען מען האָט, בעת דער מלחמה, אַראָפּגעבראַכט אין דער שווייץ טויזנט יידישע קינדער פון פראַנקרייך, כדי זיי אָפּצוראַטעווען פון דעפּאָרטאַציעס, האָט מען בדעה געהאַט זיי איינצואָרדענען אין פּריוואַטע יידישע היימען. ווי אומגלויבלעך דאָס זאָל אָבער נישט קלינגען, איז עס

אַ פֿאַקט, אַז די שווייצאַרישע יידן האָבן נישט אַרויסגעוויזן דערצו די געהעריקע פֿאַראינטערעסירונג. זיי האָבן פשוט זיך אָפּגעזאָגט אויפֿצונע־מען בײַ זיך די קינדער־פּליטים. מען האָט דעריבער באַשלאָסן איינצו־אָרדענען זיי אין צוויי פֿאַרמעס: אין ווערסואַ, נעבן גענף, און אין בע. די דאָזיקע היימען זענען נאָך פֿאַר דער מלחמה געווען באַשטימט פֿאַר הכשרה פֿאַר דער יידישער יוגנט, וואָס האָט זיך דאָרט געגרייט עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. די פֿאַרמעס זענען אַזוי אַרום פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין היימען פֿאַר די פּליטים־קינדער פֿון פֿראַנקרייך. אַ געוויסע צאָל קינדער זענען אויפֿגענומען געוואָרן דורך שווייצאַרישע קריסטלעכע משפּחות.

פֿאַרשטייט זיך, אַז צווישן די שווייצאַרישע יידישע מנהיגים זענען געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן זיך נישט גערעכנט מיט דער מיינונג פֿון זייערע לאַנדסלייט וועגן דער פּליטים־געפֿאַר. זיי האָבן צוזאַמען מיט די שווייצער חסידי אומות העולם, ווי למשל ביל גודען מילער, גערדאַ קורץ, פּראָפֿעסאָר לודוויג, ד״ר רודאָלף בוכער און אַנדערע, באַקעמפֿט די דאָ־זיקע איינשטעלונג און גלייכצייטיק שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן דער אַנ־טי־יידישער האַנדלונג פֿון די רעגירונג־אינסטאַנצן אין דער שווייץ.

ביל גודען מילער האָט, בעת אַ דעבאַטע אין בונדעסטאַג וועגן דער אַנטי־יידישער איינשטעלונג פֿון דער שווייץ, געהאַט דעם מוט צו זאָגן, אַז: „אין יעדן פֿון אונדז שטעקט אַ קלענע־רער אָדער גרעסערער אַנטיסעמיט״[93].

אַ סך האַרץ פֿאַר די יידישע פּליטים האָט אַרויסגעוויזן די קריסטלעכע פֿרוי גערדאַ קורץ פֿון בערן. די דאָזיקע איידעלע פֿרוי האָט אויסגענוצט אירע פֿאַרצווייגטע פֿאַרבינדונגען מיט די מאַכט־אָרגאַנען, איבערהויפּט אין בונדעסטאַג, ווי אויך בײַ דער פֿעדעראַלער פֿרעמדן־פּאָליציי, און אַ דאַנק אירע אינטערווענצן זייער אַ סך געהאָלפֿן צו לינדערן די גרוילִיקע לאַגע פֿון די יידישע פּליטים אין דער שווייץ.

*

דערווייל זענען אָנגעקומען ידיעות, אַז אויך דער לעצטער טראַנס־פּאָרט מיט יידן פֿון וויטעל איז אַרויסגעפֿירט געוואָרן דעם 1טן אויגוסט

1944, און ווי מען איז זיך משער, איז ער אָוועקגעפירט געוואָרן קיין בער־גען־בעלזען. איינס איז געלונגען פעסטצושטעלן, אַז די יידן — אגב, אַ גאַנץ קליינע צאָל — וועלכע האָבן געהאַט בירגערשאַפט־פּאַפּירן פון טשילי, געפינען זיך אויף זיכער אין בערגען־בעלזען. אין לאַגער וויטעל איז פאַרבליבן די גרופּע פון 14 יידן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין דאָר־טיקן שפּיטאָל.

די יידישע הילף־אינסטיטוציעס און אַנגעזעענע מנהיגים האָבן אַלאַר־מירט דעם אינטערנאַציאָנאַלן רויטן קרייץ, די אַמעריקאַנער באַטשאַפט אין דער שווייץ, די „וואָר רעפיודזשי־באָרד" צו טאָן אַלץ, כדי צו ראַטעווען די אַרויסגעפירטע יידן פון וויטעל און נעמען זיי אונטער זייער שוץ.

מען האָט אַפּעלירט צו די פאַראייניקטע שטאַטן און צו דער ענגלי־שער רעגירונג, מען האָט געבעטן און געפאָדערט, אַז היות די דרום־אַמעריקאַנער לענדער ווילן נישט אָדער קאָנען נישט באַשיצן די יידן, וואָס האָבן דאָקומענטן פון די אויבנדערמאָנטע מדינות, זאָלן די רעגי־רונגען פון ענגלאַנד און פון די פאַראייניקטע שטאַטן אָננעמען אַ פעסטע שטעלונג און באַשיצן די גאַנצע גרופּע יידן מיט די אויסלענדישע פּאַפּירן, אַזוי לאַנג ווי די מלחמה וועט דויערן. נאָך דער מלחמה וועלן זיי אַנט־שיידן וועגן דער גילטיקייט פון די דאָזיקע דאָקומענטן. אַזאַ האַנדלונג וואָלט אויטאָמאַטיש געשיצט די מענטשן. די שווייצאַרישע רעגירונג, וואָס פאַרטרעט די אינטערעסן פון די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער, וואָלט נישט געקאָנט זיין קעגן אַ דירעקטער אַקציע, וועלכע וואָלט אָנגענומען געוואָרן דורך די פאַראייניקטע שטאַטן און ענגלאַנד. עס מוז תיכף־ומיד אויפגע־קלערט ווערן, אַז די גאַנצע גרופּע יידן באַקומט שוץ, ווייל אַנדערש דראָט די מערהייט פון דער גרופּע צו באַגיין זעלבסטמאָרד.

דעם 11טן אויגוסט 1944 האָט דער ניי־באַשטימטער (דעם 10טן מאַרץ 1944) פאַרשטייער פון „וואָר רעפיודזשי באָרד" פאַר דער שווייץ, מעק־קלעלאַנד, צוגעשיקט צו די יידישע אינסטיטוציעס אַ מעלדונג, אין וועלכער ער גיט צו וויסן, אַז דעם 20סטן יולי 1944 האָט ער באַקומען פון פעדעראַלן דעפּאַרטאַמענט אין דער שווייץ אַ רשימה פון 51 פערזאָן, וועלכע זענען דעם 15טן מיי איבערגעפירט געוואָרן פון אויסטויש־לאַגער

וויטעל קיין בערגען־בעלזען. די רשימה איז אים איבערגעגעבן געוואָרן דורך דער פאַרמיטלונג פונעם פאָרשטייער פון דער שווייצאַרישער לעגאַציע אין בערלין, נאָך דעם ווי ער האָט באַזוכט וויטעל.

לויט דער מעלדונג אָבער וואָס איז אָנגעקומען פון יידישע אָרגאַני־זאַציעס אין אַמעריקע — גיט איבער מעק־קלעלאַנד אין זיין באַריכט — זענען פון וויטעל אָוועקגעשיקט געוואָרן קיין בערגען־בעלזען 163 פערזאָן. ער שרייבט אויך, אַז די פאַראייניקטע שטאַטן, און ספּעציעל זיין אינ־סטיטוציע, וואָס ער פאָרטרעט אין דער שווייץ, האָבן פאַרגעלייגט, אַז די מענטשן זאָלן ווערן אויסגעטוישט אויף דייטשן, וועלכע געפינען זיך אין די לענדער פון לאַטיין־אַמעריקע. די שריט צו רעאַליזירן דעם אויס־טויש־פּראָיעקט זענען שוין געוואָרן אונטערגענומען מיט אַ פּאָר חדשים צוריק און ווערן געפירט ווייטער. דער „וואָר רעפיודזשי באָרד" האָט אָבער קיין מאָל נישט דערהאַלטן פון דער שווייצאַרישער רעגירונג וועלכע עס איז באַשטעטיקונג, אַז די דאָזיקע מענטשן, וועלכע געפינען זיך אויף דער רשימה, זענען אָוועקגעפירט געוואָרן קיין בערגען־בעלזען. די איינציקע סיבה פאַר איבערפירן די דאָזיקע מענטשן פון וויטעל איז — ווי די דייטשן האָבן איבערגעגעבן — וואָס זיי האָבן נישט געקאָנט צושטעלן גענוגנדיקע באַווייזן, אַז זיי זענען טאַקע לאַטיין־אַמעריקאַנער בירגער. וואָס שייך די בירגער פון טשילי, האָט די אָפּטיילונג פאַר פרעמדע־אינטערעסן אין בערן באַשטעטיקט, אַז די טשילעאַנער געזאַנדשאַפט האָט מודיע געווען אַז זי אַנערקענט די פּאַפּירן פון די אין וויטעל געפינענדיקע זיך טשילעאַ־נער בירגער און זי האָט פאַרגעלייגט דער שווייצאַרישער רעגירונג, ווי דער פאָרטרעטערין פון די אינטערעסן פון טשילי אין דייטשלאַנד, צו נעמען זיי אונטער איר שוץ.

דעם 12טן יולי 1944 האָט דער געזעלשאַפטלעכער עסקן י. שטערנ־בוך זיך געווענדט צו דער שווייצאַרישער לעגאַציע אין בערלין וועגן די פאַרבליבענע יידן אין וויטעל און האָט דעם 22סטן אויגוסט פון דאָרט באַקומען אַזאַ מין ענטפער:

„די 14 איבערגעבליבענע יידן, וואָס צוליב זייער קראַנקייט, זענען זיי פאַרבליבן אין וויטעל און געפינען זיך אויף דער רשימה פון דער אָפּ־

טיילונג פאַר פרעמדע אינטערנירטע אין בערן, האָבן נישט, ווי עס ווייזט זיך אַרויס, געקאָנט צושטעלן גענוגנדיקע באַווייזן פון זייער איבעראַ־אַמעריקאַנישער בירגערשאַפט. אויך האָט זיך ביז איצט קיין איין פאַר־שטייער פון די דאָזיקע מדינות נישט געווענדט צו אונדזער לעגאַציע נאָך שוץ פאַר די אינטערנירטע. דעריבער האָט דער פאָרשטייער פון דער שווייצאַרישער געזאַנדשאַפט נישט געקאָנט אָפיציעל באַשטעטיקן די בירגער־שאַפט פון די דאָזיקע מענטשן אין וויטעל. צוויי פאַרטרעטער פון דער געזאַנדשאַפט אין בערלין האָבן, אין שייכות מיט דער פאָרשטייענדיקער דעפּאָרטירונג פון דאָרט, אויסגעפאָרשט אין וויטעל די פּאַפּירן פון די פּערזאָנען, פון דעם 6טן ביזן 9טן יולי. די געזאַנדשאַפט האָט אינטערווע־נירט אין דייטשישן אויסלאַנד־מיניסטעריום אין בערלין וועגן דער מעג־לעכקייט איבערצולאָזן אין וויטעל די 14 אינטערנירטע. מיר האָבן אויך געבעטן אָנצוגעבן דאָס איצטיקע אויפהאַלט־אָרט פון די פון וויטעל דע־פּאָרטירטע פּערזאָנען אין חודש אַפּריל 1944, און אויך פאַרלאַנגט צוריק צו ברענגען קיין וויטעל די פון דאָרט דעפּאָרטירטע פון 16טן מאַי 1944.

„דאָס אויסלאַנד־מיניסטעריום אין בערלין ווייסט פון די דאָזיקע דע־פּאָרטאַציעס. זי האָט דערקלערט, אַז דאָס דייטשישע רייך באַטראַכט די אָנגעגעבענע פּערזאָנען פאַר אינלענדישע יידן אָדער פאַר יידן פון די באַזעצטע דורך דייטשלאַנד טעריטאָריעס. דעריבער איז זי נישט מחויב אָפּצוגעבן קיין רעכנשאַפט וועגן זייער באַהאַנדלונג נישט צו דער שווייצאַרישער רעגירונג און נישט צו דער אַמעריקאַנער אָדער וועלכער עס איז אַנדערער רעגירונג.

„איינער פון די דעלעגירטע פון דער שווייצאַרישער געזאַנדשאַפט האָט נאָר איין מאָל געקריגן אַ דערלויבעניש צו באַזוכן דעם יידן־לאַגער דראַנסי, אין פראַנקרייך. עס איז אים אָבער פאַרווערט געוואָרן צו פאַרנעמען זיך דאָרט מיט די ענינים פון די ענגלענדער, צפון־אַמעריקאַנער און אאַז"וו. וואָס שייך דעם לאַגער בערגען־בעלזען, האָט דאָס אויסערן־מיניסטעריום אין בערלין נישט געוואָלט דערלויבן דעם צוטריט אַהין פון אַ שווייצאַרישן דעלעגירטן, מיטן מאָטיוו, אַז דאָרט געפינען זיך נישט קיין אָנגעהעריקע פון אַמעריקאַנער מדינות און דער דאָזיקער לאַגער שטייט אונטער דער

קאָנטראָל פון עס־עס. וואָס שייך דעם לאַגער בערגאָו ביי דרעזדען, האָט דאָס אויסלאַנד־מיניסטעריום געמאָלדן, אַז אַזאַ לאַגער עקזיסטירט בכלל נישט".

מעק־קלעלאַנד האָט אין זיין בריוו צו די יידישע אָרגאַניזאַציעס מיט־געטיילט, אַז פונקט ווי די טשיליאַנער רעגירונג, האָט אויך די אַמעריקאַ־נער געזאַנדשאַפט אין בערן געמאָלדן, אַז זי נעמט אונטער איר שוץ די אַלע מענטשן אין וויטעל, וועלכע באַזיצן לאַטיין־אַמעריקאַנער פּאַפּירן.

„...אויפן סמך פון די דאָזיקע דערקלערונגען — שרייבט מעק־קלע־לאַנד אין זיין בריוו — האָט די שווייצאַרישע געזאַנדשאַפט אין בערלין זיך געדאַרפט באַשעפטיקן מיט די מענטשן נאָך אין חודש אַפּריל 1944. מען קאָן דעריבער נישט זאָגן, אַז די 14 מענטשן (לויט אַנדערע מקורות: 28), וועלכע זענען פאַרבליבן אין וויטעל, זענען נישט אָנערקענט געוואָרן דורך די באַטרעפנדיקע מדינות. עס איז פּשוט נישט צו פאַרשטיין, פאַר וואָס דער פאַרשטייער פון דער שווייצאַרישער געזאַנדשאַפט אין בערלין האָט זייענדיק אין וויטעל נישט באַשטעטיקט אָפיציעל די דאָזיקע פּער־זאָנען".

די יידישע אינסטיטוציעס אין דער שווייץ האָבן געבעטן די געזאַנד־שאַפט אין בערלין, ווי אַ שוצמאַכט־פאַרטרעטערין פון די לאַטיין־אַמערי־קאַנער מדינות, צו פאָדערן דרינגענדיק און קאַטעגאָריש פון דער דייַ־טשישער מאַכט, זי זאָל רעווידירן איר שטעלונג. אויב די צווייטע דעפּאָר־טירטע גרופּע, וואָס באַשטייט, לויט די באַקומענע ידיעות, פון 51 פּער־זאָן, געפינט זיך באמת אין בערגען־בעלזען, מוז די שווייצאַרישע גע־זאַנדשאַפט פאָדערן פון דייטשישן אויסערן־מיניסטעריום דאָס רעכט אָנצו־נעמען זיך פאַר די דאָזיקע מענטשן און אויך צו דערמעגלעכן זיי צו באַקומען בריוו.

פון די בריוו, וואָס די יידישע מנהיגים האָבן באַקומען פון דער שוויי־צאַרישער געזאַנדשאַפט אין בערלין, איז אויסגעקומען, אַז זי האָט זיך נישט געפילט באַרעכטיקט און ממילא נישט פאַרפליכטעט איינצושטעלן זיך פאַר די יידישע אינטערנירטע.

דאָס מוז אויך זיין די סיבה, פאַר וואָס דאָס דייטשישע אויסערן־מי־

ניסטעריום האָט באַטראַכט די דאָזיקע אינטערנירטע ווי יידן פֿון די דורך זיי אָקופּירטע טעריטאָריעס, מיט אַנדערע ווערטער: רעכטלאָז, און זי האָט פֿאַרוווּרט אַריינצומישן זיך אין זייער לעגאַלן סטאַטוס. וואָלט אָבער די שווייצאַרישע געזאַנדשאַפֿט אויף אַן אַנטשיידענעם אופֿן געמאָלדן, אַז די אינטערנירטע מוזן באַטראַכט ווערן ווי איבעראַ־אַמעריקאַנישע בירגער, וואָלט דאָס דייטשישע אויסערן־מיניסטעריום געמוזט זיך רעכענען מיט זייער צוגעהעריקייט און וואָלט אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון די רעגירונגען פֿון דער שווייץ און פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן. דאָס זעלביקע וואָלט אויך חל געווען אויף די אייגנטימער פֿון דרום־אַמעריקאַנער פּאַפּירן, וועל־כע האָבן זיך געפֿונען אין בערגען־בעלזען. די שווייצאַרישע געזאַנדשאַפֿט אין בערלין האָט געדאַרפֿט אויף אַ גאַנץ ענערגישן אופֿן פֿאָדערן אַ צוטריט צו דעם לאַגער בערגען־בעלזען [94].

צו די טרויעריקסטע פּרשות פֿון דער היטלער־צייט, געהערט דאָס קאַפּיטל: יידישע קינדער. ווי שוין פֿריער דערמאָנט, איז געלונגען, צוזאַ־מען מיט די קנאַפּע 10.000 פֿראַנצויזישע קינדער אָפּצוראַטעווען און צו ברענגען אין דער שווייץ אויך יידישע קינדער. מיט דער רעטונג פֿון די קינדער אין פּאַריז, וועלכע זענען געבליבן אָן עלטערן, האָבן זיך פֿאַר־נומען די אונטערערדישע אָרגאַניזאַציעס, צווישן אַנדערע די אָרגאַניזאַציע צו באַקעמפֿן ראַסיזם און אַנטיסעמיטיזם [95].

די נאַציס האָבן געוואָלט מאַסקירן זייער אכזריותדיקע האַנדלונג לגבי די יידישע קינדער אין פֿראַנקרייך. כדי נישט אויפֿצורייסן די אויגן, האָט מען די איבערגעבליבענע קינדער געהאַלטן פֿון אָנהייב אין אַ לאַגער פֿון ספּאָרט־סטאַדיאָן [96], אָן באַשפּייזונג. מען האָט געוואַרט אויף אינסטרוק־ציעס, וואָס מיט זיי צו טאָן. אייכמאַנס פֿאַרטרעטער אין פּאַריז, עס־עס־אָבערשטורמפֿירער טעאָדאָר דאַנעקער, וועלכער האָט אָנגעפֿירט מיט דער דעפּאָרטאַציע פֿון די יידן פֿון פֿראַנקרייך, האָט פֿאָרגעלייגט נישט אויסצו־טוישן די קינדער קיין ארץ־ישראל (יולי 1943) און באַשולדיקן די ענג־לענדער פֿאַר סאַבאָטאַזשירן דעם פּלאַן. דאַנעקער האָט אויך אָנגעפֿרעגט אייכמאַנען וואָס צו טאָן מיט די קינדער, און צי קינדער ביז 14 יאָר דאַרפֿן אויך דעפּאָרטירט ווערן. אייכמאַן האָט טעלעפֿאָנירט צו אים קיין

פּאַריז, אַז אַלע קינדער ,דאַרפן אַוועקגעשיקט ווערן קיין אוישוויץ. מען דאַרף זיי אָבער נישט שיקן מיט ספּעציעלע קינדער־טראַנספּאָרטן, נאָר אויסמישן זיי מיט דערוואַקסענע יידן, אויף אַ פאָלגנדיקן אופן: אויף אַ טראַנספּאָרט פון 700, ווייניקסטנס אויף 500 דערוואַקסענע יידן, דאַרף מען צוגעבן 300 ביז 500 קינדער.

ביים דורכפירן אייכמאַנס באַפעל, האָט מען איינפאַך, ווען אַ וואַגאָן איז שוין געווען פול, אַריינגעוואָרפן אַהין די קינדער איבער די קעפּ פון דערוואַקסענע.

דעם 6טן אַפּריל 1944 האָט מען פּלוצלינג אַרומגערינגלט די היים פאַר יידישע קינדער אין איזיע, אַרויסגענומען פון דאָרט 41 קינדער אין עלטער פון 3 ביז 13 יאָר און זיי אַריבערגעפירט קיין דראַנסי און פון דאָרט — קיין אוישוויץ.

אויף די באַמיִונגען, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן אין אויסלאַנד אויס־צוטוישן יידישע קינדער פון די אָקופּירטע דורך די דייטשן געביטן, אויף דייטשישע קריגס־געפאַנגענע, וועלכע האָבן זיך געפונען אין די הענט פון די אַליִירטע, איז ענדלעך אָנגעקומען אין דער שווייץ אַן ענטפער פון די ענגלענדער, אַז זיי זענען גרייט דורכצופירן דעם אויסטויש.

צווישן די חדשים מאַי 1943 און מאַי 1944 האָבן געזאָלט אויסגעטוישט ווערן אין דער שווייץ 5.000 יידישע קינדער. מען האָט שוין אַפילו געהאַט אַרויסגעפירט פון ביאַליסטאָקער געטאָ אין פּוילן און געבראַכט קיין טע־רעזיענשטאָט — אויפן וועג צום אויסטויש — 1.200 יידישע קינדער, וועלכע זענען געווען פאַררעכנט אין דער אַלגעמיינער צאָל פון קינדער־אויסטויש. די קינדער זענען אַרויסגענומען געוואָרן פון ביאַליסטאָק דעם 22סטן אויגוסט 1943. פון דעם דאָזיקן אויסטויש איז אָבער גאָרנישט געוואָרן. די 1.200 קינדער זענען צוריקגעשיקט געוואָרן קיין ביאַליסטאָק און פון דאָרט — קיין טרעבלינקע צו פאַרגאַזן[97]. אויך די איבעריקע קינדער פון די 5.000 זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס.

די ענגלענדער האָבן באַשולדיקט די דייטשן, אַז צוליב זייערע אינ־טריגעס איז נישט געקומען צום אויסטויש, און די דייטשן האָבן באַשול־דיקט די ענגלענדער, אַז זיי האָבן צו נישט געמאַכט דעם אויסטויש־

פּראָיעקט, ווייל זיי האָבן געוואָלט אויסטוישן בלויז עלטערע דייטשן, און די יינגערע, מיליטער־פּליכטיקע, האָבן זיי נישט געוואָלט אַרויסלאָזן.

עס האָט זיך איבערגעחזרט די זעלביקע געשיכטע ווי ביים וועלן ראַטעווען יידישע קינדער אין יאָר 1938/9. דעמאָלט האָבן אויך די פאַר־אייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע אַריינגעשריבן אַ טרויעריק בלעטל אין אונדזער חורבן־געשיכטע. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַריינלאָזן 20.000 יידישע קינדער פון דייטשלאַנד, וועלכע עס האָט שוין געדראָט אַ גרויסע סכנה.

אין חודש אַפּריל 1939 האָבן אייניקע קאָנגרעסלייט אַריינגעטראָגן אין דער קאָנגרעס־קאָמיסיע פאַר עמיגראַציע־ענינים אַ פאָרשלאָג פון אַ געזעץ־פּראָיעקט. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פאַרביסענע דיסקוסיע צי מען דאַרף די קינדער דערלויבן אַריינצוקומען קיין אַמעריקע, צי נישט. די ליבעראַלע קאָנגרעסלייט האָבן געפּאָדערט דורכצופירן אַן אויסנאַם־געזעץ לטובת די קינדער. אייניקע פון די רעאַקציאָנערע קאָנגרעסלייט האָבן געטענהט, אַז דאָס עפענען די טויערן פאַר אַזוי פיל קינדער קאָן דערפירן צו שווערע עקאָנאָמישע קאָנסעקווענצן פאַר די פאַראייניקטע שטאַטן; אַן אַנדערער קאָנגרעסמאַן האָט געזאָגט, אַז אויב מען וועט דורכפירן דאָס געזעץ וועגן אַריינלאָזן די יידישע קינדער, פאַר וואָס זאָל מען נישט עפענען די טויערן פון אַמעריקע פאַר 20.000 כינעזישע קינ־דער, וועלכע ליידן הונגער און געפינען זיך אין נישט בעסערע באַדינ־גונגען ווי די יידישע קינדער פון אייראָפּע. נאָך איין קאָנגרעסמאַן האָט אַרויסגעזאָגט אַ מורא, אַז דאָס אַריינברענגען קיין אַמעריקע 20.000 יידן קאָן נאָך מער פאַרשטאַרקן דעם אַנטיסעמיטיזם אין לאַנד...

די דעבאַטע אַרום דעם געזעץ־פּראָיעקט האָט זיך געצויגן ביזן חודש יוני 1939, נישט קאָנענדיק דורכקומען. האָט מען אויפן פאָרשלאָג פון אַ קאָנגרעסמאַן פון ניו־יאָרק, באַשלאָסן איבערצולאָזן דעם גאַנצן ענין פאַרן פּרעזידענט רוזוועלט, ער זאָל זאָגן זיין לעצט וואָרט. און דער פּרעזידענט פון דער מעכטיקסטער דעמאָקראַטישער רעפּובליק — די פאַראייניקטע שטאַטן, האָט אויפן מעמאָראַנדום צוגעשריבן די דעצידירנדיקע ווער־טער:[98] „F.D.R. — FILE NO ACTION".

אַזוי האָט זיך דעמאָלט געענדיקט דאָס קאַפּיטל פֿון ראַטעווען די 20.000 יידישע קינדער.

די אַלע טעותן: בייזוויליקע און אָפּט מאָל — לייכטזיניקע, דאָס נישט רעכענען זיך מיטן אמתן מצב, ווי אויך פּראַצעדוראַלע סיבות, האָבן געקאָסט דאָס לעבן פֿון אַזוי פיל מענטשן — דערוואַקסענע און קינדער.

צוליב די זעלביקע טעמים איז אויך די גרעסטע מערהייט יידן פֿון וויטעל, בערגען־בעלזען און אַנדערע אויסטויש־לאַגערס אומגעקומען.

## די לעצטע — צום אויסקויף

סוף 1944, ווען עס איז שוין געווען קלאָר, אַז עס דערנענטערט זיך היטלערס מפּלה, האָט זיך מיט אַ מאָל אַ וואַקל געטאָן דאָס „געוויסן" פון דער וועלט. מלוכהשע אינסטאַנצן, וועלט־פּערזענלעכקייטן האָבן געזוכט וועגן, ווי אַזוי צו ראַטעווען פון די גאַזקאַמערן און קאַלכאויוונס די רעשט־לעך איבערגעבליבענע אייראָפּעיִשע יידן.

אויך דער פּויפּסט פּיוס דער 12טער האָט זיך ענדלעך אָפּגערופן און גענומען עפּנטלעך אַ וואָרט אין דער יידן־פראַגע. דעם 25סטן יוני 1944 האָט ער זיך געווענדט צום אונגאַרישן רעגענט אַדמיראַל האָרטי מיט אַ בקשה צו ראַטעווען די דאָרטיקע יידן פון אומקום. דאָס איז געשען דעמאָלט, ווען מער ווי 400.000 אונגאַרישע יידן זענען שוין געווען פאַרגאַזט.

ליידער איז די הילף פון דער וועלט געקומען — אויב זי איז בכלל געקומען — צו שפּעט. אַ סך צו שפּעט. אין משך פון די 5 מלחמה־יאָרן האָט מען לחלוטין נישט אויסגענוצט די מעגלעכקייטן, וואָס מען האָט געהאַט אָדער געקאָנט האָבן, פיל ווייניק אָפּצושוואַכן דעם אויסראָטונג־פּראָצעס פון יידן.

אויך בעת דעם אויסטויש־פּעריאָד אויף דייטשן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין אויסלאַנד האָט מען דורכגעלאָזט אַ גינסטיקע געלעגנהייט אָפּצוראַטעווען ווייניקסטנס די יידן, וועלכע האָבן זיך שוין געפונען אויף אַ לעגאַלן, צי אומלעגאַלן, אופן אינטערנירט אין די אויסטויש־לאַגערס. די דאָזיקע יידן האָבן געהאַט אַלע שאַנסן צו ווערן אָפּגעראַטעוועט. זיי זענען כמעט אַלע אומגעקומען בלויז דערפאַר, ווייל די אַזוי גערופענע דעמאָקראַטישע וועלט האָט זיי נ י ש ט געוואָלט ראַטעווען.

האָט דאָך פּראָפעסאָר חיים ווייצמאַן, דער ערשטער פּרעזידענט פון

מדינת ישראל, זיך געהאַט אַ מאָל אויסגעדריקט, אַז די וועלט באַשטייט פון צוויי לאַגערס: איינער — פון לענדער, וואָס ווילן נישט האָבן ביי זיך קיין יידן, און דער צווייטער — וואָס וויל זיי צו זיך נישט אַריינלאָזן.

סוף 1944 האָט זיך די איינשטעלונג צו דער יידן־פראַגע אויך אין דער שווייץ לגמרי געענדערט. עס האָט זיך דערנענטערט דער סוף פון דער מלחמה און ממילא דער סוף פון דריטן רייך. די אַלע „נייטראַלע" שווייצער, וואָס האָבן געהאַט אָנגענומען אַן אויסגעשפּראָכענע אַנטי־יידישע איינשטעלונג אין דער פּליטים־פראַגע, זענען פּלוצלינג געוואָרן הייסע פּאַרטיידיקער פון די נייע פראַ־פּליטים־געזעצן, וואָס די שווייץ האָט אויף גיך אָנגעהויבן איינצופירן.

באַקאַנטע שווייצאַרישע אַנטיסעמיטן און פריינד פון נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישן סיסטעם — און אַזעלכע האָבן אויך אין דער שווייץ נישט געפעלט — האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אין דינסט פון העלפן ראַטעווען פון די דייטשישע לאַגערס די ממש רעשטלעך איבערגעבליבענע אייראָפּעישע יידן. דער שעפער פון דעם „יידן־צייכן" אויף די דייטשישע פּאַספּאָרטן, דער שעף פון דער פרעמדן־פּאָליציי אין דער שווייץ, ד"ר היינריך ראָטמונד, וועלכער האָט אַלץ געטאָן צום שאַדן פון די יידן, איז איבער נאַכט געוואָרן אַ הייסער „יידן־פריינד". ראָטמונד האָט איצט פּערזענלעך אינטערווענירט, דורך דעם שווייצאַרישן געזאַנדטן אין בערלין, האַנס פריי־ליכער, לטובת די יידן. ער האָט מודיע געווען, אַז די שווייץ איז גרייט אויפצונעמען ווייטערדיקע יידן ביי זיך אין לאַנד.

דעם 6טן פעברואַר 1945 האָט דער שווייצאַרישער בונדעסראַט באַאויפטראַגט דעם געזאַנדטן אין בערלין, פריילי‌כער, ער זאָל שאַרף פּראָטעסטירן ביים דייטשישן אויסערן־מיניסטעריום קעגן די מאַסן־דעפּאָרטירונגען פון יידן [99].

דעם 26סטן מאַרץ 1945 האָט דער שווייצאַרישער בונדעסראַט אַפילו באַשלאָסן, אַז אויב עס וועט געלינגען די משפחות פון גערינג, געבעלס און הימלער אַריינצובאַקומען זיך אין דער שווייץ, זאָל מען זיי תיכף ומיד צוריקשיקן קיין דייטשלאַנד.

עס האָט זיך אויך אָפּגערופן דער פּרעזידענט פון רויטן קרייץ, קאַרל בורקהאַרדט. דעם 12טן מאַרץ 1945 האָט ער פאַרלאַנגט פון קאַלטענבררו־נערן אַ שריפטלעכע דערלויבעניש פאַר אַ פאַרשטייער פון אינטערנאַ־ציאָנאַלן רויטן קרייץ צו האָבן דאָס רעכט אומגעשטערט צו וויזיטירן יעדן לאַגער — ביז צום סוף פון דער מלחמה. דעם 29סטן מאַרץ 1945 האָט קאַלטענברונער אַרויסגעגעבן די פאַרלאַנגטע דערלויבעניש.

עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז נאָך מיט דריי יאָר פריער ד״ה דעם 17טן נאָוועמבער 1942, האָט דער פאַרטרעטער פון יידישן וועלט־קאָנ־גרעס אין דער שווייץ, ד״ר גערהאַרדט ריגנער, זיך געווענדט צו דעם זעלביקן בורקהאַרדט, ער זאָל, ווי דער פרעזידענט פון אינטערנאַציאָנאַלן רויטן קרייץ, אינטערוועניִרן וועגן דער שלעכטער באַהאַנדלונג פון יידישע ציוויל־געפאַנגענע אין די דייטשישע לאַגערס. בורקהאַרדט האָט דעמאָלט געענטפערט, אַז אַזאַ ווענדונג קאָן די יידן נישט העלפן, נאָר ברענגען שאָדן דער גאַנצער טעטיקייט פון אינטערנאַציאָנאַלן רויטן קרייץ.

דעם 25סטן יולי 1943 האָט ד״ר ריגנער צום צווייטן מאָל זיך גע־ווענדט צו בורקהאַרדטן וועגן דעם זעלביקן ענין, אָבער אָן רעזולטאַט. אין דעם פאַל האָט בורקהאַרדט געטענהט, אַז דער דייטשישער רויטער קרייץ זאָגט זיך אָפּ צו געבן וועלכע עס איז אינפאָרמאַציעס וועגן נישט־אַריער, וועלכע זענען דורך די דייטשן דעפּאָרטירט געוואָרן פון די דורך זיי באַזעצטע געביטן. בורקהאַרדט האָט דעריבער מורא געהאַט — ווי ער האָט פאַרזיכערט — אַז די דייטשישע מאַכט קאָן נאָך צוליב דעם בכלל אַנולירן דעם אָפּמאַך פון דער גענפער קאָנווענץ.

זעענדיק די אויסזיכטלאָזיקייט פון די אַלע באַמיִונגען, האָט ד״ר ריג־נער טעלעגראַפירט קיין לאָנדאָן צום יידישן וועלט־קאָנגרעס און פאַר־געשלאָגן איבערצושיקן ארץ־ישראל־דאָקומענטן (סערטיפיקאַטן) פאַר די אינטערנירטע פון טערעזיענשטאַט. דאָס איז געווען דער איינציקער לאַגער פאַר יידן, וווּ די דייטשן האָבן נאָך דערלויבט אַז אַ פאַרשטייער פון אינ־טערנאַציאָנאַלן רויטן קרייץ זאָל האָבן אַ צוטריט.

ד״ר ריגנער האָט געוואָרנט, אַז אויב די דאָרטיקע יידן וועלן נישט ווערן אויסגעטוישט, דראָט אַ געפאַר, אַז אויך זיי זאָלן דעפּאָרטירט

ווערן פון דעם דאָזיקן „פּריווילעגירטן" לאַגער. אין דער זעלביקער טע־לעגראַמע האָט ד"ר ריגנער פאַרגעלייגט, אַז אפשר וואָלט מעגלעך געווען אַ געמיינזאַמע אינטערווענץ פון די אַלײַירטע רעגירונגען ביי די נייטראַלע לענדער, ווי אויך ביים וואַטיקאַן, כדי צו ווירקן, אַז די יידן, וועלכע געפינען זיך אין טערעזיענשטאַט, זאָלן אַריינגענומען ווערן אינעם פּלאַן פון דער אַלגעמיינער אויסטויש־אַקציע.

נאָך דעם, ווי עס איז שוין פאַר אַלע קלאָר געווען, אַז דער היטלער־סיסטעם צעפאַלט זיך און די אַלײַירטע וועלן אַרויס די זיגער, האָבן די־אַלע „נייטראַלע" געביטן דעם פראָנט.

דעם 15טן פעברואַר 1945 האָט זיך די שווייצאַרישע הילף־אָרגאַני־זאַציע „רעליקאַ" געווענדט צום פּרינץ יאָהאַן שוואַרצענבערג, פון אינ־טערנאַציאָנאַלן רויטן קרייץ אין גענף, מיט אַ בקשה צו העלפן די יידישע אינטערנירטע אין לאַגער בערגען־בעלזען.

שוואַרצענבערג האָט געשטאַמט פון אַ באַקאַנטער אַריסטאָקראַטישער משפּחה אין עסטרייך. ער איז געווען אַ קעגנער פון היטלעריזם. ווען די דייטשן האָבן אָקופּירט עסטרייך, איז ער אַנטלאָפן אין דער שווייץ און דאָרט באַקומען בירגערשאַפט. ער האָט אָנגעהויבן צו אַרבעטן אין הויפּט־קאָמיטעט פון אינטערנאַציאָנאַלן רויטן קרייץ. ער האָט זיך באַמיט ווי ווייט מעגלעך צו העלפן די אינטערנירטע אין די קאָנצענטראַציע־לאַ־גערס. אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט האָט ער געשאָנקען די יידישע אינטערנירטע. אין די יאָרן פון די דייטשישע נצחונות איז ער אָבער געווען שטאַרק באַגרענעצט אין זיין אַרבעט, ווייל ער איז געווען נישט גוט געזען ביי די נאַציס צוליב זיין פאַרגאַנגענהייט. ער האָט זיך אָנגעטראָפן אויף שוועריקייטן, ספּעציעל אין דער הילפאַרבעט פאַר יידישע געפאַנ־גענע, ביים פּרעזידענט פון אינטערנאַציאָנאַלן רויטן קרייץ — קאַרל בורקהאַרדט. דאָך איז אים געלונגען אויסצופועלן, אַז מען זאָל צולאָזן פאַר די יידישע געפאַנגענע אין די לאַגערס די שפּייזפּעקלעך, וואָס מען האָט פאַר זיי געשיקט. ווען די היטלער־ממשלה האָט זיך אָנגעהויבן צו וואַקלען, האָט זיך שוואַרצענבערג דרייסטער אַריינגעוואָרפן אין דער הילפּ־אַרבעט לטובת די יידישע אינטערנירטע. צו שוואַרצענבערגן האָט זיך

געוועגדט די אָרגאַניזאַציע „רעליקאַ״, ער זאָל אונטערנעמען שריט, מען זאָל צולאָזן אַ דעלעגירטן פון אינטערנאַציאָנאַלן רויטן קרייץ אויך צום לאַגער בערגען־בעלזען. דער צושטאַנד פון די מענטשן, וועלכע האָבן זיך דאָרט געפונען, איז געווען אַ סך ערגער, ווי אין די איבעריקע לאַגערס, ווו מען האָט געבראַכט די מענטשן צום אויסטויש. עס איז געווען דרינגענדיק נייטיק, אַז דער אינטערנאַציאָנאַלער רויטער קרייץ זאָל נעמען אונטער זיין שוץ אויך דעם דאָזיקן לאַגער. צוליב די פּאַטאַלע היגיענישע באַדינגונגען, אין וועלכע די יידן האָבן זיך דאָרט געפונען, און צוליב דער שלעכטער דערנערונג, פון וועלכער די מענטשן האָבן געליטן, האָט זיי פּשוט געדראָט אַן אונטערגאַנג. חוץ דעם זענען טויזנטער יידן פון בערגען־בעלזען כסדר אַוועקגעשיקט געוואָרן דורך דעם קאָמענדאַנט פון לאַגער, עס־עס־אונטערשטורמפירער האַס, קיין אוישוויץ, צום פאַרגאַזן.

„אַזוי ווי אַ געוויסע צאָל אינטערנירטע אין בערגען־בעלזען האָבן געהאַט דרום־אַמעריקאַנער דאָקומענטן, אַ דאַנק וועלכע זיי האָבן געקריגן אַ געוויסע אָנערקענונג אין זייער סטאַטוס ווי אויסלענדער — שרייבט „רעליקאַ״ צו שוואַרצענבערגן — איז דאָ אַ גינסטיקע געלעגנהייט צו פאָדערן אַ צוטריט צום לאַגער פאַר אַ דעלעגירטן פון אינטערנאַציאָנאַלן רויטן קרייץ״. אַזוי אַרום וואָלט אויך געווען אַ מעגלעכקייט צו פאַרבעסערן די לעבנס־באַדינגונגען פון די דאָרט אינטערנירטע יידן, וועלכע האָבן געוואַרט אויף ווייטערדיקע אויסטויש־טראַנספּאָרטן. שוואַרצענבערג האָט זיך באַמיט אַנטקעגנצוקומען דער בקשה פון „רעליקאַ״.

אַ דאַנק די באַמיִונגען פון געזעלשאַפטלעכן עסקן אין דער שווייץ. י׳ שטערנבוך, איז דער געוועזענער שווייצארישער בונדעסראַט זשאַן־מאַרי מוסי, וועלכער האָט געהאַט גוטע פאַרבינדונגען אין די הויכע קרייזן פון דייטשלאַנד, אָפּגעפלויגן קיין בערלין נאָך אין חודש אָקטאָבער 1943. דאָרט האָט ער זיך געטראָפן מיט דעם עס־עס בריגאַדע־פירער וואַלטער שעלענבערג און אים פאָרגעשטעלט דעם פּלאַן פון אויסקויפן די יידן פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערס. שעלענבערג איז צוזאַמען מיט מוסי אַוועק צו הימלערן. הימלער האָט דעמאָלט אָפּגעוואָרפן דעם פּלאַן. אָבער נאָך דעם אַטענטאַט אויף היטלערן, דעם 20סטן יולי 1944, האָט זיך די לאַגע

ראַדיקאַל געענדערט. דער פּלאַן האָט אָנגענומען רעאַלע פאָרמען. מוסי איז דעמאָלט נאָך אַ מאָל געקומען קיין דייטשלאַנד און איבערגעחזרט זיין פאָרשלאָג פאַר הימלערן.

הימלער האָט געוואָלט אָנבינדן אַ דירעקטן קאָנטאַקט מיט די אַליִירטע. ער האָט געהאָפט דאָס צו דערגרייכן דורך דער פאַרמיטלונג פון די יידן. ער האָט דעריבער באַפוילן זיין פאַרטרויונגס־מאַן, דעם עס־עס־סטאַנ־דאַרטענפירער קורט בעכער, וועלכן ער האָט געהאַט געשיקט קיין אונגאַרן צו פירן אויסטויש־אונטערהאַנדלונגען מיט די יידישע פאָרשטייער, ער זאָל זיין נאָכגיביקער מיט די יידן.

כדי אָנצובינדן אַ דירעקטן קאָנטאַקט מיט די אויסלענדישע יידן, האָט מען באַשלאָסן די אונטערהאַנדלונגען אַריבערצופירן קיין ליסבאָן, די הויפּטשטאָט פון פּאָרטוגאַל. דער יידישער צד איז אויף דעם איינגעגאַנגען און אַפילו שוין געהאַט באַשטימט זיינע פאָרשטייער: ד״ר יוסף שוואַרץ — דירעקטאָר פון דזשאָינט און אליהו דאָבקין — פאָרשטייער פון דער יידישער אַגענץ. היות ביידע פאָרשטייער זענען געווען אַמעריקאַנער ביר־גער, האָט דער „סטייט־דעפּאַרטמענט" זיי פאַרבאָטן צו קומען אין קאָנ־טאַקט מיט די דייטשן. עס איז אַלזאָ, באַשלאָסן געוואָרן צו פירן די אונ־טערהאַנדלונגען אין דער שווייץ. דעם יידישן צד האָט דאָרט פאַרטראָטן, אין נאָמען פון דזשאָינט — סאַלי מייער.

ביי דער ערשטער באַגעגעניש מיט סאַלי מייער, האָט קורט בעכער דערקלערט, אַז כדי צו באַווייזן אַ גוטן ווילן ביי די אונטערהאַנדלונגען וועגן דער אויסטויש־טראַנזאַקציע, האָט ער באַקומען אַ פאַראָרדענונג פון הימלערן אַרויסצולאָזן פון בערגען־בעלזען די ערשטע גרופּע פון 318 יידן פון דעם אונגאַרישן טראַנספּאָרט און צו ברענגען זיי צו דער שווייצאַרי־שער גרענעץ.

עס האָט אָבער גענומען לאַנגע חדשים ביז ביידע צדדים האָבן זיך געקאָנט טרעפן פּנים־אל־פּנים אין דער שווייץ. דעם 25סטן אָקטאָבער 1944 האָט בעכער באַקומען די דערלויבעניש אַריינצוקומען אין דער שווייץ. ביז יענער צייט האָבן זיך די אונטערהאַנדלונגען געפירט אויף דער גרענעצבריק פון ריין, וואָס האָט אָפּגעטיילט די שווייץ פון דייטשלאַנד.

בעת עס האָבן זיך אין אונגאַרן געפירט די אונטערהאַנדלונגען צווישן קאַסטנערן און אייכמאַנען, זענען געמאַכט געוואָרן ווייטערדיקע באַמיונגען אין דייטשלאַנד, ביי הימלערן גופא, דורך דעם בונדעסראַט מוסי. אַן ענלעכע איניציאַטיוו איז אויך אונטערגענומען געוואָרן דורכן פאַרטרעטער פון יידישן וועלט־קאָנגרעס אין שטאָקהאָלם — הלל שטאָרך.

שטאָרך האָט אויסגענוצט די גינסטיקע געלעגנהייט, ווען עס האָט געוויילט אין שטאָקהאָלם הימלערס לייב־דאָקטער, פעליקס קערסטען. שטאָרך האָט אים פאַרגעלייגט צו ווירקן אויף הימלערן אַרויסצולאָזן פון די לאַגערס אַלע יידישע אינטערנירטע.

אין די דאָזיקע דריי ריכטונגען זענען איצט געגאַנגען שטאַרקע באַמיונגען און פאַרהאַנדלונגען אויסצוקויפן די יידן פון די דייטשישע לאַגערס.

ד״ר פעליקס קערסטען, אַ פינישער בירגער, פלעגט אָפט קומען קיין שטאָקהאָלם פון דייטשלאַנד, וווּ ער האָט געלעבט די לעצטע פּאָר יאָר. זייענדיק הימלערס „וווּנדער־דאָקטער" האָט ער אויף אים געהאַט אַ סוגעסטיוון איינפלוס. ער האָט שוין פריִער באַוויזן דורכצופירן וויכטיקע מיסיעס לויטן אויפטראַג פון שוועדישן אויסערן־מיניסטער קריסטיאַן גינטער.

דער שוועדישער אויסערן־מיניסטער האָט איבערגעגעבן קערסטענען די אויפגאַבע (אין חודש סעפּטעמבער 1943) צו ווירקן אויף הימלערן, ער זאָל באַפרייען פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערס די אינטערנירטע דאָרט סקאַנדינאַווישע יידן, וועלכע שוועדן איז גרייט אויפצונעמען ביי זיך אין לאַנד. אין דעם זענען געווען אויך אַריינגערעכנט 240 יידן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין טערעזיענשטאָט. די דאָזיקע יידן האָט שוועדן גענומען אונטער איר שוץ און אַרויסגעגעבן פאַר זיי שוץ־דאָקומענטן. די דאָקומענטן זענען אָבער נישט אָנערקענט געוואָרן דורך די דאָרטיקע עס־עס־אינסטאַנצן. דעמאָלט האָט נאָך קערסטען נישט געקאָנט ווירקן אויף הימלערן אָנטקעגנצוקומען די שוועדישע אינטערווענץ. וואָס עס איז קערסטענען יאָ געלונגען דורכצופירן איז, אַז אַלע סקאַנדינאַווישע בירגער זענען דעם 8טן דעצעמבער 1944 קאָנצענטרירט געוואָרן צוזאַמען אין איין

לאַגער: נויענגאַמע, לעבן האַמבורג. דער דאָזיקער לאַגער איז געשטאַנען אונטער דער אויפזיכט פון אינטערנאַציאָנאַלן רויטן קרייץ[100].

עס דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז די שוועדישע רעגירונג האָט שוין נישט איין מאָל באַוויזן איר מענטשלעכע באַציִונג און הומאַניטאַרן צוגאַנג צום גורל פון די יידן בעת דער טרויעריקער היטלער־תקופה. שוועדן האָט מיט אירע ממשותדיקע טאַטן פאַרשריבן עטלעכע שיינע בלעטלעך אין אונדזער מאַרטירער־געשיכטע. גענוג בלויז צו דערמאָנען דאָס אָפּראַטעווען און אויפנעמען ביי זיך אין לאַנד די 7 טויזנט דענישע יידן; דאָס אַרונטערנעמען אונטער איר שוץ, און אַזוי אַרום אָפּצוראַטעווען פון אומקום,, 15 טויזנט אונגאַרישע יידן (ראַול וואַלענבערגס רעטונג־אַקציע אין בודאַפּעשט).

די שוועדישע רעגירונג האָט זיך אויך איינגעשטעלט פאַר אַנדערע יידן. זי האָט דורך איר פאַרשטייער אין בערלין זיך באַמיט צו פאַרשאַפן ארץ־ישראל־סערטיפיקאַטן פאַר אַ געוויסער צאָל יידן[101]. צו דעם צוועק האָט זיך די שוועדישע געזאַנדשאַפט אין בערלין געווענדט קיין שווייץ. דאָס איז צו זען פון אַ בריוו, געשריבן דעם 23סטן אָקטאָבער 1944 צום געזעלשאַפטלעכן טוער אין לאָזאַן אַלפרעד שוואַרצבאַום, אין דעם בריוו דאַנקט דער שוועדישער געזאַנדטער אין בערלין פאַר דערליידיקן פאָזיטיוו דעם ענין. דאָס אַלץ דאַרף פאַרצייכנט ווערן מיט דער גרעסטער אָנערקענונג.

✶

הימלערס ווונטש אָנצובינדן אַ דירעקטן קאָנטאַקט מיט יידישע פאַרשטייער פון אויסלאַנד האָט ענדלעך געקאָנט דורכגעפירט ווערן. סוף יאָר 1944 און אָנהייב 1945 איז די צייט דערצו געוואָרן רייף. די געשעענישן אויף די פראָנטן, דאָס אומאויפהערלעכע באָמבאַרדירן פון די דייטשישע שטעט דורך די אַליִירטע, האָט אָנגעזאָגט אַ גיכן סוף צו דער מלחמה און צו דייטשלאַנדס מפּלה. הימלער האָט דעריבער געהאַלטן, אַז איצט איז געקומען די צייט צו האַנדלען שנעל און צו ראַטעווען וואָס עס לאָזט זיך נאָך, און קודם כל — זיין אייגן לעבן. ער איז דעריבער איינגעגאַנגען

אויף קערסטענס פאָרשלאָג אויפצונעמען אַ פאָרשטייער פון יידישן וועלט־קאָנגרעס אין שוועדן, מיט וועלכן ער זאָל קאָנען פירן דירעקטע געשפּרעכן וועגן אויסטויש פון די יידן.

ווען קערסטען איז דאָס לעצטע מאָל געווען אין שוועדן, האָט דער לייטער פון דער דאָרטיקער אָפּטיילונג פון וועלט־קאָנגרעס, הלל שטאָרך, אים געוויזן אַ טעלעגראַמע, וואָס ער האָט באַקומען פון וועלט־קאָנגרעס אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אַז די דייטשן גרייטן זיך אויפצורייסן אַלע קאָנצענטראַציע־לאַגערס, אין וועלכע עס האָבן זיך געפונען 800.000 (אַכט הונדערט טויזנט) געפאַנגענע. קערסטען האָט די קאָפּיע פון דער טעלע־גראַמע געוויזן הימלערן דעם 3טן מאַרץ 1945, ער האָט אים געוואָרנט פאַר די קאָנסעקווענצן, וואָס אַזאַ שריט קאָן ברענגען מיט זיך פאַר דער דייטשישער מדינה און, קודם כל פאַר אים, הימלערן, גופא.

צו פירן אונטערהאַנדלונגען מיט הימלערן איז באַשטימט געוואָרן דער פאָרשטייער פון יידישן וועלט־קאָנגרעס, הלל שטאָרך. צוליב זיין פּלוץ־לינגדיקער קראַנקייט האָט אים פאַרטראַטן נאָרבערט מאַזור. די באַגע־געניש צווישן אים און הימלערן איז צושטאַנד געקומען אין דער נאַכט פון 20סטן אויפן 21סטן אַפּריל 1945 אין קערסטענס ווילע אין האַרצ־וואַלדע הינטער בערלין. הימלער איז אין דער שפּעטער נאַכט־שעה צו־ריקגעקומען פון היטלערס בונקער, ווו עס איז געפייערט געוואָרן דעם פירערס געבוירנטאָג.

נאָרבערט מאַזור איז צוזאַמען מיט קערסטענען אָנגעקומען פון שטאָק־האָלם קיין בערלין מיט אַ ספּעציעלן דייטשישן אַעראָפּלאַן, וועלכן הימלער האָט זיי צו דעם צוועק צוגעשטעלט.

ביי דער באַגעגעניש זענען אויך געווען אַנוועזנדיק וואַלטער שעלענ־בערג, דער עס־עס־גענעראַל, וואָס איז אויך געווען דער לייטער פון דיי־טשישן אויסלאַנד־שפּיאָנאַזש און הימלערס פאַרטרויונגס־מאַן — עס־עס־סטאַנדאַרטענפירער רודאָלף בראַנדט.

בעת דער באַגעגעניש צווישן מאַזורן און הימלערן איז פאָרגעקומען פאָלגנדיקער ווערטער־אויסטויש:

הימלער: איך באַגריס אייך, הער מאַזור, מיט אייער אָנקומען קיין

דייטשלאַנד. עס איז געקומען די צייט, אַז איר, יידן, און מיר, נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן, זאָלן פאַרגעסן וואָס צווישן אונדז איז געשען.

מאַזור: עס איז צווישן אונדז פאַראַן צו פיל פאַרגאָסן בלוט... איך דאַנק אייך, וואָס איר האָט מיר געהייסן אַהער קומען. איך האָף, אַז אונדזער באַגעגעניש וועט גורם זיין צו ראַטעווען אַ סך מענטשן־לעבנס[102].

בעת די קורצע, אָבער דעצידירנדיקע אונטערהאַנדלונגען, האָט נאָרבערט מאַזור געפאָדערט, חוץ דער באַפרייונג פון די יידן פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערס, אויך די תיכפדיקע באַפרייונג פון די שוועדישע, פראַנצויזישע, האָלענדישע און נאָרוועגישע ערובניקעס. ער האָט דערביי איבערגעגעבן הימלערן אַ ליסטע מיט נעמען פון אַלע געפאַנגענע. מאַזור האָט אויך פאַרלאַנגט אַרויסצולאָזן פון קאָנצענטראַציע־לאַגער ראַווענסבריק די דאָרט אינטערנירטע פרויען, צוזאַמען מיט די יידישע פרויען, וועלכע געפינען זיך אין דעם לאַגער.

הימלער איז אויף אַלעם איינגעגאַנגען. קודם כל האָט ער געהייסן באַפרייען די 50 יידן, נאָרוועגישע סטודענטן, און 50 דענישע פּאָליציאַנטן. ער האָט אויך דערלויבט אַרויסצופירן 1.000 יידישע פרויען פון ראַווענסבריק. חוץ דעם האָט ער געהייסן אַרויסלאָזן פון טערעזיענשטאָט די 240 יידן, וועלכע האָבן געהאַט שוועדישע שוצפּעסער, ווי אויך די דענישע יידן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין טערעזיענשטאָט. דאָס איז געשען דעם 21סטן אַפּריל 1945.

וואָס שייך די יידישע פרויען פון ראַווענסבריקער לאַגער, האָט הימלער געשטעלט אַ באַדינג, אַז די דאָזיקע פרויען זאָלן ווערן דעקלאַרירט ווי קריסטלעכע (פּוילישע פרויען). דאָס האָט ער פאַרלאַנגט, משמעות, דערפאַר, ווייל ער האָט מורא געהאַט פאַר היטלערס צאָרן, היטלער האָט אים געמאַכט שטאַרקע פאָרוואורפן פאַר אַרויסלאָזן דעם טראַנספּאָרט יידן קיין שווייץ. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן די יידן פון לאַגער בערגען־בעלזען, וועלכע הימלער האָט אין אויגוסט 1944 אַנגעהויבן אַרויסצולאָזן קיין שווייץ. דער ערשטער טראַנספּאָרט יידן איז אָנגעקומען קיין מאָנטרע (שווייץ) דעם 31סטן אויגוסט 1944. ער האָט אויך אַרויסגעלאָזט די גריכישע יידן, ווי אויך די האָלענדישע יידן, וועלכע האָבן געהאַט סערטיפי־

קאַטן קיין ארץ־ישראל און האָבן אויף הימלערס פאַראָרדענונג נאָך אין חודש יוני 1944 פאַרלאָזט בערגען־בעלזען און אַוועק קיין ארץ־ישראל [108].

אין לאַגער בערגען־בעלזען זענען געווען אינטערנירט אַ סך יידן, וועלכע האָבן געהאַט דרום־אַמעריקאַנער פּעסער. זיי זענען געווען אונטער שוועדנס שוץ און האָבן באַקומען די דערלויבעניש אַריינצוקומען קיין שוועדן.

חוץ דעם באַדינג וועגן די יידישע פרויען פון ראַווענסבריק, האָט הימלער נישט געשטעלט קיין שום אַנדערע פאַרבאַדינגונגען, ווי עס איז געווען דער פאַל מיט די אויסטויש־אונטערהאַנדלונגען אין אונגאַרן און לסוף — אין דער שווייץ.

כדי איבערצופירן די באַפרייטע מענטשן פון די לאַגערס קיין שוועדן, ווו זיי האָבן געדאַרפט אויפגענומען ווערן, האָט דער שוועדישער רויטער קרייץ צוגעשטעלט 150 אויטאָבוסן. הימלער האָט אַרויסגעגעבן אַ דער־לויבעניש אַריינצולאָזן די שוועדישע אויטאָס קיין דייטשלאַנד און צוריק אַרויסצולאָזן זיי מיט די מענטשן. מיט דער דאָזיקער רעטונג־אַקציע האָט אָנגעפירט דער וויצע־פּרעזידענט פון שוועדישן רויטן קרייץ, גראַף פאָלקע בערנאַדאָט.

אַ טראַנספּאָרט יידן, וועלכע מען האָט געבראַכט קיין שווייץ צום אויסטויש, האָט מען אַוועקגעשיקט קיין מאַרסעי, וווּ מען האָט זיי געהאַלטן אַ קורצע צייט, און דערנאָך ווייטער געשיקט, מיט אַ שיף, קיין פיליפוויל, אין צפון־אַפריקע. דאָרט האָט מען זיי איינגעאָרדנט אין אונראַ־לאַגערס. די שווער קראַנקע האָט מען נישט מיטגעשיקט מיטן טראַנספּאָרט קיין מאַרסעי. זיי האָט מען געהאַלטן אין שפּיטאָל פון סאַן־גאַלען. זייערע משפחה־מיטגלידער האָט מען אָבער, לויט די כללים פון דער אויסטויש־קאָנווענץ, נישט געקאָנט איבערלאָזן אין דער שווייץ. מען האָט זיי פאַר־אייניקט מיטן אָפּגייענדיקן טראַנספּאָרט פון יידן.

פון די יידן, וועלכע האָבן געהאַט לאַטיין־אַמעריקאַנער דאָקומענטן, צווישן זיי 150 פּוילישע יידן, זענען פאַרבליבן אין בערגען־בעלזען ביז סוף פון דער מלחמה.

די יידן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין בערגען־בעלזען, און האָבן

געהאַט נאָמענטלעכע סערטיפיקאַטן און געדאַרפט אויסגעטוישט ווערן אויף פּאַלעסטינער דייטשן — האָבן זיך אָפּגעזאָגט. אויך אין די אַנדערע אויסטויש־לאַגערס האָבן די נאָמענטלעכע סערטיפיקאַטן געהאָלפן די יידן זיך צו ראַטעווען. אין אַ סך פאַלן האָבן געהאָלפן אויך פיקטיווע סערטיפיקאַטן. דאָס אַפּראַטעווען אויפן סמך פון די דאָזיקע סערטיפיקאַטן איז געווען אָפּהענגיק פון דעם גוטן ווילן אָדער גוטער שטימונג פון די דייטשן, וועלכע האָבן דורכגעפירט די קאָנטראָל פון די דאָקומענטן.

חוץ די אַלגעמיינע יידישע הילף־אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן זיך גע־פונען אין דער שווייץ, דאַרף אויך דערמאָנט ווערן אַ ספּעציעלע ארץ־ישראלדיקע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך געפונען אין לאָזאַן. זי האָט געהייסן „דעליווערענס". בראש פון דער אָרגאַניזאַציע איז געשטאַנען אַן ארץ־ישראלדיקער ייד, וועלכער האָט געוווינט אין דער שווייץ — נחום באָנשטיין. ער האָט צוזאַמען מיט ד"ר לעווי דע פּאַל, געגעבן גרויסע ממשותדיקע הילף די אַלע, וועלכע האָבן זיך געקליבן אָפּצופאָרן קיין ארץ־ישראל.

די אונטערהאַנדלונגען וועגן אויסטוישן די יידן פון די לאַגערס אין אייראָפּע זענען ווייטער אָנגעגאַנגען אין דער שווייץ, נאָך דעם ווי קאַסטנער און בעכער זענען אַהין אָנגעקומען. דעם יידישן צד האָט פאַרטראָטן, ווי שוין דערמאָנט, אין נאָמען פון דזשאָינט — סאַלי מייער. די ערשטע באַ־געגעניש איז פאָרגעקומען דעם 21סטן אויגוסט 1944 און האָט זיך געצויגן אַ פּאָר חדשים — אָן רעזולטאַט. דער דייטשישער צד האָט נאָך אַלץ פאַרלאַנגט 10.000 לאַסטאויטאָס פאַר דעם מיליאָן יידן, וואָס זיי האָבן געוואָלט אויסטוישן [104]. די יידן האָבן אָבער פאַרגעלייגט געלט.

די אונטערהאַנדלונגען, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן אין אונגאַרן מיט אייכמאַנען, וועלכער האָט אַחוץ די 10.000 לאַסטאויטאָס, געפאָדערט נאָך אַ פּאָר טויזנט טאָן טיי און קאַווע, ווי אויך זייף און אַנדערע אַרטיק־לען, זענען נאָך אַלץ געווען אין קראַפט. דער אויסטויש האָט געזאָלט גיין, ווי אייכמאַן האָט פאַרלאַנגט, דורך שפּאַניע. וואָס שייך ארץ־ישראל, האָט אייכמאַן באַין אופן נישט געוואָלט איינגיין אָוועקצושיקן אַהין די יידן. אייכמאַן האָט געטענהט, אַז פּאַלעסטינע קאָן נישט קומען אין באַטראַכט,

ווייל צוליבן אַפּמאַך, וואָס די דייטשן האָבן געשלאָסן מיטן מופטי פון ירושלים, וועט מען די יידן נישט קאָנען שיקן קיין טערקיי צום אויס־טויש — ווי עס איז פריִער געווען געפּלאַנט [105].

דערווייל זענען די אונטערהאַנדלונגען וועגן אויסטויש געבליבן שטיין אויף אַ טויטן פּונקט, צוליב דעם, וואָס די דייטשן האָבן כסדר געפּאָדערט לאַסטאַויטאָס און דער יידישער צד האָט אַלץ פאַרגעלייגט געלט, ווייל די אַלייִרטע האָבן זיך אָפּגעזאָגט צוצושטעלן דעם שונא לאַסטאַויטאָס.

אַ דורכברוך אין די אונטערהאַנדלונגען איז געקומען ערשט דעם 12טן יאַנואַר 1945. אין דעם טאָג האָט זיך מוסי געטראָפן אויף פיר אויגן מיט הימלערן און זיין ווילע אין ווילדבאַך (שוואַרצוואַלד). מוסי האָט צוגערעדט הימלערן צו רעזיגנירן פון דער פאָדערונג פון לאַסטאַויטאָס, וואָס די אַלייִרטע וועלן קיין מאָל נישט דערלויבן צוצושטעלן. ער האָט אים איבערצייגט איינצוגיין אויף אַ געלט־טראַנזאַקציע מיט די יידן. מוסי האָט אים איבערגעגעבן, אַז דער לייטער פון אַמט פאַר מלחמה־פּליטים, מעק־קלעלאַנד האָט אים געוויזן אַ טעלעגראַמע, וואָס ער האָט דערהאַלטן פון אַמעריקאַנער אויסערן־מיניסטער, וועלכער האָט צוגעזאָגט צו דעפּאָ־נירן אין אַ שווייצאַרישער באַנק צוואַנציק מיליאָן פראַנק פאַרן אויס־טויש פון אַ מיליאָן יידן. אַ פּנים, אַז די גרויסע סומע אין דעוויזן האָט אַפּעלירט צו הימלערן. ער האָט גלייך מודיע געווען זיין פאַרשטייער קורט בעכער, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט די אונטערהאַנדלונגען אין דער שווייץ, ער זאָל מסכים זיין אויף דעם פאָרשלאָג.

דאָס געלט (פינף מיליאָן דאָלאַר) האָט סאַלי מייער געדאַרפט באַקו־מען פון דזשאָינט אין אַמעריקע. דער ענין האָט זיך ווידער פאַרשלעפּט. סאַלי מייער האָט געהאַט צו זיין דיספּאָזיציע נישט מער ווי פיר מיליאָן שווייצאַרישע פראַנק. בעכער האָט געפּאָדערט דאָס גאַנצע געלט. קאַלטענ־ברונער, מילער און אייכמאַן זענען אָבער געווען קעגן הימלערס פּלאַן צו באַפרייען און צו ראַטעווען די איבערגעבליבענע יידן, אַזוי, אַז דאָס אומברענגען די יידן אין די גאַזקאַמערן איז ווייטער אָנגעגאַנגען אין ברייטן מאַסשטאַב. זיי האָבן זיך נישט גערעכנט מיט הימלערס פאַראָרדענונג פונעם 25סטן נאָוועמבער 1944 אָפּצושטעלן דאָס אומברענגען די יידן און

האָבן ווייטער, אין אַ פּאַרשנעלערטן טעמפּאָ, כסדר דעפּאָרטירט פון אונ־גאַרן די יידן אין די גאַזקאַמערן.

דאָס בייטיקע געלט אויסצוקויפן די יידן איז אַלץ נישט אָנגעקומען. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער נייער אַמעריקאַנער אויסערן־מיניסטער עדוואַרד סטעטיניוס האָט צוריקגעצויגן קאָרדעל האָלס דערלויבעניש צו־צושטעלן צו דער דיספּאָזיציע פון דזשאָינט אין דער שווייץ די פינף מיליאָן דאָלאַר. סטעטיניוס האָט אויך פאַרווערט אָנצוהאַלטן דעם ווייטערדיקן קאָנטאַקט מיט די נאַצישע שליחים אין דער שווייץ.

נישט באַקומענדיק דאָס געלט, האָט בעכער געהייסן אָפּשטעלן דעם טראַנספּאָרט יידן פון בערגען־בעלזען, וואָס איז אָנגעקומען צו דער שווייי־צאַרישער גרענעץ. דאַקעגן די אַנדערע נאַציס, וועלכע זענען געווען אין דער שווייץ, כדי צו פירן מיט די יידן אונטערהאַנדלונגען: די עס־עס־האַופּטשטורמפירערס גריסאָן, קרעל, קעטליץ, קרומעי און קרעמער האָבן געהייסן דעם פאַרהאַלטענעם טראַנספּאָרט יידן אַריבערפירן איבער דער גרענעץ קיין שווייץ. דאָרט האָט מען די יידן אינטערנירט און געהאַלטן זיי 9 חדשים צייט. דעם 2טן סעפּטעמבער 1945 זענען זיי ערשט אָפּגעפאָרן קיין חיפה. אויפן וועג קיין ארץ־ישראל זענען אין איטאַליע צוגעשטאַנען צו דעם טראַנספּאָרט נאָך 200 יידן.

די צוואַנציק מיליאָן פראַנק זענען קיין מאָל נישט אָנגעקומען. עט־לעכע הונדערט טויזנט יידישע לעבנס, וועלכע האָבן נאָך געקאָנט אָפּגע־ראַטעוועט ווערן, זענען צוליב די לאַנגדויערנדיקע אונטערהאַנדלונגען און די כסדרדיקע ענדערונגען אין די באַשלוסן פון די אָפיציעלע מאַכטאָרגאַנען, אומגעקומען. זיי האָבן נישט דערלעבט דעם טאָג פון באַפרייונג.

# הערות

1. לאַנדסבערג אַם לעש (אָבער־בייערן).
2. אויסצוג פון אַ דאָקומענט פון אינטערנאַציאָנאַלן מיליטער־געריכט אין ניי־רענבערג.
3. פון פּראָטאָקאָל פון אַ זיצונג אין רייכס־לופט־מיניסטעריום אין בערלין.
4. אַן אויספירלעכע באַשרייבונג פון האַנס גלאָבקעס טעטיקייט — אין בוך פון ט. ה. טעטענס: „דאָס נייע דייטשלאַנד און די אַלטע נאַציס".
5. דעם באַריכט האָט וויסליצעני געשריבן נאָך דעם, ווי ער איז פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט אין בראַטיסלאַוואַ (סלאָוואַקיע).
6. אויסצוג פונעם וואַנזע־פּראָטאָקאָל פונעם 20סטן יאַנואַר 1942.
7. פון ד"ר ערווין ליכטענשטיינס בוך: „די יידן אין דער פרייסטאַט דאַנציג, אונטער דער הערשאַפט פון נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם".
8. וואָס האָט לסוף געפירט צו די גאַזקאַמערן.
9. פון ד"ר ע. ליכטענשטיינס בוך „יידן אין דער פרייסטאַט דאַנציג".
10. פון בוך: „הייגריך הימלער" פון י. וואולף.
11. פון דער דאָקומענטן־זאַמלונג פון יענאַ לעוויי.
12. האַנס האַבע: „קאָנפערענץ אין עוויאַן".
13. זיין טאָגבוך האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם איבער דער וועלט.
14. זע: ס. אַדלער־רודעל: „די עוויאַנער קאָנפערענץ".
15. זע: ס. אַדלער־רודעל: „די עוויאַנער קאָנפערענץ".
16. פּראָפעסאָר נוימאַן איז געווען וועלטבאַרימט ווי דער גרעסטער לאַרינגאָלאָג.
17. האַנס האַבע: „די עוויאַנער קנפערענץ".
18. פון חודש יולי 1938
19. לויט דער סטאַטיסטיק פון דער יידישער אַגענץ אין ארץ־ישראל.
20. ס. אַדלער־רודעל: „די עוויאַנער קאָנפערענץ".
21. ס. אַדלער־רודעל: „די עוויאַנער קאָנפערענץ".
22. אַ שמד־באַשטעטיקונג.

23. ס. אַדלער־רודעל.

24. פון דוד פראַנקפורטערס בוך: „נקום״.

25. דעם 17טן יוני 1940.

26. אַן ארגאַניזאַציע אין רוסלאַנד, וואָס האָט געהעצט קעגן יידן און אָנגעפירט דאָרט מיט די פּאָגראָמען קעגן יידן.

27. „אַרבעטער־צייטונג״ — שאַפהאַוזען, פונעם 2טן אָקטאָבער 1939.

28. פונעם בוך פון אויזשען העזלער: „די שיף איז פול״.

29. פונעם בוך פון אויזשען העזלער: „די שיף איז פול״.

30. פון אברהם זילבערשטיינס אַרכיוו אין גענף.

31. יאָר 1943.

32. עסטרייך.

33. מיטאַרבעטער פון דער דייטשישער זיכערהייטס־דינסט (עס־דע).

34. מיטאַרבעטער פון דער דייטשישער זיכערהייטס־דינסט (עס־דע).

35. פונעם מוזיי־אַרכיוו א״נ פון יצחק קאַצענעלסאָן, קיבוץ פון די געטאָ־קעמפער אין ישראל

36. פונעם מוזיי־אַרכיוו א״נ פון יצחק קאַצענעלסאָן ,קיבוץ פון די געטאָ־קעמפער אין ישראל

37. דער זאַמלפונקט פאַר יידן צום „אויסטויש״.

38. אַ הילף־אינסטיטוציע פאַר יידן, עטאַבלירט דורך די דייטשן.

39. זע מלך נוישטאַט: „חורבן און אויפשטאַנד״.

40. זע אַרטור מאָרס: „ווען זעקס מיליאָן זענען אומגעקומען״.

41. אַ שמד־באַשטעטיקונג.

42. פון יאַנאַס טורקאָווס בוך: „אַזוי איז עס געווען״.

43. שאַנטאַזשיסטן, וועלכע האָבן זיך ספּעציאַליזירט אין אויסזוכן אויסבאַהאַלטענע יידן, צונעמען ביי זיי דאָס פאַרמעגן און לסוף זיי איבערגעבן צו דער געשטאַפּאָ.

44. זע אַדאַם טשערניאַקאָווס טאָגבוך.

45. פון „פנקס ראַדאָם״.

46. פון יאַנאַס טורקאָווס בוך: „אין קאַמף פאַרן לעבן״.

47. אַן אַגענטור אין געטאָ, וואָס האָט געדינט די דייטשן.

48. פון די אַקטן פון געטאָ־קאָמיסאַר אָורסוואַלד — נומ׳ H—1700.

49. פון די מאַטעריאַלן צום פּראָצעס פון וואַרשעווער געטאָ (עדות: ד״ר סטאַ־בענאָוו).

50. פון יאַנאַס טורקאָווס בוך: „אַזוי איז עס געווען״. און אברהם לוין: „מפנקסו של המורה היהודית״.

51. פון אַדאַם טשערניאַקאָווס טאָגבוך.
52. זאַמלפּלאַץ פאַר יידן, פון וואַנען עס זענען אָפּגעגאַנגען די באַנען צו די גאַזקאַמערן
53. די אונטערערדישע באַוועגונג האָט אויף די יידע געשטאַפּאָ־אַגענטן אַרויס־געטראָגן אַ טויטאורטייל. דער פסק־דין איבער לעאָן סקאָסאָווסקי איז אויס־געפירט געוואָרן אין וואַרשע. אַדאַם זשוראַווינען איז געלונגען צו אַנטלויפן און ער איז געבליבן לעבן.
54. גענעראַל וולאַסאָוו האָט דעזערטירט פון דער רויטער אַרמיי און געקעמפט מיט זיינע מיליטער־אָפּטיילונגען אויף דער זייט פון דער דייטשישער ווער־מאַכט. נאָך דער מלחמה האָט מען אים געמשפט אין סאָוויעט־רוסלאַנד און פאַרמשפט צום טויט דורך הענגען.
55. פון די זכרונות פון ד"ר פעליקס קערסטען און פון י. קעסעלס בוך: „דער מאַן מיט די וווּנדערהענט".
56. פון די זכרונות פון ד"ר פעליקס קערסטען און פון י. קעסעלס בוך: „דער מאַן מיט די וווּנדערהענט".
57. סעיס־אינקוואַרט איז בעתן נירענבערגער פּראָצעס פאַרמשפט געוואָרן צום טויט דורך הענגען.
58. פון די „וועסטערבאָרקער פּאַפּירן" — פון רייכס־אינסטיטוט פאַר קריגס־דאָקומענטאַציע אין אַמסטערדאַם (האָלאַנד).
59. דאָקומענטן: D .III .588 I .II.
60. סעיס־אינקוואַרט: „פיר יאָר אין נידערלאַנד".
61. אַרויסגעגעבן דורכן יידישן וועלט־קאָנגרעס אין יאָר 1961.
62. יעקב ראָבינסאָן: „אַ נייער איבערזיכט איבער דעם אייכמאַן־פּראָצעס".
63. פון פּאָליאַקאָוו־וווּלפס זאַמלונג פון דאָקומענטן „דער דריטער רייך און די יידן"
64. אין די ערשטע צייטן האָט מען נאָך געקאָנט קריגן די דערלויבעניש פאַר אַ גרויסן אָפּצאָל
65. ווענדונג (פונעם 13טן פעברואַר 1941) פון מיליטערישן באַפעלסהאַבער אין פראַנקרייך, פאַרוואַלטונגס־שטאַב, אָפּטיילונג־פאַרוואַלטונג, פּאַריז.
66. פון יורי סולס בוך: „די געשיכטע פון יידישן ווידערשטאַנד".
67. פון די אַקטן פון מיליטערישן באַפעלסהאַבער אין פראַנקרייך (פּאַריז, 13 פעב־רואַר, 1941).
68. פון דער דאָקומענטן־זאַמלונג: יידן אונטער דער איטאַליענישער אָקופּאַציע", טעלעגראַמע 2 7 4 3 — 15/5 0 0 2 8.
69. אַ פּאָליטישע אַנטיסעמיטישע באַוועגונג.

70. פון יאָנאָס טורקאָוס בוך: „אין קאַמף פאַרן לעבן".
71. אין יאָר 1938 זענען טיילן פון סלאָוואַקישע שטחים, מיט 40.000 יידן אַרײַ־בערגעגאַנגען צו אונגאַרן. לויט דער אָפיציעלער סטאַטיסטיק, פון דעצעמבער 1940, האָבן אין דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער סלאָוואַקיע געלעבט סך־הכל 88.951 יידן.
72. זע פרדקה מזיאס „רעים בסער".
73. וויסליצעני איז פאַר זיינע פאַרברעכערישע מעשים קעגן די יידן אין סלאָ־וואַקיע און אונגאַרן, און שפּעטער אויך אין גריכנלאַנד, פאַרמשפט געוואָרן צום טויט. ער איז אויפגעהאָנגען געוואָרן אין בראַטיסלאַווא אין יאָר 1947.
74. די אָנגעגעבענע ציפערן זענען גענומען פון ליוויה ראָטקירכנס אַרבעט וועגן די סלאָוואַקישע יידן („גשר", נומ' 3—2, יידישער וועלט־קאָנגרעס, ישראל, 1969.
75. פון בוך „ראָול וואַלענבערג" פון י. וואָלף.
76. פון די דאָקומענטן פון יענאָ לעוואַי „אייכמאַן אין אונגאַרן".
77. פון די דאָקומענטן נומ' 408, 2—23 (IV D) (1352) R. E., 3,135/42g 4a.
78. זע קאַפּיטל „אַנזאַג" (דאַנציג — ווין).
79. פון די אַרכיוון פון דייטשישן אויסלאַנד־מיניסטעריום (Inl. 2510/g).
80. פון די אַרכיוו־מאַטעריאַלן פון סטייט־דעפּאַרטמענט (מיקראָפילם־אַפּטייל), וואַ־שינגטאָן.
81. איבערגעגעבן דורך מיכאַל לאַסקער.
82. איבערגעגעבן דורך י. גאָלד.
83. איבערגעגעבן דורך י. גאָלד.
84. איבערגעגעבן דורך לעאָפּאָלד לינדענבאַום, געווען אינטערנירט אין טיט־מאָנינג.
85. יצחק קאַצענעלסאָן איז צוזאַמען מיט זיין זון צבי אַוועק פון וואַרשע, דורך האָטעל „פּאָלסקי", צום אויסטויש קיין וויטעל.
86. אייזנשטאַט און דודעלזאַק, ווי אויך עטלעכע אַנדערע יידן, איז געלונגען אויסצואַרבעטן אין וואַרשע ביי אַ געוויסן באַאַמטן פון פּערוּאַנער קאָנ־סולאַט דאָקומענטן, וואָס האָבן זיי דערמעגלעכט אַרויסצופאָרן קיין וויטעל צום אויסטויש. אייזנשטאַט און דודעלזאַק האָבן זיך געראַטעוועט, די אי־בעריקע יידן מיט די זעלביקע דאָקומענטן זענען אומגעקומען.
87. אויסצוג פון פּראָטאָקאָל פון בונדעסראַט־זיצונג פונעם 12טן פעברואַר 1943.
88. זע עדגאַר באָנזשור: „די געשיכטע פון שווייצאַרישער נייטראַליטעט".
89. בריוו פון פּראָפעסאָר לודוויג צו פאָן שטיינער (פון שטאַטסאַרכיוו אין באַזעל).
90. „פאָלקסרעכט", נומ' 258, פונעם 3טן נאָוועמבער 1943.

91. בריוו נומ׳ 79B/P.J./76/45 (פון א. זילבערשיינס אַרכיוו).

92. פון זילבערשטיינס אַרכיוו. (יד־ושם, ירושלים).

93. זע באַנזשור: „די געשיכטע פון שווייצאַרישער נייטראַליטעט״.

94. אויסצוג פונעם בריוו פון שווייצאַרישן געזאַנדטן אין בערלין פונעם 11טן סעפטעמבער 1944.

95. פונעם אַרכיוו פון פּאַריזער צענטער צו באַקעמפן ראַסיזם און אַנטיסעמיטיזם.

96. „וועלאַדראָם ד׳היווער״, „אַקציאָן זשוויף״ (יידן־אַקציע).

97. פון נחמן בלומענטאַלס „ביאַליסטאָקער געטאָ״.

98. מיט אַנדערע ווערטער האָט עס געדאַרפט הייסן: נישט פאַרנעמען זיך בכלל מיטן גאַנצן ענין...

99. פון פּראָטאָקאָל־העפט לאַנגרובער, פונעם 6טן פעברואַר 1945.

100. פונעם אַרכיוו פון בית לוחמי הגיטאות ע״ש יצחק קצנלסון.

101. אין איין פאַל האָט עס זיך געהאַנדלט וועגן דער משפחה גאָרדאָן.

102. פון י. קעסעלס בוך: „דער מאַן מיט די וונדערהענט״ און פון פעליקס קערסטענס „זכרונות״.

103. איבערגעגעבן דורך י. ווייס.

104. דעמאָלט איז שוין אַפילו אַ מיליאָן לעבעדיקע יידן נישט געווען בנמצא.

105. פון אַלעקס ווייסבערגס בוך: „די געשיכטע פון יואל בראַנד״.

# ביבליאָגראַפיע

ADLER, M. G., THERESIENSTADT 1941—1945
J. C. B. Mohr TUEBINGEN, 1960

ADLER-RUDEL, S., Das Auswanderungsproblem im Jahre 1936
(Biuletin des Leo Baeck-Institute 1967)

ADLER-RUDEL, SHALOM, Ostjuden in Deutschland
1880—1940 ; J. B. Mohr TUERINGEN, 1959

ADLER-RUDEL, S., The Evian-CONFERENCE ON THE
REFUGEE-QUESTION (Leo Baeck-Iinstitute) Year-Book 31
London—Jerusalem—New York, 1968

ARBEITER ZEITUNG, Schafhausen — 2. Oktober, 1939

BENTWICH NORMAN, They Found Refuge, The Cressel Press
London, 1956

BERG, MIRIAM., Warsaw Diary, New York, 1945
Yad Vashem — Yivo, N. Y. 1962

BRAHAM, RANDOLPH L., The Hungarian Jewish Catastrophe.
Yad Vashem — Yivo ;N. Y. 1962

BRUSTO, MAX., Im Schweizer Rettungsboot, Dokumentation,
Starczewski-Verlag, Muenchen, 1947

BUCHER, RUDOLF., Zwischen Verrat und Menschlichkeit
, Erlebnisse eines Schweizer Arztes an Deutsch-Russischen
Frankfurt — Stuttgart, 1967
Front, 1941—1942

CENTRE DE DOCUMENTATION JUIVE CONTEMPORAINE, PARIS

CHURCHIL, Sir, WINSTON., The Second World War, Houghton Mifflin, Boston, 1948—1952

„DAS REICH" — Berlin, 16.2.1941

DEPARTMENT OF STATE, PRESS RELEASE, WASHINGTON, April 2. 1946

DEUTSCHE ZEITUNG in den Niederlanden, Haag, 1941

DEUTSCHE ZEITUNG IN OSTLAND, 31. Mai, 1942

DOKUMENTE des INTERNATIONALEN MILITAERGERICHTSHOF, Nuerenberg

EDEN, ANTHONY, The Memoirs of Anthony Eden, Boston — Houghton Miffling, 1962

EICHMAN, ADOLF., Police D'Israel, Quartier General I—606, 6-eme Bureau 6,3564

EISENHOWER, DWIGHT., Crusade in Europe, New York, Doubleday, 1948

ESSER HERMANN., Die Juedische Weltpest, Franz Eher-Verlag, Muenchen, 1939

Crown Publishers Inc. New York, 1957

FLENDER, HAROLD., Rescue in Denmark, Simon and Schuster, New York, 1963

FRIEDLAENDER, SAUL., Pius XII and the Third Reich, Knopf, New York, 1966

FRIEDMAN, PHILIP., Their Brothers Keepers, Crown Publishers Nnc. New York, 1957

GOLDMANN, NAHUM., The Autobiographie of Nahum Goldmann (Sixty years of Jewish Life). Translated by Helen Seaba, New York, Holt, Rinchart and Winston, 1969

GOLDMANN, NAHUM., STAATSMANN OHNE STAAT
(Autobiographie), Koeln, Kieperheuer and Witson (1970)
GOLDSTEIN, BERNARD., The Stars Bear Witness,
New York, 1949
HABE, HANS., ALL MY SINS, George G. Harrap Co. Ltd.
London, 1957
HABE, HANS., Die Mission, Curt Diesch, G.m.b.H..,
Muenchen — Wien — Basel
HAESLER, ALFRED A., Das Boot ist voll (Die Schweiz und
die Fluechtlinge) ; 1933—1945, Fretz und Wasmoth 1947
HAY, MALCOLM., Europe and the Jews, Boston, Beacon Press,
1960
(The) HEBREW UNIVERSITY OF JERUSALEM
(National and University Library)
HILBERG, RAUL., The Destruction of the European Jews,
Chicago Quadrangle Books, 1961
HIRSHMANN, IRA., Life Line to a Promised Land,, New York,
Vangard Press, 1946
HITLER, ADOLF., Mein Kampf — 1925
HOCHHUTH, ROLF., The Representative (The Deputy),
Translated by R. D. Macdonald, London, Methuen, 1963
HULL, CORDELL., The Memoirs of Cordell Hull, New York,
Macmillan, 1948
ICKES, HAROLD., The Secret Diary of Harold L. Ickes,
New York, Simon and Schuster, 1954
ISRAELITISCHES WOCHENBLATT FUER DIE SCHWEIZ,
11. September, 1942
JONG, L. De., Jews and Non-Jews in Nazi Occupied Holland,
London, 1962
KAPLAN, JACOB, Grandrabi., French Jewry under the

Occupation (The American Jewish Yearbook, Vol 47), New York, 1945

KASTNER-BERICHT ueber Eichmanns MENSCHENHANDEL IN UNGARN, Muenchen, Kindler, 1961

KATZENELSON, YITZHAK., Vittel Diary, Ghetto Fighters House in Memory of Itzhak Katzenelson, Israel

KERSTEN, FELIX Dr., Totenkopf und Treue — Heinrich Himmler ohne Uniform — Robert Moellich, Hamburg, 1952

KERSTEN, FELIX., The Kersten Memoirs (1940—1945) with an Introduction by M. R. TREVOR-ROPER, translated from German by Constantine Fritzgibbon and James Oliver, London, Hutchinson, 1956

KESSEL, JOSEPH., The Man with the Miraculous Hands. Farrar Straus Cudahy, New York, 1961

KUBOWITZKY (KUBOWY), LEON A. Unity in Dispersion, New York, World Jewish Congres, 1948

LAPIDE, PINCHAS, E., Three Popes and the Jews, Hawthorn Books, Inc. Publishers, New York, 1967

LEVAI, I., Judenschicksal in Europa, Zuerich, 1949

LEVAI, JENO., Eichmann in Hungary (Documents), Paundnia-Press, Budapest, 1961

LEVAI, EUGEN., Black Book on the Martyrdom of Hungarian Jewry, Zuerich, Central European Times Publishing Co., 1948

LEWY, GUENTNER, Pius XII, The Jews and The German Catholic Church, Commentary, New York, February, 1964

LICHTEN, JOSEPH., Pius XII and the Jews, Washington D. C. National Catholic Welfare Conference, 1963

LICHTENSTEIN, ERWIN Dr., Die Juden der freien Stadt Danzig unter der Herrschaft des National-Sozialismus (Manuscript)

LUDWIG, GERARD., Massenmord im Weltgeschehen, Stuttgart, Friedrich Vorwerk, 1951

LUDWIG, CARL., Die Fluechtlingspolitik der Schweiz in den Jahren 1933 bis 1945, Bern, 1957

MALCOLM, NEILL, Sir., Records of the Plenary Meeting of the Committee of Refugees, London, 1945

MARCUSE, LUDWIG., Mein Zwanziges Jahrhundert, Muenchen, 1960

MESKIL, PAUL., Hitlers Heir's, Pyramid Books, New York, 1961

(Der) MILITAERBEFEHLSHABER IN FRANKREICH, Verwaltungstab, Abteilung —Verwaltung, Paris, 13. Februar, 1941

MORGENTHAU, HENRY Jr., Diaries, New York, 1947

MORGENTHAU, HENRY Jr., Germany is our problem, New York, Harpers Brothers, 1945.
Copy of the memorandum summarizing „THE MORGENTHAU Plan"

MORGENTHAU, HENRY Jr., Article in Colliers Magazine, New York, November 1947

MORSE, ARTHUR D., While Six Million Died, Random House, New York, 1968

MUENCHENER NEUESTE NACHRICHTEN, July 19. 1938, August 14. 1940

MOUVEMENT CENTRE LE RASISME et L'ANTISEMITISMUS, Paris

„NATION" (SWITZERLAND) No. 34, 1942

(The) NATIONAL ARCHIVES AND RECORDS SERVICE (Collection World War 2, Division Record Group)
State Department, Washington D. C.

NETHERLANDS STATE INSTITUTE
for WAR DOCUMENTATION, Amsterdam
NEUE ZUERICHER ZEITUNG: 19.IX.1939, 8.II.1941,
13.IX.1942
NEUMANN, OSCAR., IM SCHATTEN DES TODES,
Tel Aviv, Olamenu, 1956
(The) NEW WORLD FAMILY ENCYCLOPEDIA,
Vol. 17/4605, New York, 1956
(The) NEW YORK TIMES, July 20. 1944
PAPEN, FRANZ von., MEMOIRS, translated by Brian Connel,
London, A. Deutsch, 1952
PENDORF, ROBERT., Moerder und Ermordete,
Hamburg, Ruetten u. Loening, 1961
PIOTROWSKI, STANISŁAW, Dziennik Hansa Franka,
Wydawnictwo Prawnicze, Warszawa, 1956
POLIAKOV, LEON-WULF JOSEF, Das Dritte Reich und die
Juden (Dokumente)
Arania-Verlag, Berlin — Grunewald, 1955
POLIAKOW, LEON-WULF JOSEF,
Das Dritte Reich und seine Diener,
Arania-Verlag, Berlin, 1956
PRAGER TAGEBLATT, 12/7. 1938
PROCEEDINGS of the Intergovernmental Committee
(Reports of the Technical Subcommittee, adopted by the
Committee on July 14.1938
PROTOCOLLHEFT LEINGRUBER,
February 6.19.1948 (Switzerland)
PUBLIC LIBRARY, New York
RECORD OF THE MEETING OF THE COMMITTEE.
Resolutions and Reports, London, July, 1938

RECORDS OF THE REICH LEADER OF THE S.S.
and CHIEF OF THE GERMAN POLICE

REICHSINSTITUTE FUER KRIEGSDOKUMENTATION,
Amsterdam

REITLINGER, GERALD., Endloesung,
Colloquium-Verlag, Berlin
New York, Beechurst Press, 1953

REITLINGER, GERALD., The Final Solution : The Attempt to
Exterminate the Jews of Europe,
New York, Beeckhurst Press, 1953

ROBINSON, JACOB., and PHILIP FRIEDMAN :
Guide to Jewish History under Nazi Impact. New York :
Yad Vashem — Yivo, 1960

ROBINSON, JACOB.,
AND THE CROOKED SHALL BE MADE STRAIGHT,
The Mac Millan Co. New York, 1965

ROOSEVELT, ELEONOR., This I Remember,
New York, Harper Bros, 1949

SAWICKI, GEORGE.,
From Nuerenberg to the New Wehrmacht,
Polonia Publishing House, Warsaw, 1957

SCHAFFHAUSER ZEITUNG, 9.9.1942

SCHELLENBERG, WALTER., Memoirs, London, 1956

SCHLAMM, HELLMUTH Dr., Die Juedischen Ritualmorde,
Theodor Frisch Verlag, Berlin, 1943

SHIRER, WILLIAM.,
„The Rise and Fall of the Third Reich",
New York, 1943, Alfred Knopf

SHIRER, WILLIAM,
„BERLIN DIARY" (1934—1945),

Hamish-Hamilton, London, 1939
SCHWEIZER BEOBACHTER (Der)., Nr. 12, 1968
SCHWEIZARISCHER ISRAELITISCHER GEMEINDEBUND
„JUNA“, Pressestelle, Bern
SEYS-INQUART., Vier Jahre in den Niederlanden
(Gesammelte Reden), Volk und Reich, Amsterdam, 1944
SIMPSON, JOHN HOPE.,
The Refugee-Problem, Oxford University Press, London 1939
S.S. IN EINSATZ,
Eine Dokumentation ueber Verbrechen der S.S.,
Kongressverlag, Berlin, 1960
STAFF, ILSE., Justitz im Dritten Reich,
Frankfurt a/M., Fischer Buecherei, 1964
SUHL, YURY., They Fought Back
(The Story of the Jewish Resistance in Nazi Europe),
Crown Publishers, New York, 1967
SYRKIN, M., Blessed Is The March, New York, 1947
TARTAKOWER, ARIEH and KURT GROSSMAN.,
„The Jewish Refugee“,
Institute for Jewish Affairs, New York, 1944
TENENBAUM, J., Race and Reich, New York, 1956
TETENS, T. H., The New Germany and The Old Nazis,
Martin Secker and Warburg, London, 1962
TOYNBEE, ARNOLD and VERONICA., Hitlers Europe,
(London, New York, Toronto), Oxford University Press, 1954
TREVOR-ROPER., Kersten, Himmler and Count Bernadotte,
The Atlantic Monthly, February, 1953
VASEK, ANTON., Die Loesung der Judenfrage,
Bratislava, Globus, 1942

VERDET, ANDRE., La Nuit N'est Pas La Nuit
Ed. Francais Reunis, Paris, 1947
VESTERBORKER PAPIERE,
Reichsinstitute fuer KRIEGSDOKUMENTATION,
Amsterdam
VOLK und REICH, Amsterdam, 1944
„VOLKSRECHT" — Zuerich.,
Wie war es denn damals (Regina Kaegy-Fuchsmann),
No. 258, November 1943 ; No. 302, Dec. 24, 1965
WARMBRUNN, WERNER., The Dutch under German Occupation,
London, Oxford University Press, 1963
WEINREICH, MAX., Hitler's Professors,
Yiddish Scientific Institute — Yivo, New York, 1946
WELTLINGER, SIGMUND., Hast du schon vergessen ?
Frankfurt a/M. — Gesellschaft fuer Christlich-Juedische
Zusammenarbeit, 1954
WEISSBERG, ALEX., Die Geschichte von Joel Brand,
Verlag Tel Aviv, 1958
(The) Wiener LIBRARY ARCHIVE, London
WISE, STEPHEN S., Challenging Years ;
Putman, New York, 1949
WISHNITZER, MARK., To Dwell In Safety,
Jewish Publication Soc., Philadelphia, 1948
WULF, JOSEF., Raoul Wallenberg,
Colloquium Verlag, Berlin, 1958
WULF, JOSEF., Heinrich Himmler,
Arani-Verlag, Berlin, 1960
WULF, JOSEF., Das Dritte Reich und SEINE VOLLSTRECKER,
Arani-Verlag, Berlin, 1961
WULF, JOSEF., Die Nuerenberger Gesetze,

Arani-Verlag, Berlin, 1960
YAHIL, LENI.,
Test of Democracy. The Rescue of Danish Jewry in World War.
The Magnus-Press — The Hebrew University — Yad Vashem, Jerusalem, 1966
ZEITSPIEGEL (DIE WELTWOCHE),
Staatspolizei in einer Demokratie,
Zuerich, November und December, 1966

**בית הספרים הלאומי והאוניברסיטאי**, ירושלים.
**בלומענטאַל, נחמן**, ביאַליסטאָקער געטאָ — יד ושם, ירושלים, 1962.
**בלומענטאַל, נחמן**, דער וועג פון יודנראַט.
**גאַר, יוסף**, ביבליאָגראַפיע פון אַרטיקלען וועגן חורבן און גבורה אין יידישער פעריאָדיקע, יד־ושם — ירושלים, ייווא — ניו־יאָרק, 1966.
**דפים לחקר השואה והמרד**, סדרה שניה — מוסף א׳ (העורכים: צבי שנר, שלמה דרק), בית לוחמי הגיטאות, ע״ש יצחק קצנלסון, הוצאת הקיבוץ המאוחד — תש״ל.
**האנציקלופדיה העברית**, מכרך שלישי עד כרך ששה עשר, ירושלים — תל־אביב, 1967.
**וולאַדקע-פייגעלע פעלטעל-מיענדזיזשעצקי** — פוןביידע זייטן געטאָ־מויער, אַרבעטער־רינג, ניו־יאָרק, 1948.
**זילבערשיין, אברהם** — אַרכיוו־מאַטעריאַלן.
**טווערסקי, אהרן** — איך בין דער קרבן און דער עדות, ניו־יאָרק, 1947
**טורקאָוו, יאָנאַס** — אַזוי איז עס געווען; פאַרלאַג: דאָס פוילישע יידנטום, בוענאָס־איירעס, 1948.
**טורקאָוו, יאָנאַס** — אין קאַמף פאַרן לעבן!; פאַרלאַג: דאָס פוילישע יידנטום, בוענאָס־איירעס, 1949.
**טורקוב, יונס** — היה היתה וארשה יהודית, מפעלי תרבות וחינוך, תל־אביב, תש״ל 1969, תורגם מיידיש: ישראל זמורה.

ייווא־אינסטיטוט, ניו־יאָרק.
**לבנטל, זדנקו** — יהודי יוגוסלאביה במחתרת ובמלחמת השחרור היוגוסלא־ בית („גשר״) 54—55 הוצ׳ הקונגרס היהודי העולמי, ישראל, ניסן, תשכ״ח.
**לוין, אברהם** — פנקסו של המורה מיהודיה; גיטו וארשה אפריל 1942 — ינואר 1943, בית לוחמי הגיטאות ע״ש יצחק קצנלסון, תש״כ.
**ליוור, דוד** — עיר המתים (השמדת היהודים באיזור זגלמביה), נ. טברסקי חברה בע״מ, תל־אביב, תחש״ן.
**לעשטשינסקי, יעקב** — באַלאַנס פון דער עקסטערמינאַציע, וועלט־קאָנגרעס, 1961.
**מזיא, פרדקה** — רעים בסער (נוער ציוני במאבק עם הנאצים, יד ושם, ירושלים, תשכ״ד.
**נײַשטאַדט, מלך** — (איבערזעצט פון העברעאיש: ד. ב. מאלקין) חורבן און אויפשטאנד פון די יידן אין ווארשע, הסתדרות הכללית אין ארץ־ ישראל, תל־אביב, 1948.
**נשמית, שרה** — מאבקו של הגטו, מפעלי תרבות וחינוך, תל־אביב, 1968.
**פאָליאַקאָוו, ל.** און **זשאַק, סאַביל** — יידן אונטער דער איטאַליענישער אָקופּאַציע (יידיש: אסתר שטאַרקשטיין), פאַרלאַג: דאָקומענטאַציע־ צענטער — פאריז, 1952.
**פראַנקפורטר, דוד** — „נקום״ תרגום מגרמנית: שלום בן חורן.
**צ׳רניאַקוב, אדם** — יומן גיטו וארשא, 6.9.1939 — 23.7.1942. יד ושם, ירושלים, תשכ״ט.
**קרוק, הערמאַן** — טאָגבוך פון ווילנער געטאָ ייווא — ניו־יאָרק 1961.
**ראַדאָמער פנקס** — (יזכור־בוך ראַדאָם), ישראל 1969.
**רוטקירכן, ליוויה** — קווים לקורות יהודי סלובקי (גשר) — בהוצאת הקונגרס היהודי העולמי (59—60), ישראל, תשרי, תש״ל.

# זוכצעטל פון נעמען

## א

## ו

## מ



## נ

## פ



## צ



## ק

## ר

## ש

# זוכצעטל פון לענדער, שטעט און ערטער

## א

## ב

## ג



## ד

## ה



## וו

## ז



## ח



## ט

## י



## כ



## ל

## מ



## נ

## ס

# ע



# פּ



# פ

# ביכער פון יאָנאַס טורקאָוו

**יידיש:**

װעגװײַזער פאַר דראַמאַטישע קרייזן — װאַרשע, 1924

אַזוי איז עס געװען (חורבן װאַרשע) צענטראַל־פאַרבאַנד פון פוילישע יידן, בוענאָס־איירעס, 1948

אין קאַמף פאַרן לעבן — צענטראַל־פאַרבאַנד פון פוילישע יידן, בוענאָס־איירעס, 1949

פאַרלאָשענע שטערן 2 בענד — בוענאָס־איירעס, 1953, באַקומען די צבי קעסעל־פרעמיע פאַר ליטעראַטור, מעקסיקע 1954

נאָך דער באַפרייונג — צענטראַל־קאָמיטעט פון פוילישע יידן, בוענאָס־איירעס, 1959

דזשאָר פאָול — בוענאָס־איירעס — ניו־יאָרק, 1959

**העברעיש:**

היה היתה ורשה יהודית — „תרבות וחינוך", תל־אביב, 1969, (פרס יצחק בן־צבי ז"ל, נשיא מדינת ישראל, לשנה תש"ל — ירושלים)

**ענגליש:**

THE WARSAW GHETTO UPRISING,
World Jewish Congress, London, April 1968.

שפאניש:

EL LEVANTAMIENTO DEL GHETTO DE VARSOVIA,
Congresso Judio Mundial, BUENOS AIRES, 1968

MORDEJAY ANIELEVICH,
Congreso Judio Mundial, Buenos Aires, 1968.

EMANUEL RINGELBLUM
Congreso Judio Mundial, Buenos Aires, 1969.

ALA GOLOMB-GRYNBERG,
Congreso Judio Mundial, Buenos Aires, 1970.